# ײדן
# גײבן
# זײ
# נײט
# אונטער

## זלמן יעפּרויקין

# ווידן
# גייבן
# זייד
# נייט
# אונטער

---

פאַרלאַג „אַרבעטער-רינג"
ניו-יאָרק 1966

## מיינע רייזע-איינדרוקן

פון אַ לענגערן באַזוך, זומער 1964, אין די קאָמוניסטישע לענדער פון מזרח-אייראָפּע, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אין „פֿאָר־ווערטס״, אין האַרבסט 1964 און זיך פֿאַרענדיקט אין 1965, ברענג איך איצט דעם ייִדישן לייענער אין בוך-פֿאָרעם.

אין לויף פֿון מיין דערציילונג גיב איך איבער די מאָטיוון, וואָס האָבן מיך באַוועגן צו מאַכן די רייזע.

איך האָב געזען פֿאַר זיך חורבן, אָבער גלייכצייטיק אויך אַ ווילן ווייטער צו לעבן. אומעטום, אין די אַלע לענדער, איז ניט אויסגעלאָשן דער ייִדישער פּונק און דער ווילן ווייטער צו זיין אויף דער וועלט. רוף איך דעריבער מיין בוך — רייזע-איינדרוקן — מיט דעם נאָמען: „ייִדן גיבן זיך ניט אונטער״. דער נאָמען גיט איבער אין איין פֿראַזע די איינדרוקן וואָס איך האָב געקראָגן בעת מיין רייזע.

איך האָב געפֿונען, אַז אין יעדן ייִדישן ישובֿ, ווי קליין ער זאָל ניט זיין, זיינען געווען און זיינען פֿאַראַן כוחות, וואָס בויען אינסטיטוציעס, באַמיען זיך אויפֿהאַלטן אַ ייִדיש לעבן, וואָס זאָרגן זיך דער ייִד זאָל זיך ניט פֿילן אַ פֿאַרלוירענער, אַן איינזאַמער אין דער גרויסער ניט־ייִדישער וועלט, וואָס רינגלט אים אַרום.

דער ייִד איז דאָך תמיד געוואוינט געווען צו לעבן צווישן ייִדן און מיט ייִדן. אומעטום האָב איך באַגעגנט בויענדיקע כוחות וואָס

טוען אַלץ אַז דאָס רעשטל אָפּגעראַטעוועטע ייִדן זאָל ניט נאָר לעבן מיט די פּיינלעכע דערינערונגען פון נעכטן, אויך ניט בלויז מיט בענקעניש נאָך דעם אַמאָל, נאָר אָננעמען זיך מיט אַ נייעם ווילן אַריינצוטראָגן אינהאַלט אין דעם ייִדישן היינט און באַזינונג פאַר ווייטערדיקער עקסיסטענץ מאָרגן.

צו וואָס די באַמיאונגען וועלן פירן איז שווער פאָרויסצוזאָגן. מיר, ווי אַ זייטיקן, האָט זיך אָפט געדוכט, אַז אַלץ איז פאַרלוירן. זיינען אָבער אין יעדן לאַנד פאַראַן געניג אַקטיווע, ווירקנדיקע עלעמענטן, וואָס טראַכטן גאַנץ אַנדערש, וואָס זיינען איינגעשפּאַרט און גלייבן אין אַ ייִדישער צוקונפט. דעם גלויבן ווילן זיי אויפהאַלטן ביי זייערע פיל־געפלאָגטע ברידער.

ווען איך האָב דאָס געזען, האָט זיך אויך ביי מיר אויפגעוועקט אַ גלויבן, אַז ניט אַלץ איז פאַרלוירן, אַז אפשר וועט נאָך אַמאָל זיין אַ ייִדישער מאָרגן אין די אַלע לענדער.ביידע געפילן — פון צווייפל און האָפענונג — קומען צום אויסדרוק אין מיינע באַשרייבונגען.

ייִדישע עקשנות צו זיין אויף דער וועלט איז ניט איין מאָל בייגע־קומען די צעשטערנדיקע כוחות — אינערלעכע און אויסערלעכע — די כוחות וואָס האָבן געשטעלט אין געפאַר די ייִדישע עקסיסטענץ. אָט די עקשנות, וואָס איז פאַראַן אין יעדן לאַנד, וואָס איך האָב באַזוכט, דאַרפן מיר, די אַמעריקאַנער ייִדן, באַזונדער די אַמעריקאַנער גרויסע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, אונטערהאַלטן מיט אַלע מיגלעכ־קייטן. דאָס איז אונדזער חוב.

בעת מיין רייזע, ווען איך האָב גערעדט מיט מענטשן, זיך צוגעקוקט צו דעם אַרום, באַזוכט בתי־מדרשים, בית־עלמינס, מוזייען און אַנדערע אינסטיטוציעס, געזען די אַמאָליקע פאַרניכטונג־לאַגערן, האָבן ביי מיר זיך אויפגעוועקט פאַרשיידענע געפילן, זיינען ביי מיר אויפ־געקומען פאַרשיידענע שטימונגען, זיינען אַרויפגעשוואומען אין מיין זיכרון אַסאָציאַציעס פון דעם געשיכטלעכן אַמאָל. באַנוגן איך מיר ניט בלויז מיט באַשרייבונגען, בלויז מיט באַריכטן, נאָר איך גיב אויך איבער מיינע געפילן, שטימונגען און אַסאָציאַציעס. ווען נייטיק, כדי עס זאָל זיין קלאָרער און פאַרשטענדלעכער דער היינט אין די אַלע לענדער. שטעל איך מיר אָפּ אין קורצן אויף דעם נעכטן, אויף דעם אַמאָל, ברענג געשיכטלעכע פאַרגלייכן און אויך פאַקטן, וואָס העלפן בעסער פאַרשטיין דאָס איצטיקע לעבן.

אין שרייבן דאָס בוך האָט איך געהאַט אַ שטילן שותף, מיין פרוי איימי — געבוירענע בערעזין. זי איז די, וואָס דערמוטיקט מיך צו פאָרן איבער דער וועלט. ווען מיר פּלאַנירן אַ רייזע, רעכנט זי זיך דער עיקר מיט מיינע אינטערעסן, וואָס זיינען אייגנטלעך אויך אירע. בעת די רייזעס איז זי ניט קיין זייטיקע באַגלייטערין, אָדער אַ מיט־פאָרערין, נאָר אַן אַקטיווע מיטבאַטייליקערין, זי איז אַ גוטע באַאָבאַכ־טערין, איר אויג באַמערקט זאַכן און איר זיכרון פאַרגעדענקט אַ סך. דאָס איז מיר שפּעטער גוואַלדיק צו ניץ געקומען, בעת איך האָב געשריבן מיינע איינדרוקן. איר גוט אויג און זיכרון זיינען תמיד מיר געקומען צו הילף. זי האָט אויך געלייענט דעם מאַנוסקריפּט און גאָר אָפט מיר געגעבן וויכטיקע עצות.

ווידמע איך איר דאָס דאָזיקע בוך און דריק איר דאָ אויס עפנטלעך מיין דאַנק.

אַ דאַנק קומט דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", מיין אַלטן, גוטן פריינד, ד"ר ל. פאָגעלמאַן, פאַר זיינע ביז גאָר ניצלעכע אָנווייזונגען און עצות, אוודאי פאַר דעם אינטערעס וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן, ווען איך האָב געשריבן די רייזע־איינדרוקן און פאַר זיין שטענדיקער דערמוטיקונג.

איך וויל אויך באַדאַנקען מיינע חברים תנחום בערנשטיין און מאַטיס אָליצקי. דעם ערשטן, וואָס ער האָט זיך באַקענט מיט דעם מאַנו־סקריפּט און געמאַכט וויכטיקע באַמערקונגען, דעם צווייטן, וואָס ער האָט מיר געהאָלפן מיט דער קאָרעקטור פון בוך. פאַר זיינע אָנווייזונגען און דערמוטיקונגען — אַ דאַנק דעם חבר י. זילבערבערג. אַ דאַנק מיין גוטן פריינד ישראל לאַנדאַן, דעם אייגנטימער פון „מאַרסטין פּרעס", וואָס ער האָט מיר פאַרגרינגערט דאָס בוך אַרויסצוגעבן.

אַ דאַנק, פאַרשטייט זיך, קומט דעם בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבע־טער־רינג, וואָס ער האָט צוגעשטימט דאָס בוך זאָל אַרויסגיין אין זיין פאַרלאַג.

זלמן יעפרויקין

# אַרײַנפֿיר

איך בין מיט צוויי יאָר צוריק געווען אין רוסלאַנד, געזען די גרויסע פֿאַרשווּעכונג פֿון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, געזען ווי אַ גרויס פֿאָלק לעבט אין טראַנס, אײַנגעשלעפֿערט פֿון זיסע שלאָף־פּילן און חלומט, אַז מען איז גליקלעך, אַז נאָך אַ גליקלעכערער מאָרגן וועט ערשט קומען, און דערווײַל... לײַדט מען שטיל און אונטערטעניק. איך האָב געזען ווי אין אָט דעם גרויסן לאַנד, וואו עס האָט אַמאָל געקאָכט דאָס ייִדישע לעבן, אַז אין דעם לאַנד וואָס האָט אַמאָל אַרויסגעגעבן ייִדישע דענקערס, געלערנטע, גרויסע רבנים און תּלמידי־חכמים, שאַפֿערס פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, אַז אין דעם לאַנד איז בײַ ייִדן איצט שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. האָט מען דאָך דאָרטן גײַסטיק דערשטיקט מײַנע ברידער און שוועסטער. האָב איך וועגן דעם דערצײלט דעם ייִדישן לייענער, די ייִדישע פֿאָלקס־מענטשן אין אַמעריקע.

הײַ־יאָר בין איך געפֿאָרן אין טשעכאָסלאָוואַקיע, פּױלן, אונגאַרן, רומעניע, יוגאָסלאַוויע, אין די לענדער, וואו עס האָט אַמאָל געבליט אַ ייִדיש לעבן, כּדי כאָטש אומדירעקט איבערצולעבן דעם גרויסן חורבן. אויב איך בין אַליין ניט געווען אין טרעבלינקע — טאָ לאָמיך כאָטש איבערלעבן אין געדאַנק דאָס וואָס מײַנע צוויי שוועסטער האָבן איבערגעלעבט ממש, לאָמיר זען די פֿאַרשאָלטענע ערד, וואו מײַנע צוויי שוועסטער זײַנען אומגעקומען, וואו מען האָט אומגעבראַכט מיליאָנען אונדזערע ברידער און שוועסטער. לאָמיר זען, זאָל זײַן פֿון דרויסן, ווי אַזוי האָט אויסגעזען מאַידאַנעק, זאָל אין מײַן נשמה טיפֿער אַרײַנדרינגען דער ווייטיק פֿון מײַנע אומגעקומענע ברידער. לאָמיר דאָרטן אַוועקשטעלן אַ ליכטל נאָך זייערע הייליקע נשמות.

לאָמיר זען ווי עס לעבן די איבערגעבליבענע, די אָפּגעראַטעוועטע ברידער מײַנע, ווי פֿילן זיי, וואָס טראַכטן זיי. זײַנען זיי דאָך איצט די אײַנזאַמסטע און, ווער ווייס, אפֿשר אויך די טראַגישסטע ייִדן און מענטשן. לאָמיר הערן פֿון זייער אייגן מויל וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט.

איך האָב געזען און געהערט. מען האָט אָפֿט מאָל געעפֿנט פֿאַר מיר צעווייטיקטע הערצער, אָפֿט האָב איך דערפֿילט דעם ווייטיק אין דעם שטיל־שווײַגן, אין דעם ניט וועלן ריידן, אין דעם דריקן מיך צו זיך, אין די טרערן, ווען מען האָט זיך מיט מיר געזעגנט, טרערן וואָס האָבן מיך געברענט און געשטאָכן. אָבער ניט אַלץ וועל איך זײַן פֿעיִק איבערצוגעבן. ניט וועגן אַלץ

טאָר איך דערציילן. אָפּט וועל איך מוזן רעדן פאַרשטעלט. גאָר אָפּט וועל איך פאַרבייטן נעמען, שטעט און לענדער. איך וועל שטענדיק דאַרפן האָבן אין זינען אַז איך אַליין בין טאַקע אויף דער פריי, אָבער זיי דאָרטן זיינען דאָך פאַרבליבן אין שקלאַפעריי, זיי דאָרטן זיינען געבונדענע.

די באַגרענעצונגען וואָס איך שטעל מיר, וועלן אָבער ניט פאַרטושן דאָס אַלגעמיינע בילד. סוף־כל־סוף איז פאַראַן אַ קליין אונטערשייד אין די פירונגען פון די אַלע לענדער.

ווען איך האָב אַ ייִדן אין פּראָג געפרעגט ווי עס לעבט זיך אונטער דער „דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישער" סיסטעם, האָט ער מיר דערציילט אַ מעשה, וואָס כאַראַקטעריזירט זייער קלאָר דאָס לעבן אין אַלע קאָמוניסטישע לענדער.

מען דערציילט אַז ווען דעם רוסישן אויסלאַנד־מיניסטער גראָמיקאָ איז אויסגעקומען צו פאָרן דאָס ערשטע מאָל קיין פּאַריז אין אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיע, האָט ער געהערט אַז ייִדן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין פראַנקרייך. איז גראָמיקאָ אַוועק צו דעם מאָסקווער רב און אים געבעטן ער זאָל אים מיטגעבן אַ בריוו צו דעם רב אין פּאַריז אַז אַלץ איז וואויל און גוט אין דעם סאָוועטישן לאַנד. אַוודאי פעלט דאָרטן גאָרניט דעם ייִדן.

דער רב האָט אָנגעשריבן אַ בריוו פול מיט לויב־געזאַנג פאַר רוסלאַנד און אירע פירונגען. ער האָט נאָר צום סוף צוגעגעבן אַז עס פעלט דאָרטן ליכט און צוקער. ווען גראָמיקאָ האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער שרייבט אַזוי, האָט דער רב געענטפערט:

— ווען דער בריוו וועט זיין פול נאָר מיט לויב, וועט מען ניט גלייבן וואָס ער שרייבט. יעדער לאַנד פאַרמאָגט אויך געוויסע חסרונות. איז זאָל זיין אַז דאָ פעלט ליכט און צוקער. דאָס וועלן דאָך זיין ניט מער ווי צוויי קליינע פלעקן אין דעם ליכטיקן רוסישן לעבן.

ווען דער בריוו איז אָנגעקומען צום פּאַריזער רב, האָט ער גענומען טראַכטן וואָס עס מיינט דער מאָסקווער רב מיט זיין באַמערקונג וועגן די ליכט און צוקער. דערמאָנט ער זיך אַז אין פּאַריז איז ניט לאַנג אָנגעקומען אַ ייִד וואָס איז אַוועק פון מאָסקווע. רופט ער אים צו זיך און בעט אים פאַרטייטשן דעם מיין פון דעם מאָסקווער רבס בריוו.

ענטפערט דער ייִד:

— דער מיין איז אַ גאַנץ פּשוטער: ס'איז פינצטער און ביטער ביי אונדז אין לאַנד".

ס'איז פינצטער און ביטער אין די אַלע „סאָציאַליסטישע" לענדער, אָבער עס זיינען דאָך פאַראַן פאַרשיידענע מדרגות פון פינצטערקייט און ביטערקייט. עס קען זיין חושך־מצרים און אַמאָל קען אויף דעם פינצטערן הימל זיך באַווייזן אַ שטערן, אַ האַלבע לבנה און אַפילו אַ גאַנצע לבנה. אָבער פינצטער איז עס. ס'איז דאָך נאַכט. אַזוי זיינען אויך פאַראַן פאַרשיידענע מינים ביטערע קרייטעכצער.

# פּראָג —
# מיין ערשטע סטאַנציע

מיין ערשטע סטאַנציע איז געווען פּראָג אין טשעכאָסלאָוואַקיע. געקומען בין איך דאָרטן פון פּאַריז.

ווען איך האָב דערציילט מײַן שוועסטער אין פּאַריז אַז איך פאָר קיין פּראָג, האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ געפיל פון בענקשאַפט:

— „אַמאָל, פאַר דער מלחמה, איז פּראָג געווען איינע פון די אינטערעסאַנט־סטע און לעבעדיקסטע שטעט אין איירןאָפּע. עס פלעגט זײַן פאַר מיר אַ פרייד דאָרטן צו קומען. און צוגעגעבן מיט אַ זיפץ: ווער ווייס ווי עס איז היינט!...

מיין שוועסטערס זיפץ איז געווען ווי אַ מין פאָרגעפיל פון דעם וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען.

נאָך 300 יאָר אונטער פרעמדער הערשאַפט איז טשעכאָסלאָוואַקיע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918, געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה. אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות וואָס זיינען געווען ביז גאָר אומרואיקע יאָרן אין איירןאָפּע, איז טשעכאָסלאָוואַקיע געווען באַקאַנט ווי „דער אינדזל פון דעמאָקראַטיע און שלום". זי איז אויך געווען באַקאַנט מיט איר הויכער קולטור, מיט איר רייכן אינטעלעקטועלן לעבן און מיט איר אַלזייטיקער ברייטער סאָציאַלער געזעצגעבונג לטובת דעם אַרבעטער־ און פאָלקס־מענטשן.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז טשעכאָסלאָוואַקיע — אַזוי ווי די אַנדערע מזרח־איירןאָפּעאישע לענדער — אַדאַנק קאָמוניסטישע אינטריגעס, פאַרראַט און פאַלשע פאַרזיכערונגען מצד דער סאָוועט־רעגירונג — געוואָרן אין יאָר 1948 אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע". מען דאַרף אויך האָבן אין זינען אַז די סאָוועטישע אַרמיי איז געווען גאָרניט ווייט. ווי האָט מיר איינער דערציילט אין פּראָג? ס'איז געווען אַן אָפּמאַך צווישן רוסלאַנד און אַמעריקע גלייכצייטיק אַרויסצוציען די אַרמייען פון טשעכאָסלאָוואַקיע. אָבער די די רוסן ווייסן שוין ווי איבערצולאָזן סאָלדאַטן אין ציווילע קליידער. אַלע געדענקען נאָך מסתמא די טרויעריקע געשיכטע ווי דער אויסלאַנד־מיניסטער דזשאַן מאַסאַריק, דער זון פון דעם פאָטער פון טשעכאָסלאָוואַקיע, טאָמאַס מאַסאַריק, איז „באַ־גאַנגען זעלבסטמאָרד" דורך אַרויסשפּרינגען פון פינפטן עטאַזש.

די היינטיקע הערשערס, זעט אויס, האָבן פאַרלאָרן יעדע בושה: אין דעם אָפיציעל אויסגעאַרבעטן מאַרשרוט פאַר אויסלענדישע טוריסטן גייט אויך אַריין דאָס פאַרבייפאָרן דעם בנין, וואו דער אומגליק מיט מאַסאַריקן איז געשען, און מען ווייזט אייך: אָט פון דעם פענצטער האָט ער זיך „אַרויסגעוואָרפן".

אין יעדער הויפּטשטאָט פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, געפינט זיך אַ סטאַטוע צו דעם רוסישן סאָלדאַט, דעם „באַפרייער". די סטאַטוע, פאַרשטייט זיך, האָט אַוועקגעשטעלט אין דאַנקבאַרקייט דאָס „באַפרייטע" פאָלק. אין בודאַ־

פעסט, אונגאַרן, געפינט זיך דער מאָנומענט אויף אַ הויכן באַרג, און וואו אויף וועלכן אָרט פון שטאָט איר זאָלט זיך ניט געפינען, זעט איר פון ווייטן דעם רוסישן מאָנומענט. אַמאָל פלעגט אויך שטיין אויף אַ חשובן פּלאַץ אַ סטאַלין־סטאַטוע. איצט איז פאַרבליבן ניט מער ווי דער פונדאַמענט. אין איין אָרט איז נאָר דער קאָפּ אָפּגעהאַקט, דער קערפּער איז פאַרבליבן. אין בוקאַרעסט, ניט ווייט פון לופטפעלד, ביים אַריינפאָרן אין שטאָט, האָבן מיר געזען אַ גרויסע לענין־סטאַטוע.

אין פראָג זיינען מיר אָנגעקומען שפּעט אין אָוונט. ווען מיר זיינען אויף מאָרגן אַרויס שפּאַצירן איבער די גאַסן, האָבן מיר דערזען פאַר זיך אַן אומע־טיק בילד. די הייזער אָפּגעלאָזן. אַנשטאָט אויטאָבוסן לויפט נאָך איבער די גאַסן דער אַמאָליקער אַלטער עלעקטרישער טראַמוויי, וואָס זעט אויס ווי אַ בלעכן קעסטל און פון אַלע זייטן הענגען זיך מענטשן אויף אים.

שפּעטער, אין אָוונט, אַ זייגער צען, ווען מיר זיינען אַרויס איבער די הויפּט־גאַסן — האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. זעלטן האָט מען געזען גיין אַ מענטשן. עס האָט אויסגעזען ווי די שטאָט באַווייַנט זיך אַליין: איז זי דאָך אַמאָל געווען די הויפּטשטאָט פון אַ פריי לאַנד, פון אַ לאַנד וואו מען האָט געקענט הויך לאַכן און הויך רעדן אָן מורא, אַפילו הויך וויינען.

דער אונטערשייד צווישן רוסלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע איז וואָס רוס־לאַנד איז קיין מאָל ניט געווען קיין פריי לאַנד. אין טשעכאָסלאָוואַקיע געדענקען נאָך צו פיל מענטשן די אַמאָליקע פרייהייט, עס זיינען נאָך דאָ צו פיל וואָס קענען דערציילן וועגן דעם. אין רוסלאַנד ווידער זיינען אויפגעקומען דורות וואָס האָבן קיין מאָל ניט געוואוסט פון קיין אַנדער אָרדענונג ווי די סאָוועטישע. דורות וואָס זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון יעדן קאָנטאַקט מיט דער וועלט און מען האָט זיי אויפגעהאָדעוועט מיט דעם געדאַנק אַז די וועלט אויסער רוסלאַנד איז פול מיט שלעכטס און מיאוסקייטן. טשעכאָסלאָוואַקיע איז נאָענט צום מערב. אין טשעכאָסלאָוואַקיע געדענקט מען. ווען איך פלעג זאָגן אַז איך קום פון אַמעריקע, פלעגט ביי די מענטשן אויפלויכטן דאָס פּנים, עס פלעגט ביי זיי זיך אויפוועקן אַ מין בענקשאַפט. איז דאָך אַמעריקע געווען אינסטרומענטאַל אַז טשעכאָסלאָוואַקיע זאָל אין 1918 ווערן אַ זעלבשטענדיקע מדינה. אין רוס־לאַנד פלעגט מען באַלד פאַרפירן מיט מיר אַ דיסקוסיע און מיר זוכן באַווייזן ווי שלעכט עס זיינען די פירונגען אין אַמעריקע.

ווען מיר זיינען געגאַנגען איבער די גאַסן פון פראָג, האָבן מיר באַגעגנט צו פיל אָרעם געקליידטע מענטשן. דאָס זעלבע האָבן מיר אויך געזען אין די אַנדערע לענדער. אָבער אין פראָג איז עפּעס געלעגן אַ טרויער אויף די פּנימער. עס האָט זיך געפילט רעזיגנאַציע און צו דער זעלביקער צייט אויך בענקשאַפט. מיט פאַרביסענע ליפּן טראָגט מען דעם יאָך, וואָס אַ פרעמדע מאַכט מיט דער הילף פון אייגענע פאַררעטערס האָט אָנגעוואָרפן. פאַרפאַלן. עס איז ניטאָ קיין שטימונג פון האָפענונג.

איר פילט ווי אַ גאַנץ פאָלק איז פאַרשקלאַפּט. פאַרשפּראָכן האָט מען אַ ליכטיקן מאָרגן, אָבער געקומען איז די נאַכט. זיי ווייסן די הערשערס — אַזוי האָט זיי געלערנט דער מאַרקסיזם — אַז מענטשלעכע אַרבעט שאַפט דעם מערווערט, שאַפט רייכטום. האָט מען איינגעשפּאַנט אַ גאַנץ פאָלק אין יאָך פון אַרבעט — אין נאָמען פון אינדוסטריליזאַציע, אין נאָמען פון אַ וויַיטן מאָרגן (גיכער אין נאָמען פון טייוול) און דערוויַיל לעבט דאָס פאָלק אין נויט. אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע ווערט דער מערווערט געשאַפן דער עיקר פון דער מאַשין. אמת, דער קאַפּיטאַליסט נעמט צו דעם גרעסטן חלק, אָבער די מאַשין, די טעכניק פּראָדוצירט גענוג אַז אויך דער אַרבעטער זאָל קריגן אַ באַדייטנדיקן חלק — און די יוניאָנס זעען אַז פון יאָר צו יאָר זאָל דער חלק ווערן גרעסער. אין אַמעריקע זעט מען פּאָרויס אַז די אַרבעט־שעהן זאָלן אַלץ ווערן קלענער, און עס שטייט די פּראָבלעם ווי אַזוי זאָל מען אויסניצן די פרייע צייט וואָס מען וועט האָבן. אָבער אין די סאָציאַליסטישע לענדער ווערט דער מענטש עקספּלואַטירט אויפן העכסטן אופן.

## אונטער דער דיקטאַטור פון קאָמוניזם

**אויף** דער פראַגע וואָס איך פלעג תמיד שטעלן אין יעדן לאַנד וואו איך בין געקומען:

— „לעבט זיך איצט בעסער אונטער דער נייער אָרדענונג״? — איז תמיד געקומען דער זעלביקער ענטפער:

— „קיינער איז ניט אַרבעטלאָז, אַלע פאַרדינען״.

אָבער שפּעטער פלעגט זיך אַרויסוויַיזן אַז אַרבעטן, אַרבעט מען, פאַר־דינען פאַרדינט מען טאַקע — אָבער קיין לעבן, ווי מען זאָגט ביי אונדז אין אַמעריקע, מאַכט מען ניט.

דאָס האָבן מיר אויך געזען אין טשעכאָסלאָוואַקיע. דאָס דאָזיקע לאַנד, מיט דער אויסנאַם פון מזרח־דייטשלאַנד — איז אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע קאָמוניסטישע סאַטעליטן אַ הויך אינדוסטריאַליזירט לאַנד, מיט אַ העכערן עקאָנאָמישן וואָוילזיין און אַ העכערן לעבנס־סטאַנדאַרד. די גרויסע סקאָדאַ פאַבריקן אין פּילזן שטעלן צו אַמוניציע און אַנדערע אינדוסטריעלע פּראָדוקטן ניט נאָר די לענדער פון קאָמוניסטישן בלאָק, נאָר צו אַזעלכע וויַיטע לענדער ווי עגיפּטן, אינדאָנעזיע און אַנדערע.

די „איבערקערעניש״ האָט אָבער אַראָפּגענידערט דעם וואָוילזיין פון דער באַפעלקערונג און אויך אין טשעכאָסלאָוואַקיע מאַכט מען ניט קיין לעבן. כאָטש עקאָנאָמיש איז די לאַגע דאָרטן אַ בעסערע ווי אין די אַנדערע לענדער, וואו מיר זיינען געוועזן. עס מוזן אַרבעטן מאַן און פרוי כדי עס זאָל זיין וואָס

צו עסן. אין אַן אַרבעטער־שטוב קומט אַריין פליש נאָר יעדן איבערטאָג. דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַן אַרבעטער איז 1200 קראָנען אַ מאָ־נאַט אַן ערך 45 דאָלאַר. (פאַר אַ דאָלאַר קריגט מען 28 קראָנען). צו קויפן זיך אַן אָנצוג מוז אַן אַרבעטער אַרבעטן מער ווי אַ מאָנאַט; אַ פּאָר שיך — דריי טעג, אַ קילאָ (2 פונט) פלייש — דריי שעה; פאַר אַ הון — איבער אַ טאָג; פאַר צוויי פונט כשרע פלייש — 5 שעה; פאַר צוויי פונט צוקער — 2 שעה.

כדי דאָס בילד זאָל זיין פול דאַרף מען צוגעבן אַז דירה־געלט אַזוי ווי אין די אַנדערע פאָלקס־דעמאָקראַטיעס איז ביליק, ניט מער ווי 5־8 פּראָצענט פון פאַרדינסט. אמת מען לעבט אין ענגשאַפט. יעדער בירגער קריגט פרייע מעדיצינישע הילף ווי דאָקטוירים, מעדיצין, שפּיטאָל, דענטיסטן, ברילן. בעת מען איז קראַנק און מען ליגט אין שפּיטאָל קריגט מען אויסגעצאָלט 90 פּראָ־צענט פון פאַרדינסט.

דאָס לערנען זיך אין די אַלע לענדער, אַריינגערעכנט אין אוניווערסיטעט, איז פריי. מען קריגט אַפילו פריי די לערנביכער. קינדער פון קליינע פאַר־דינערס וואָס צייכענען זיך אויס אין לערנען קריגן ספּעציעלע סטיפּענדיעס. אַ פרוי אין שוואַנגערשאַפט קריגט דריי חדשים אורלויב מיט געצאָלט. יעדער אַרבעטער און באַאַמטער קריגט פיר וואָכן אורלויב מיט געצאָלט. אָבער מיט די אַלע גליקן איז דאָס לעבן שווער און מען מוז שווער אַרבעטן כדי צונויפ־צושלאָגן זיך חיונה.

אין די אַלע לענדער בויט מען, אין די שטעט וואָס איך האָב באַזוכט, נייע גרויסע אַפּאַרטמענט־הייזער. פון דרויסן זעען זיי אויס צו זיין זייער מאָדערן און שיין. איר זעט, וואו איר זאָלט זיך ניט אַ דריי טאָן, גרויסע פּלאַקאַטן וואָס זאָגן אייך אַן וויפל דירות מען וועט אויפבויען אין משך פון אַ געוויסער צאָל יאָרן.

איך גיב אַ פרעג דעם „גייד" וואָס האָט מיך געפירט איבער פּראָג אין אַן אויטאָמאָביל (די „גיידס" זיינען רעגירונג־אַגענטן).

— זאָג מיר נאָר ווער וואוינט אין אָט די נייע הייזער?

— ווער זאָל דאַרטן וואוינען? פאַרשטייט זיך אַרבעטער — ענטפערט זי מיר.

— וויפל קאָסט דירה־געלט? — דערלאַנג איך אַ פרעג.

— אָ, ניט קיין סך, ענטפערט זי. אַ וואוינונג אין די נייע הייזער האָט געוויינטלעך צוויי צימערן, אַ וואַשצימער און אַ קיך, און עס קאָסט ניט מער ווי 200 קראָן אַ חודש ($7.25).

— יאָ, מישט זיך אַריין דער טעקסי־דרייווער, מען דאַרף אָבער 30,000 קראָנען (אַן ערך $1,075) איינצוצאָלן און איך, כאָטש איך אַרבעט צוואַנציק שעה אַ טאָג, קען דאָס ניט אָפּשפּאָרן. איך האָב אַפילו ניט מיט וואָס אויסצוצאָלן.

און ער דערציילט מיר אַז ער האָט אַ פרוי, אַ קינד און עס וואוינט מיט אים די מוטער זיינע. אַדאַנק דעם קען זיין פרוי אויך אַרבעטן. די פרוי

איז אַ נוירס און פֿאַרדינט 900 קראָנען אַ חודש. די מוטער קריגט אַלמנה־פּענסיע פֿון 620 קראָנען אַ חודש, און ער מאַכט מיר אַ חשבון אַז מער ווי אויף עסן, דירה, גאַז און עלעקטריק און אַמאָל קויפֿן אַן אָרעמען מלבוש, סטייען ניט אַלעמענס הכנסות. טאָ ווי זשע קען איך מיר דערלויבן, פֿרעגט ער, וואוינען אין די נייע דירות?

די דרייסטקייט פֿון דעם דרייווער האָט מיך באמת פֿאַרוואונדערט. פּאָרט איז דאָך טשעכאָסלאָוואַקיע מיט זעכצן יאָר צוריק נאָך געווען אַ פֿריי דעמאָקראַטיש לאַנד. איך האָב אָבער מורא אַז דעם דרייווערס דרייסטקייט איז געווען אַ מאָמענטאַלע, און ער וועט מסתמא פֿאַרזאָגן אַ צענטן אַזוי ניט צו רעדן אין דער צוקונפֿט און מיט דעם אַוועקשטעלן אין ניט קיין גאָר גוטן ליכט זיין „סאָציאַליסטיש“ לאַנד.

ווי לאַנג איר זייט אין טשעכאָסלאָוואַקיע פֿילט איר אַז דאָס לאַנד איז ניט מער ווי אַ רוסישע סאַטראַפּיע און איר הערשער נאָוואָטני — וועגן וועמען מען זאָגט אַז ער איז אַ קליין מענטשעלע — איז ניט מער ווי אַ געטרייער משרת פֿון קרעמל. איר פֿילט אויך פֿון באַגעגענישן, געשפּרעכן, אַז דאָס האַרץ פֿון פֿאָלק איז פֿאַרוואונדעט, אַז אַ פֿאָלק איז דערדריקט.

פּראָג איז זיכער אַ שיינע אַלטע שטאָט. עס שוועבט איבער איר די מיסטעריע פֿון אַמאָליקע גאָר אַלטע צייטן. זי איז רייך מיט היסטאָרישע מאָנומענטן, מיט שלעסער און פּאַלאַצן. יעדער שטיין וואָלט געקענט דערציילן פֿון אַמאָליקע גליקלעכערע יאָרן. חן גיבן אַ סך צו דער שטאָט די קאַנאַלן וואָס ציען זיך לעבן דער אַלטער בריק. אויף ביידע זייטן פֿון די קאַנאַלן שטייען אוראַלטע הייזער. באַרימט איז די קאַרל־בריק מיט אירע דענקמאָלן. דאָס פּראָגער ראָטהויז איז אַ קונסט־בנין פֿון מיטלעלטערלעכע צייטן. ער פֿאַרמאָגט אַ באַרימטן זייגער, כמעט איינער אויף דער וועלט. ווען דער זייגער שלאָגט צוועלף מיטאָג, נעמען די גלעקער זיינע שפּילן אַן אַלטע מעלאָדיע. עס עפֿענען זיך טירן און אַרום דעם זייגער גייען פֿאַרביי היסטאָרישע פֿיגורן. צו זען אָט דעם וואונדער קלייבן זיך צונויף יעדער מיטאָג־צייט הונדערטער מענטשן. באַרימט איז אויך אין פּראָג דער „גאָלדענער ברונעם“, אַ מין הענגענדיקע טעראַסע. קומט איר דאָרט אַרויף פֿאַרכאַפּט אייך די שיינקייט פֿון דער שטאָט וואָס ליגט אונטן. פּראָג זעט היינט אויס ווי אַ וואונדער־שיינע פֿרוי, וואָס זיצט אין טרויער.

גאַנץ אַנדערש זעט עס אויס, וואָס שייך דער אַלגעמיינער לאַגע, ווען איר קומט אין אונגאַרן און פּוילן. דער הימל איז דאָרטן ניט אַזאַ שוואַרצער, אַזאַ פֿאַרכמאַרעטער. אמת, עס איז אויך דאָרטן נאַכט. איר פֿילט אָבער ניט קיין דערדריקטקייט.

אונגאַרן האָט נאָך פֿאַר דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש געלעבט אונטער דעם שטרענגן דיקטאַטאָר האָרטי. פּוילן אונטער אַ ווייניקער שטרענגער דיקטאַטור פֿון פּילסודסקי. אָבער דאָך אַ דיקטאַטור.

מען איז אין די לענדער שוין געווען צוגעוואוינט פון יאָרן צו אַט דעם מין צרות. איז מען ניט אַזוי דערשלאָגן. אויך אין רומעניע. דאָרטן האָבן זיי קיין מאָל ניט געוואוסט פון קיין גוט לעבן. דאָרטן האָבן זיי יאָרן געלעבט אונטער דער מיאוסטער פאַשיסטישער הערשאַפט. אין אַ געשפּרעך מיט מיר האָט עמעצער טרעפלעך באַמערקט: מען האָט אין די לענדער די גרינע און שוואַרצע פאַשיסטישע העמדלעך אויף גיך פאַרביטן אויף רויטע, קאָמוניסטישע. אין גרונט איז עס ווי מיר ייִדן זאָגן: די זעלביקע יענטע נאָר אַנדערש געשלייערט.

ווי געזאָגט איז אין אונגאַרן די שטימונג אַ מער מונטערע. מע געדענקט די רעוואָלוציע פון 1956 און אַז זי וואָלט אייגנטלעך געווען אַ געוואונענע, ווען עס וואָלטן זיך ניט אַריינגעמישט די רוסישע טאַנקען. לעבט מען מיט האָפענונגען. מען קען דאָך פּרואוון אַ צווייט מאָל, און ווער ווייס אפשר וועט געלינגען? די הויפּטזאַך, מען געדענקט די גרויזאַמע צייטן פון דעם מער־דער ראַקאָסי — דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פּרעמיער פון אונגאַרן. אין פאַרגלייך מיט יענע צייטן פילט מען זיך איצט פרייער. ס'איז ניטאָ די שרעקלעכע מורא וועלכע פלעגט הענגען אין דער לופטן. עס ווערן אויך דערלאָזט געוויסע אינטעלעקטועלע פרייהייטן, אָבער ווייניקער ווי אין פּוילן. דער איצטיקער הערשער יאַנאָס קאַדאַר איז געזעסן צוויי יאָר אין ראַקאָסיס טורמעס און מען האָט דאָרטן אים געפּייניקט. עס גייען אַרום שטאַרקע קלאַנגען אַז אין טורמע האָט מען אים אויך קאַסטרירט. ער אַליין איז אויך ניט קיין זויבערע פּערזאָן. ער האָט ניט איין מאָל פאַרראַטן נאָענטע חברים. אין אָנהייב פון אויפשטאַנד אין 1956 איז ער געווען אויף דער זייט פון די אויפשטענדלערס און זייער פירער נאַגי. שפּעטער איז ער אַריבער אויף דער זייט פון רוסלאַנד און אויף אַ מיאוסן אופן אַריינגענאַרט נאַגין אין אַ פּאַסטקע. מען האָט נאַגין שפּעטער אומגעבראַכט אין רומעניע.

אַ ביז גאָר שיינע שטאָט איז בודאַפּעסט — די הויפּטשטאָט פון אונגאַרן. זי ליגט אויףביידע ברעגן פון דעם באַרימטן טייך דונאַי. איין טייל פון שטאָט, בודאַ, ליגט אויף דער רעכטער זייט פון טייך און איז טיילווייז געבויט אויף אַ ריי בערג. אויף איינעם, ווי שוין דערמאָנט, געפינט זיך דער רוסישער מאָנומענט. אויף אַ צווייטן — הייבט זיך הויך איבער דער שטאָט דער אַמאָליקער קיניגלעכער פּאַלאַץ. אַרום אים שטייען אַלטע שלעסער, ווילאַס, קירכן מיט הויכע דינע טורעמס. פון די בערג לאָזן זיך אַראָפּ גאַסן אַזוי ווי דרייענדיקע טרעפּ. אויף זייערע ביידע זייטן וואַקסן פלאַנצן באַדעקטע מיט שיינע בלומען. אונטער די בערג פון בודאַ געפינען זיך רייכע וואַסער־קוואַלן און בעדער מיט קופּאָלן און האַלבע לבנות, בעדער וואָס עס האָבן אין 16טן יאָרהונדערט געבויט טערקישע פּאַשעס. אויף דער צווייטער זייט פון טייך ליגט אין אַ שיינעם טאָל פּעסט, וואָס איז איצט דאָס האַרץ פון אונגאַרנס גרויס־אינדוסטריע. דער שענסטער בנין אין דעם טייל פון

שטאָט איז דער פּאַרליאַמענט — אַ דערמאָנונג אָן אַמאָליקע פרייע צייטן. ביידע טיילן פון שטאָט זיינען פאַרבונדן דורך אַ ריי בריקן וואָס קייטלען זיך איינע אין דער אַנדערער. בודאַפּעסט איז רייך מיט גערטנער, פּאַרקן, מיט אַלטע בנינים, מוזייען, וואָס דערציילן אַ לאַנגע געשיכטע פון אַמאָליקע יאָרן.

## נאָמולקאָם רעוואָלוציע

**אין** פּוילן, פּונקט ווי אין די אַנדערע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס" מאַכט מען אַז לפּנים זאָל אויסזען, אַז עס רעגירט ניט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אַליין. דערלויבט מען די עקסיסטענץ אויך פון אַנדערע פּאַרטייען, ווי די פאַראייניקטע פּויערים־פּאַרטיי און די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. אַלע פּאַרטייען זיינען פאַרטראָטן אין סיים — דער פּוילישער פּאַרליאַמענט. די דריי פּאַרטייען שאַפן דעם כלומרשטן „פראָנט פון נאַציאָנאַלער אייניקייט" אין דער אמתן ווערט די „אייניקייט" דאָמינירט פולשטענדיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אַן ענלעכע לאַגע איז אין טשעכאָסלאָוואַקיע, וואו עס פונקציאָנירט אַ „נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג", אויך אין אונגאַרן זיינען פאַראַן פּאַרטייען, אָבער עס רעגירט פאַקטיש איין פּאַרטיי, די קאָמוניסטישע. אגב פאַרמאָגט איצט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אונגאַרן ניט מער ווי 340,000 מיטגלידער, אַ העלפט פון דעם ווי זי האָט געהאַט פאַר דעם אויפשטאַנד אין 1956.

רומעניע גרייסט זיך מיט איר „גרויסער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג", כאָטש עס איז אַ לאַנד פון איין פּאַרטיי — דער קאָמוניסטישער. הרב ראָזען, דער הויפּט־רב פון רומעניע, איז אַ מיטגליד פון דער פאַרזאַמלונג. ניט אומזיסט רופן זיך די אַלע לענדער „דעמאָקראַטישע". עס פונקציאָנירן דאָך אין זיי כלומרשט פאַרשיידענע פּאַרטייען.

ווען איך האָב אַ פרעג געטאָן, צי עס קומען פאָר וואַלן צו די „פּאַר־ליאַמענטן", האָט מען מיר געענטפערט: זיכער! און ווען איך האָב געפרעגט, צי יעדע פּאַרטיי שטעלט אַרויס צו די וואַלן איר אייגענעם צעטל, איז גע־קומען אַ נאַאיווע פראַגע:

— צו וואָס, אויף דעם אַלגעמיינעם צעטל זיינען דאָך פאַרטראָטן אַלע פּאַרטייען?

אין די אַלע לענדער איז דער אמתער באַלעבאָס דער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַמאָל טרעפט אַז ער איז אויך דער פּרעמיער־מיניסטער. אין פּוילן איז פאַראַן אַ באַזונדערער פּרעמיער־מיניסטער, זיין נאָמען איז יוסף צעראַנקעוויטש. ער איז געווען אַ לינקער סאָציאַליסט און באַלאַנגט צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ווען ער איז געוואָרן פּרעמיער, איז ער קיין מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ניט געווען.

ער איז אָבער ניט מער ווי אַ שיינדל פאַר דער קאָמוניסטישער הערשאַפט. אַ מין חנדל פאַר דער וועלט. צו אים איז צוגעפּאַסט דאָס יידישע ווערטל: נתן, ביסט געוואָרן אַ חתן? — איך ווייס, דער טאַטע זאָגט אַזוי. ער איז פּרעמיער — אַזוי זאָגט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

גייט טאַקע אַרום וועגן אים אין פּוילן אַזאַ מעשה. ווען ער איז אַמאָל געזעסן אין אַ געזעלשאַפט, האָט מען גענומען דערציילן וועגן די פאַרדינסטן פון פאַרשיידענע אַקטיאָרן. מען האָט אויסגערעכנט וויפל עס פאַרדינט אַ זינגער, אַ קאָמיקער. עס איז אַזוי אַרויסגעקומען אַז אַ כאַראַקטער־אַקטיאָר פאַרדינט 15,000 זלאָטעס אַ חודש. רופט זיך אָפּ צעראַנקעוויטש: ווי איז דאָס מיגלעך? איך, דער פּרעמיער־מיניסטער, פאַרדין ניט אַזוי פיל. ענט־פערט מען אים גאַנץ קאַלט־בלוטיק: איר שפּילט דאָך ניט קיין ראָלע.

דער אמתער פירער פון פּוילן איז דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר — גאָמולקאָ, ער איז טאַקע אַן אויסגעשפּראָכענער, אויסגעהאַלטענער קאָמוניסט, אָבער ער איז ניט מאָסקוועס משרת. איז ער דאָך אַליין, אַ פאַרפאָלגטער פון די סטאַליניסטן, געקומען צו דער מאַכט נאָך די „ברויט און פרייהייט" ראַיאָטן אין פּאָזנאַן אין יוני, 1956. איז אין פּוילן אויך דאָ מער בירגערלעכע פריי־הייטן, ווי אין די אַנדערע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס" און אויך די אינטעליגענץ, די שרייבערס, קענען זיך פרייער אויסדריקן. אמת, עס טרעפט אָפּט, אַז אויך זיי לאָזט מען וויסן אַז עס איז „ניט הפקר אַ וועלט". אָבער דאָך זיינען זיי פריי צו פּראָטעסטירן, ווען מען באַגייט קעגן זיי אַן אומרעכט. צי עס העלפט, איז שוין אַן אַנדער פראַגע. ווען מיר זיינען געקומען אין פּוילן איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלט פון שרייבערס, אַ מין סטרייק קעגן דעם וואָס ניט יעדער שרייבער קריגט פּאַפּיר. ווען מען וויל פאַרמאַכן דאָס מויל פון אַ שרייבער גיט מען אָן אַ הינקענדיקן תירוץ, אַז מען מוז זיין שפּאָרזאַם מיט פּאַפּיר. צווישן דער פירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי קומען איצט פאָר רייבונגען. עס איז אויך פאַראַן אַן אומצופרידנהייט וואָס גאָ־מולקאָ בייגט זיך לעצטנס צו פיל צו מאָסקווע. אָבער דאָך געלינגט עס דערווייל גאָמולקאָן אָנצוהאַלטן די פאַרשיידענע גרופּעס אין דער פּאַרטיי אונטער זיין פירערשאַפט.

בעת אונדזער זיין איז פאָרגעקומען אַ גרויסער סקאַנדאַל מיט אַ פלייש־שווינדל. אויף עטלעכע טעג איז פלייש פאַרשוואונדן פון מאַרק. מען האָט געקענט קריגן פלייש נאָר אין די רעסטאָראַנען פאַר טוריסטן. עס איז פאַראַן אַ סברא, אַז גאָר וויכטיקע פערזענלעכקייטן זיינען אין דעם פאַרמישט.

די פּאָליאַקן האָבן אין זייער געשיכטע אַ סך געליטן, האָט ביי זיי זיך אויסגעאַרבעט אַ כאַראַקטער־פעסטקייט און אַן עקשנותדיק קלאַמערן זיך אָן לעבן, אַרויסרייסן פון לעבן וואָס עס לאָזט זיך נאָר.

די רעוואָלוציע פון 1956 — אויב מען קען עס אָנרופן רעוואָלוציע — איז געווען אַ פויערישע רעוואָלוציע. דער פויער איז נאָך אַלץ כמעט

אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג, כאָטש לעצטנס קומט פאָר אַ שטאַרקע אויסוואַנדערונג פון דאָרף אין שטאָט. דער פויער האָט געוואָלט ערד פאַר זיך אַליין. ער האָט געוואָלט זיין זיין אייגענער באַלעבאָס. דאָס פרומע פוילישע פאָלק האָט געוואָלט מען זאָל אים ניט שטערן אין זיינע רעליגיעזע פירונגען. ביידע זאַכן האָט גאָמולקאָ געגעבן דעם פאָלק. די קאַטוילישע קירך איז פריי. און די פּאַליאַקן שטראָמען אין איר ניט נאָר זונטיק, נאָר אויך אין די וואָכעדיקע טעג.

די ערד, וואָס מען האָט צוגענומען פון די פּריצים, האָט מען אָפּגעגעבן דעם פויער. אין פוילן איז ניט מער ווי איין פּראָצענט פון דער לאַנדווירטשאַפט קאָלעקטיוויזירט. נאָר דרייצן פּראָצענט פון לאַנד געהערט צו דער מלוכה. און דאָס, דער עיקר אין אייבער־שלעזיע, וואָס איז נאָך דער מלחמה אַריבער צו פוילן. פון דאָרטן האָט מען פאַרטריבן די דייטשישע פּריצים און זייער לאַנד האָט צוגענומען די מלוכה.

ווען מען פרעגט אין פוילן: ווער האָט געוואונען פון דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש, ענטפערן אַלע אין איין קול — דער פויער. דער פויער איז געוואָרן פאַרמעגלעך. דער גרויסער יידישער אומגליק האָט אים אויך צוגעהאָלפן. אַ סך פויערים זיינען אַריבער אין די שטעט און שטעטלעך, וואו עס האָבן אַמאָל געוואוינט יידן, און זיך באַזעצט אין יידישע הייזער. אַזוי איז אַ סך יידיש האָב־און־גוטס אַריינגעפאַלן אין פוילישע הענט. נאָר וועגן דעם געניוער שפּעטער, ווען מיר וועלן שרייבן וועגן יידישן לעבן.

## וואַרשע —
## ווי זי זעט איצט אויס

וואַרשע איז בעת דער מלחמה כמעט אין גאַנצן רואינירט געוואָרן. גאַנץ איז פאַרבליבן דער טייל וואָס רופט זיך פּראַגע און וואָס ליגט אויף דער צווייטער זייט פון דעם טייך ווּיסטולאַ. וואַרשע גופא איז איצט אַ גאַנץ נייע שטאָט, אויפגעבויט כמעט פון דאָס ניי. די וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אין וואַרשע זאָגן אַז זיי קענען די שטאָט ניט דערקענען. די יידישע געגנט, די יידישע געטאָ, איז אין גאַנצן ניי. עס זיינען פאַרשוואונדן די אַמאָליקע סמאָטשע און דזשיקע גאַס, די אַמאָליקע נאַלעווקעס און נאָוואָליפּיע. געוויסע גאַסן טראָגן נאָך די נעמען, אָבער זיי האָבן אַ גאַנץ אַנדער פּנים.

קען זיך עמעצער פאָרשטעלן וואַרשע אָן יידן? קען עמעצער זיך פאָרשטעלן די נאַלעווקעס אָן דעם האַנדל און וואַנדל? עס זיינען ניטאָ די יידישע הויפן, עס הערט זיך ניט האַנדי, האַנדי, עס טראָגן זיך ניט דורך די פענצטער חסידישע ניגונים, עס הערט זיך ניט קיין גמרא ניגון, עס הערט זיך נישט דער געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער:

מיר קומען צו נעמען נקמה,
צו באַפרייען די גאַנצע וועלט,
צו באַפרייען די אָרעמע שקלאַפן
וואָס ליידן הונגער און קעלט.

פרייטיק־צו־נאַכט הילכט ניט איבער די הויפן דאָס געזאַנג פון זמירות. עס דערגייען ניט צו אייך דורך די פענצטער די קלאַנגען פון די הייסע, ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס וועגן בונד, ציוניזם, וועגן דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע. וואַרשע איז איצט אַ סטאַטעטשנע, אויסגעפוצטע שטאָט. און פונקט ווי אַן אויסגעפוצטע ליאַלקע, באַדעקט מיט שמינקע, האָט אין זיך קיין לעבן ניט, אַזוי איז אויך וואַרשע.

אין צענטער פון שטאָט מיט אירע ברייטע גאַסן זעט איר נייע הייזער, אין זיי קראָמען מיט גרויסע שוי־פענצטער. פון דער אַנדערער זייט וואַרפן זיך אויך דורך אַלטע הייזער פון פריערדיקן יאָרהונדערט מיט צעלעכערטע פאַסאַדן אַזוי ווי דאָס פּנים פון איינעם וואָס איז געווען קראַנק אויף פּאָקן. אַזעלכע הייזער ווערן ביסלעכווייז אָראָפּגעוואָרפן. די שטאָט בויט זיך אויף צוריק מיט זאָרגעוודיקייט און געשמאַק. עס גייט די פּאָליאַקן אין לעבן, אַז וואַרשע זאָל צוריקקריגן איר אַמאָליקן גלאַנץ און אַמאָליקן שם. אָבער ווי גיך מען זאָל די שטאָט ניט בויען, קען מען ניט נאָכיאָגן די אַלץ וואַק־סנדיקע באַפעלקערונג און מען לעבט אין גרויס ענגשאַפט ווי עס פירט זיך אין די סאָציאַליסטישע לענדער.

אויף אַ ברייטן פּלאַץ דערזעט איר אַ ריזיקן בנין, אַ מין בבל־טורעם וואָס ציט זיך איבער אַ ריי גאַסן. דאָס איז דער קולטור־פּאַלאַץ וואָס סטאַלין האָט מיט דעם שוויס פון פּוילישע אַרבעטער אויפגעבויט ווי אַ מתנה דעם פּוילישן פאָלק. אינעווייניק איז אַלץ לוקסוסדיק. די ווענט פון דעם בעסטן מאַרמאָר. די רייכסטע קאָלאָנעס און קאַנדעליאַברעס. אין זאַל, פּאַר קאָנ־צערטן, נעמט אַריין, אַחוץ דער גוואַלדיקער גרויסער בינע, דריי טויזנט מענטשן. דאָס איז נאָר איין זאַל צווישן אַ סך. דאָרטן געפינען זיך אַ טעאַטער, ספּאָרט־זאַלן, דאָרט איז אויך דאָס הויפּט־אָרט פון דער פּוילישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע. דאָס איז אַ מין קולטור־צענטער ווי דער לינקאָלן־צענטער אין ניו־יאָרק.

פון דרויסן זעט איר אַ גרויסן וואָלקן־קראַצער מיט קאָלאָנעס, טורעמס און עפּענונגען וואָס דערמאָנען אָן אַן אַמאָליקער פעסטונג. אַלץ איז מאַסיוו אָבער אָן טעם. די פּאָליאַקן ווּיצלען זיך: „קליין, אָבער מיט גרויס גע־שמאַק". וואו איר זאָלט ניט זיין אין וואַרשע, וואו איר זאָלט זיך ניט דרייען גייט אייך נאָך סטאַלינס מתנה. אַפילו ווען איר פאָרט אַרויס פון שטאָט זעט איר פון וויטן סטאַלינס וואָלקן־קראַצער.

אַ געוויסער טייל פון שטאָט וואָס רופט זיך „סאַסקע קעמפּאַ" זעט אויס ווי אַ רייך פאָרשטעטל אויסגעלייגט אין גלייכע ליניעס ווי די מערהייט אַמע־

ריקאַנער שטעט. דאָ געפינען זיך די אויסלענדישע געזאַנדשאַפטן און רייכע ווילאַס, וואו עס וואוינען די אַמבאַסאַדאָרן. דאָרט וואוינט אויך גאָמולקאָ און די אַנדערע פּני פון דער קאָמוניסטישער רעגירונג. אַזעלכע עלעגאַנטע שטאָט־טיילן פאַר דער קאָמוניסטישער אַריסטאָקראַטיע האָבן מיר אויך געזען אין די אַנדערע הויפּטשטעט.

ווען מיר זיינען אין פּוילן געפאָרן איבער די וועגן, זיך אָפּגעשטעלט אין שטעט און שטעטלעך האָבן מיר געזען ווי דאָרטן אַרבעט דער מענטש דער עיקר מיט דעם פערד. מען פאָרט נאָך אַלץ אויף די לאַנגע צונויפגע־קלאַפּטע פּויערישע וועגענער. דאָס פערד איז איינגעשפּאַנט אין אַקער, אין דער דרעש־מאַשין. צוזאַמען מיטן פערד האָרעוועט דער מענטש. איר זעט כמעט ניט קיין לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען. זעלטן ווען באַגעגנט איר אַ טראַקטאָר. עס איז דעריבער צו באַוואונדערן ווי יעדער שטיקל ערד איז קולטיווירט, זאָרגפעליק באַאַרבעט. איר זעט אויך פּויערים גיין אָדער פאָרן הין און צוריק מיט די פּראָדוקטן וואָס זיי פירן אין שטאָט און מיט סחורות וואָס זיי ברענגען פון שטאָט. אָפט זעט איר אויך פּויערים וואָס פירן צוריק פּראָדוקטן וואָס זיי האָבן געזאָלט פאַרקויפן אין שטאָט. אויפן וועג האָבן מיר אויך געזען פּויערישע מערק. מען האַנדלט און מען וואַנדלט ווי מען איז געוואוינט געווען אין משך פון יאָרהונדערטער. דער ייִד איז אָבער איצט ניטאָ. אויף די וועגן זעט איר זעלטן אַ לייטיש פּויעריש הויז. מער פון אַלץ באַגעגנט איר הייזער מיט שטרויענע דעכער. זייערע ווענט זיינען פון ליים אָדער צונויפגעקלאַפּטע פון ברעטער.

## ווי מען לעבט
## אין די קאָמוניסטישע לענדער

**ניט** באַזונדער גוט לעבט זיך אין פּוילן דעם אַרבעטער. דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַן אַרבעטער אין פּוילן איז ניט מער ווי צוויי טויזנט זלאָטעס אַ מאָנאַט, וואָס באַטרעפט אַן ערך $28. ווידער, כדי עס זאָל זיין וואָס צו עסן און מיט וואָס צו צאָלן דירה־געלט, מוז אַרבעטן די פרוי, און דאָך סטייעט ניט אויף קליידער. אין פּוילן, ווי אין די אַנדערע לענדער, גנבעט מען אויך ביסלעכווייז אונטער און מען נאַרט די רעגירונג, ווען מען קריגט נאָר אַ געלעגנהייט. מען זעט אויך זיך ניט איבערצואַרבעטן. ווי האָט איינער זיך אויסגעדריקט: באַשעפטיקט איז מען, אָבער אַרבעטן אַרבעט מען ניט. אין די אַלע לענדער איז די רעגירונג אין די אויגן פון פאָלק אַ מין זייטיקע אינסטיטוציע. שיער ניט אַ דרויסנדיקע מאַכט.

רומעניע צייכנט זיך אויס פון די אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער וואָס זי איז רייך מיט אויל, ווייץ, האָלץ, מינעראַלן און פאַרשיידענע אַנדערע נאַטירלעכע רייכטימער. מיט דעם דערקלערט זיך וואָס לעצטנס האָט זי

געגומען זיך בונטעווען קעגן רוסלאַנד. עס וויל עקאָנאָמיש ניט זיין אַ צוטשעפעניש צו רוסלאַנד, דערגאַנצן רוסלאַנד. זי פאַרמאָגט גענוג נאַטירלעכע רייכטימער כדי זי זאָל ווירטשאַפטלעך קענען שטיין אויף די אייגענע פיס און אַנטוויקלען אַן אינדוסטריע. דערוויל אָבער הערשט דאָרטן אָרעמקייט אַרום און אַרום. איין און אַכציק פּראָצענט פון איר לאַנדווירטשאַפט איז קאָלעקטיוויזירט.

בוקאַרעסט איז מיר נאָך פון מיינע יונגע יאָרן געווען באַקאַנט ווי דאָס קליינע פּאַריז, אַ פרייליכע, עלעגאַנטע, לוקסוסדיקע שטאָט. צו דער זעלביקער צייט אויך אַ שטאָט, וואו כאַבאַר האָט זיך צעלייגט איבער אַלע דעכער און הייזער. די פרייליכקייט און עלעגאַנץ זיינען איצט פאַרשוואונדן, פאַרבליבן איז נאָר די קאָרופּציע, אַגב מיט אָט דער אייגנשאַפט צייכענען זיך איצט אויס אַלע קאָמוניסטישע לענדער.

ווען איר קומט אין יוגאָסלאַוויע, דערפילט איר באַלד, אַז זי איז ניט אָפּגעריסן פון דער אַרומיקער וועלט, ווי די אַנדערע לענדער פון דעם מין. אין די געשעפטן געפינט איר מערב־אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער פּראָדוקטן, אויך צייטונגען, זשורנאַלן און אַפילו ביכער. פון באַגעגענישן און געשפּרעכן איז אָבער ביי אונדז פאַרבליבן דער איינדרוק, אַז אויך דאָרטן באַהערשט די דיקטאַטור דאָס לעבן פון לאַנד און דאָס לעבן פון דעם איינצלנעם מענטשן. זי האַלט אַן אויג אויף אַלץ, אומעטום פילט זיך איר פעסטע האַנט.

בעלגראַד האָט אויף אונדז קיין שום איינדרוק ניט איבערגעלאָזן. אפשר איז דאָס צוליב דעם, וואָס מיר האָבן זיך ניט לאַנג אין איר פאַרהאַלטן. אונדזער הויפּט־צוועק פון קומען קיין יוגאָסלאַוויע איז געווען זיך אָפּצורוען עטלעכע טעג אין דער שטאָט דובראָווניק, אַ שטאָט אַרומגערינגלט פון איין זייט מיט ים און פון דער צווייטער זייט מיט ניט־דאַאיקע הימלשע בערג. איינער פון די שענסטע ווינקעלעך, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו זען אויף אונדזערע פאַרשיידענע רייזעס. אין בעלגראַד, צו אונדזער פאַרוואונדערונג, האָבן מיר באַגעגנט בעטלערס אויף די גאַסן און מענטשן, וואָס טראָגן אויף זיך גאָר שווערע פּעק. דער הויפּט־יאָך ליגט דאָרטן אויף דעם אייזעלע פונקט ווי אין די אַראַבישע לענדער. דער אייזל טראָגט דעם מענטשן, ער טראָגט אויך די שווערסטע לאַסט.

אויך אין יוגאָסלאַוויע לעבט מען אין גרויס ענגשאַפט. אין דורכשניט פאַרדינט מען אַ מאָנאַט — $30.00. מוז אויך דאָרטן אַרבעטן די פרוי, כדי עס זאָל זיין צו עסן. פרויען זיינען 30 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער אַר־בעטס־קראַפט. איר זעט גאָר אָפט פרויען אויף די גאַסן און איבער די וועגן מיט אַ שווערער אָנגעשטאָפּטער קאָרב אויף דעם קאָפּ, אַ צווייטע פולע קאָרב אויף איין אָרעם און אין דער צווייטער האַנט — אַ גרויסן קרוג וואַסער — ווי אין די אַראַבישע לענדער.

ביי די קנאַפּע פאַרדינסטן קאָסט אַ פּאָר זאָקן — $1.00; אַ פּאָר שיך — $10.00; אַן אַנצוג — $50.00, און די סחורה, ווי מען זעט עס אין די שוי־פענצטער, איז פון זייער ביליקער קוואַליטעט.

אין יעדער שטאָט האָט מען זיך פאַר אונדז באַרימט מיט די נייע גרויסע ספּאָרט־סטאַדיומס, וואָס מען האָט אויפגעבויט. דאָס איז די ערשטע זאַך, וואָס מען ווייל אייך ווייזן, סטאַדיומס, וואָס האָבן הונדערט טויזנט אָפּילו צוויי הונדערט טויזנט זיץ־פּלעצער. מען האָט פון דער קאַפּיטאַליס־טישער אַמעריקע איבערגענומען אַלע ספּאָרטס. די ספּאָרטלערס זייגען צווישן די פּריווילעגירטע אין יעדן לאַנד. אויך הערט איר אומעטום שפּילן דעם אַמעריקאַנער דזשעז. מיר האָבן געזען טאַנצן דעם „טוויסט".

פאַרנדיק אין וואַרשע איבער די גאַסן זעען מיר, אַז אויף אַ פּלאַץ אונטער אַ בריק, האָבן מאַלערס אויסגעשטעלט זייערע בילדער. מיר גייען אַרויס פון אויטאָמאָביל, באַקוקן די אויסשטעלונג און באַמערקן, אַז עטלעכע מאַלערס האָבן די הויפּטזאַך אויסגעשטעלט אַבסטראַקטע בילדער.

— פרעג איך איינעם: ווי קומט דאָס? דאָס איז דאָך אַ סימן פון קאַפּיטאַליסטישער דעקאַדענץ. איר לעבט דאָך אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד. כרושטשאָוו (אין יענער צייט האָט כרושטשאָוו נאָך געהערשט אין רוסלאַנד) פאַראורטיילט דאָך אייער מין מאָלן.

— ענטפערט ער מיר:

— אַזוי ווילט זיך מיר מאָלן, כרושטשאָוו אינטערעסירט מיך ווייניק.

אין אַמעריקע איז געוואָרן אַ מאָדע, אַז יוגנטלעכע, יינגלעך און מיידלעך, טראָגן בלויע דזשינס, — אַזאַ מין הויזן. איז עס אויך דערגאַנגען הינ־טער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג. צוליב ניט פאַר אונדז פאַרשטענדלעכע פּסי־כאָלאָגישע סיבות, נעמט עס דאָרטן אָן ממש די פאָרעם פון אַ משוגעת. אפשר צוליב דעם, וואָס מען קען עס קויפן נאָר אויפן שוואַרצן מאַרק. ווען מיינער אַ פריינד אין פּוילן האָט געהערט, אַז איך קלייב זיך דאָרט קומען, האָט ער מיר באַלד געשריבן, אַז איך זאָל אומבאַדינגט מיטברענגען אַ פּאָר בלויע דזשינס פאַר זיין יונגער טאָכטער.

זייענדיק אין די לענדער האָבן מיר געלייענט אין די צייטונגען, אַז אין מאָסקווע האָט מען אַרעסטירט אַ 17 יאָריקן יוגנטלעכן און אים — ווי אַ פּאַראַזיט — פאַרשיקט קיין סיביר אין אַן אַרבעט־לאַגער, ווייל ער פּלעגט, ווי ער האָט זיך מודה געווען, זיך אַרומדרייען לעבן די האָטעלן, וואו עס שטייען איין אַמעריקאַנער טוריסטן, אָפּקויפן ביי זיי דזשינס און שפּעטער מיט דעם האַנדלען. ווי עס זעט אויס, איז אוממיגלעך זיך אָפּצוצאַמען פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיט זייערע שלעכטע פּירונגען, ניט נאָר אין דעם פּרט, נאָר אויך אין פּרט פון אידייען. זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז אין רומעניע האָבן מיר געהערט שפּילן מעלאָדיעס פון סעקאָנד עוועניו. די פראַגע איז נאָר ווער פון וועמען האָט גענומען.

עס איז ניט געגוג, וואָס אַ שטאָט ליגט אויף הויכע בערג, ביי אַ טייך, אָדער ביים ברעג ים; עס איז ניט געגוג, וואָס זי האָט שיינע גאַסן, בולוואַרן, פּאַרקן, עס איז ניט געגוג, וואָס זי פאַרמאָגט פּאַלאַצן, אַלטערטימ־לעכקייטן, מוזייען, וואָס דערציילן וועגן אַ רייכער פאַרגאַנגענהייט. אַ שטאָט דאַרף אויך פאַרמאָגן אייגנאַרטיקייט, ספּעציפישקייט, זי דאַרף האָבן אַן אייגן פּנים. דאָס פּנים פון אַ שטאָט שאַפן מענטשן, וואָס וואוינען אין איר, ווי זיי פאַרברענגען, ווי זיי זיינען אָנגעטאָן, דער פאַרקער איבער די גאַסן. דאָס פּנים פון אַ שטאָט שאַפן די געשעפטן, די סחורות אין די שוי־פענצטער. זיי דערציילן דאָך ווי מענטשן לעבן, צי זיי האָבן געגוג, אָדער ניט. די געשעפטן מיט די פאַרשיידענע באַלייכטונגען, מיט די פאַרשיידענע אויס־שטעלונגען, גיבן צו אַ סך גלאַנץ.

מוז איך זאָגן אַז פון דעם שטאַנדפּונקט איז דאָס פּנים פון די הויפּט־שטעט פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס אַ גרוי פּנים. אַזוי ווי אַלע יונים האָבן זיי אייגנטלעך איין פּנים. אין ערגעץ איז ניטאָ קיין פאַרשיידנקייט. אָפּגערעדט פון עלעגאַנץ אַזוי ווי עס איז אין די מערב־לענדער — אין דעם אָנטועכץ. מען גייט אָנגעטאָן אָרעם, גרוי. מען ווייסט ניט פון קיין מאָדע. איז עמעצער אָנגעטאָן אַ ביסל בעסער, טראָגט ער, אָדער זי, אַ פּאָרטפעל, דאָס הייסט, ער, אָדער זי, געהערט צו דער ביוראָקראַטיע — צו דעם הערשנדיקן קלאַס.

איר קוקט אין די שוי־פענצטער. עס איז ניטאָ אין זיי קיין שום גלאַנץ. ביינאַכט לייכטן ניט איבער די געשעפטן אין די הויפּט־גאַסן גרויסע נעאָן־ליכט, וואָס בלענדן און לאָקן צו זיך. עס לייכטן ניט די גרויסע ליכט איבער די טעאַטערס און מואווי־הייזער מען זאָל זיך קענען שפּיגלען אין זייער שיין און גלאַנץ. צו וואָס? מען איז דאָך ניט קיין קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, וואָס זוכט צוציען צו זיך דעם קונה, דערוועקן ביי אים אַלערליי פאַרלאַנגען? עס וואָלט גאָרניט געטויגט. עס איז דאָך שטענדיק פאַראַן אַ מאַנגל אין עפּעס. דאָ אין קליידער, דאָ אין שיך און דאָ גאָר אין שפּייז, אין פלייש, אין פּוטער, אין מילך אד"גל. הערט מען, אַז אויפן מאַרק האָט זיך באַוויזן אַ פּראָדוקט, לויפט מען באַלד קויפן. וועגן דעם גייט אַרום אַזאַ מעשה: אין איינעם פון די שטעט איז אַמאָל צוגעפאָרן צו אַ געשעפט אַ גרויסער לאַסט־וואָגן, האָט מען באַלד געגומען לויפן פון אַלע זייטן און זיך געשטעלט אין אַ ריי. מאַלע וואָס, אפשר האָט דער לאַסט־וואָגן געבראַכט עפּעס גוטס, וואָס מען קען קויפן. גייט פאַרביי אַן אַלטעטשקע. זי זעט אַ לאַנגע ריי. טראַכט זי: מען דאַרף צוגיין אַ פרעג טאָן, וואָס מען קריגט דאָ. גייט זי צו צו איינעם אין דער ריי און פרעגט אים: — זאָגט מיר, פעטער, צוליב וואָס שטייען דאָ מענטשן אין אַ ריי? וואָס קען מען דאָ קויפן?

— וואָס מען קען קריגן צו קויפן, ענטפערט דער מאַן, ווייס איך ניט. אָבער אַז מע וועט קריגן געשוואָלענע פיס פון שטיין אין דעם בין איך זיכער.

דערציילט מיר אַ מאַמע פון דריי קליינע קינדער אין וואַרשע, אַז ווי נאָר זי דערוויסט זיך אַז ערגעץ אין אַ קראָם איז דאָ אייער, לויפט זי באַלד

קויפן. זי קויפט אָפּט — זאָגט זי מיר — 150 אייער מיט אַ מאָל. דאָרטן פאַרקויפט מען ניט אייער אויפן טוץ, נאָר איינצלנע. טרעפט אַז עס קומט איר אויס צו גייען פון קראָם צו קראָם, פון מאַרק צו מאַרק. זעט איר דעריבער שטענדיק לאַנגע רייען, באַזונדער ביי די שפּייז־געשעפטן. איר זעט שטיין מענטשן אויסגעמאַטערטע, אויסגעהאַרעוועטע. זיכער לויפן דאָרטן אויטאָ־מאָבילן איבער די גאַסן, אָבער אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אייראָפּעאישע שטעט איז דער פאַרקער אַ סך אַ קלענערער. קריגן אַ טעקסי אין די שטעט, פונקט ווי אין רוסלאַנד, איז איינע פון די שווערסטע זאַכן.

די אַלע שטעט זיינען פאַרפלייצט פון טוריסטן. באַזונדער קומען אַ סך דייטשן, פון ביידע טיילן דייטשלאַנד. מער פון מערב־דייטשלאַנד. ווי עס זעט אויס גייט די מערב־דייטשן זייער גוט. מיט קנאה קוקן די איינגעזעסענע איינוואוינערס אויף דער שיינער קליידונג, לויט דער לעצטער מאָדע, פון די דייטשן, באַזונדער פון די פרויען. און עס ווערט אַ האַנדל. די דייטשישע טוריסטן פאַרקויפן זייערע קליידער און קויפן זיך נאָך דעם פאַרשיידענע גאָלד־ און זילבער־זאַכן, אָדער אַנטיקן, וואָס מענטשן ברענגען פון זייער אַמאָליקן פאַרמעגן אין די רעגירונג־געשעפטן צו פאַרקויפן, ווייל דער פאַר־דינסט סטייעט ניט צום לעבן.

## ווי פילט זיך דער מענטש אין די קאָמוניסטישע לענדער

אַ שטאָט, וואו מענטשן גייען אַרום מיט אַ מורא געפיל — איז אַן אומעטיקע שטאָט. מורא לעבט אין אַלע שטעט. קומט צו מיר אין האָטעל אין פּראַג אַ גאַסט. ווי לאַנג מען שפּאַסט, מע פאַרוויילט זיך, מע רעדט גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָדער גאָר וועגן די ראַיאָטן פון די נעגערס אין די שטעט פון אַמעריקע, איז אַלץ גוט און פיין. אָבער ווי נאָר איר ווילט מיט דעם זעלביקן גאַסט פאַרפירן אַ שמועס וועגן לעבן אין טשעכאָסלאָוואַקיע — באַדעקט זיך באַלד זיין פּנים מיט שרעק אַזוי ווי ער וואָלט מיר זאָגן:

— ניט דאָ, ביי אייך אין האָטעל־צימער. ווער ווייס צי מען הערט זיך ניט אונטער, אפשר זיינען גאָר באַהאַלטן מיקראָפאָנען אין די ווענט, אונטער די טעפּעכער?

אין אונגאַרן — איך קום פרייטיק־צו־נאַכט אין שול — דערציילט מיר אַ ייִד, אַז ער האָט קרובים אין אַמעריקע און ער וויל איך זאָל איבער־געבן אַ גרוס. שבת אין שול איז זיכער ניט שיין צו פאַרשרייבן אַן אַדרעס. מיר רעדן זיך אָפּ, אַז ער קומט צו מיר אין האָטעל זונטיק אין אַ באַשטימ־טער שעה. אומזיסט איז געווען מיין וואַרטן אויף אים. ער איז ניט געקומען.

איך קען אין ניו־יאָרק אַ משפּחה, וואָס איז אַנטלאָפן פון אונגאַרן נאָך דעם אויפשטאַנד פון 1956. איך לאָז זיי וויסן, אַז איך פאָר קיין אונגאַרן און צי זיי ווילן מיר איבערגעבן אַ גרוס צו די קרובים זייערע. ענטפערט מען מיר: — מיר וועלן אייך לאָזן וויסן. עס גייט אַוועק אַ צייט און איך קריג ניט קיין ענטפער. טעלעפאָניר איך. דערציילט מען מיר, אַז מען האָט אַנגעפרעגט ביי די קרובים און זיי ווילן מיט מיר זיך ניט באַגעגענען. פאַרטייטשן דעם ענטפער — דאַרף מען ניט.

אין וואַרשע קלאָגט זיך פאַר מיר אַ ייד — אַ ניו־יאָרקער קרוב האָט מיר געגעבן זיין אַדרעס — אַז עס גייען אים נאָך שפּיאָנען. אַ צווייטער, ווען ער קומט צו מיר אין האָטעל, וויל ער אין צימער ניט אַרויפגיין. ער בעט אַז איך זאָל צו אים אַראָפּקומען אין לאָבי. ער וויל לאַנג זיך ניט אויפהאַלטן און עס איז ניט מיגלעך, אַחוץ איבערגעבן דעם גרוס פון ניו־יאָרקער פריינד, צו פאַרפירן מיט אים אַ שמועס.

אין בוקאַרעסט רעד איך מיר אָפּ אויף מאָרגן זיך צו טרעפן ערגעץ וואו, ניט אין האָטעל, מיט אַ יידן. ער פאַרשפּרעכט מיר צו דערציילן וועגן אַלץ אויספירלעך. ער האָט, זאָגט ער, אַ סך וואָס צו דערציילן. איך קום אויף מאָרגן צו דעם אָפּגערעדטן אָרט. איך זיץ און וואַרט. מען זאָגט מיר ער דאַרף קומען, מען האָט מיט אים היינט גערעדט. אָבער אומזיסט מיין וואַרטן. ער האָט זיך ניט באַוויזן. דער תירוץ איז געוועזן אַז ער איז פּלוצעם קראַנק געוואָרן. אין בוקאַרעסט וועט קיינער מיט אייך ניט רעדן, אויב עס איז דערביי פאַראַן אַ צווייטער, אַפילו אַ זייער נאָענטער חבר.

עס קען ניט זיין קיין פריילעכקייט און גליק אין אַ שטאָט, וואו מענטשן מוזן זיך שטענדיק אַרומקוקן, זיך היטן מיט אַ וואָרט, וואו מענטשן באַוועגן זיך ניט פריי און זיינען ניט זיכער וואָס דער מאָרגן קען ברענגען.

אומעטיק איז אין אַ שטאָט, וואו איר זעט פרויען טאָן די שווערסטע אַרבעט, טראָגן אויף זייערע פּלייצעס גרויסע קלעצער, שטיין אויף רישטאָוואַניעס און לייגן ציגל, זיך אַראָפּלאָזן אין די שטאָטישע קאַנאַלן. שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס פרויען זיינען די, וואָס נעמען צונויף די מיסט פון שטאָט און קערן די גאַסן און בריקן מיט פּשוטע בעזעמער. יע, איין זאַך מוז געזאָגט ווערן צום גונסטן פון די אַלע שטעט. עס איז דאָרטן זייער ריין אויף די גאַסן. אויף טריט און שריט געפינט איר מיסט־קעסטלעך. פּרוּווט נאָר אַ וואָרף טאָן אַ פּאַפּירל אויפן טראָטואַר, וועלן פון אַלע זייטן קוקן אויף אייך בייזע בליקן.

ווען אָרעם און אַרום איז גרוי, ווען ביי די מענטשן איז אומעטיק אויפן האַרצן, ווען עס דריקט דער טאָגטעגלעכער יאָך, איז די שטאָט אָן אומעטיקע, פעלט איר לעבן.

פּאַריז ווערט באַטראַכט ווי איינע פון די אינטערעסאַנטסטע, שענסטע און אויך לעבעדיקסטע שטעט אין אייראָפּע, און ניט נאָר אין אייראָפּע. וויל מען זאָגן עפּעס גוטס וועגן אַ שטאָט, וועגן איר אויסזען, וועגן איר פּנים,

זאָגט מען באַלד: שיין ווי פּאַריז, אינטערעסאַנט ווי פּאַריז. זיכער פּאַרמאָגט פּאַריז שיינע בולוואַרן, קירכן, מוזייען, מאָנומענטן. זיכער איז שיין דער טייך סעין, וואָס פֿליסט דורך דער שטאָט. זיכער דערציילט אייך יעדער שטיינדל אין פּאַריז וועגן דער רייכער, אינטערעסאַנטער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון שטאָט. פּאַריז האָט אָבער נאָך אַ גרויסע מעלה. די שטאָט לעבט. ווען איר גייט איבער די גאַסן, פֿילט איר ווי עס פּולסירט דאָס האַרץ פֿון דער שטאָט. אַ גרויסער טייל פֿון לעבן קומט פֿאָר אין די קאַפֿעען. פּאַריז אָן קאַפֿעען וואָלט אויסגעזען ווי אַ נאַקעטע. קאַפֿעען זיינען אַמאָל אויך געווען אין פּראַג, בוד־דאַפּעסט, אויך אין וואַרשע און בוקאַרעסט. זיי זיינען געווען ניט גלאַט אַן אָרט, וואו מען קומט אַריין טרינקען קאַווע, אָדער עסן, נאָר וואו מען פֿלעגט פֿאַרברענגען, לייענען אַ צייטונג, אַ זשורנאַל, שפּילן שאַך. דאָרטן פֿלעגן זיך צונויפֿקומען שרייבערס, פּאָליטיקערס, זשורנאַליסטן, נאָוועליסטן, פּאָעטן און מאָלערס. דאָרטן פֿלעגן פֿאָרקומען לעבעדיקע דיסקוסיעס, דאָרטן האָט מען געמאַכט פּאָליטיק. זיינען אין וואַרשע געווען קאַפֿע־געוועלבלעך אַפֿילו אויף דזשיקע גאַס, אין דער ייִדישער אָרעמקייט.

קאַפֿעען זיינען ווייטער דאָ. אמת. אָבער אויף עסן און טרינקען, אפשר אויך לייענען אַ צייטונג, מער ניט. עס איז שטיל און אומעטיק אין זיי ווי דער דרויסן אַרום. געוויינטלעך געפֿינען זיי זיך ביי די האָטעלן. אינטערע־סאַנט. די גרויסע האָטעלן האָבן צוויי מינים רעסטאָראַנען און קאַפֿעען. איי־נער, וואו עס קומען טוריסטן און די העכערע קלאַסן פֿון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפֿט; אַ צווייטער, וואו עס קומט דאָס איינפֿאַכע פֿאָלק. איך האָב איין מאָל אין בוקאַרעסט פֿאַרבלאָנדזשעט אין דעם צווייטן מין רעסטאָראַן. כאָטש איך פֿלעג גיין אָנגעטאָן זייער באַשיידן, זיינען מיינע קליידער דאָך געווען אין גאָר גרויסן קאָנטראַסט מיט דעם אָנטאָן זיך פֿון די אָרומיקע, אַזוי אַז אויגן האָבן אויף מיר גענומען קוקן פֿון אַלע זייטן. עס איז מיר געוואָרן ניט באַקוועם און איך בין אויף גיך אַרויס.

איך וויל אויך באַמערקן, אַז כמעט אין יעדער שטאָט, וואו מיר זיינען געווען, זיינען אויך פֿאַראַן קאַפֿעטעריעס אַזוי ווי אין אַמעריקע. אָבער מען עסט און טרינקט דאָרט שטייענדיק. אויך האָב איך געזען סופּער־מאַרקעטס לויט דעם אַמעריקאַנער מוסטער. אָבער די פּאָליציעס זיינען ניט אַזוי באַלאָדן און פֿאַרמאָגן ניט אַזוי פֿיל פֿאַרשיידנאַרטיקע שפּייז ווי ביי אונדז.

אין די לענדער, אַחוץ, מיר דוכט זיך, טשעכאָסלאָוואַקיע זיינען נאָך פֿאַ־ראַן איבערבלייבעכצן פֿון אַמאָליקן קאַפּיטאַליזם, קליינע בעלי־מלאכות און אַפֿילו קרעמערס.

איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אָרעמען ייִדישן קוואַרטאַל פֿון בוקאַרעסט, אַרום 12 ביינאַכט. זע איך פֿון ווייטנס ברענט אין אַ פֿענצטער אַן עלעקטריש לעמפּל. איך גיי צו נענטער און עס באַוויַזט זיך פֿאַר מיר אַ בילד פֿון אַמאָליקע גאָר אַלטע צייטן אין אַ קליין ייִדיש שטעטל. אַ שוסטער זיצט ביים לייסט און קלאַפּט מיט דעם האַמער איבער אַ שוך. ער

**איז אַ פאַרטרעטער פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. ער דאַרף איינלייגן ביי דער רעגירונג אַ געלט־פאַרזיכערונג אַז ער וועט זיין לייטיש און צאָלן דעם שווערן שטייער. מוז ער שווער אַרבעטן. איך האָב מיר דערמאָנט אַברהם רייזענס באַרימט ליד:**

אַך, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק!

**און אפשר האָט ער אויך געטראַכט ווי דער שוסטער ביי אַברהם רייזען:**

אַך העמערל, העמערל, קלאַפּ,
דער זייגער, ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף.
די אויגן, זיי מאַכן זיך צו.
גיב כוח, אַ גאָטעניו, העלף!

**נאָר דעם בוקאַרעסטער שוסטער האָט געטריבן צו אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט ניט ווייל:**

ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין
דער גבירינטעס טעכטערלס שיך.

**נאָר די קאָמוניסטישע מאַכט וואָס לייגט אויף אים אַרויף אַ שווערן שטייער.**

**איך בין געווען אין לאָדזש, פּוילן, האָב איך אויסגעפונען (דאָרטן וואוי־נען איצט ניט מער ווי טויזנט יידישע משפחות), אַז דאָרטן זיינען פאַראַן 80 יידישע האַנטווערקער, וואָס אַרבעטן פאַר זיך אַליין אונטער אַ שטרענ־גן קאָנטראָל פון דער רעגירונג. פאַראַן יידישע פּריוואַטע געוועלבלעך, וואו מען פאַרקויפט קליידער, שפּייז, איך האָב אויך געזען אַ פּריוואַטן פאָטאָ־גראַפער און אַ פּריוואַטע בעקעריי. איך בין געגאַנגען איבער די פּריוואַטע קראָמען און האָב געזען ווי שווער עס קומט זיי אָן אַ שטיקל ברויט. מסתמא האָבן זיי קיין אויסוועג ניט, וואָרע קריגן זיי פון אַ האַנטווערקער־פאַרבאַנד. מען דאַרף איינלייגן ביי דער רעגירונג דעם פאַרדינסט פון צוויי מאָנאַטן. פּריוואַטע האַנטווערקערס און קראָמען האָב איך אויך געזען אין וואַרשע.**

**אין די אַלע לענדער קריגן עלטערע מענטשן, אָדער די וואָס זיינען ניט פעאיק צו אַרבעטן, אַ פענסיע. עס קריגן אַ פענסיע די וואָס זיינען גע־וועזן אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, די וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין קאַמף קעגן פאַשיזם, אָדער די וואָס האָבן געליטן פון די פריערדיקע רעזשימען צוליב זייער קאָמוניזם. דערציילט מיר אַ ייד אין בוקאַרעסט. ער איז אַמאָל געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק. קריגט ער אַ פענסיע פון 300 ליי אַ מאָנאַט, אומגעפער 17$. עס סטייעט ניט קיין וואַסער אויף קאַשע. זיין טאָכטער און איידעם אַרבעטן, אָבער פאַרדינען ניט גענוג זיי זאָלן אויך אים קענען העלפן. צו זיין גליק, האָט ער אַ ברודער אין פּאַריז און זיין פרוי — אַ שוועסטער אין לאָנדאָן, וואָס העלפן אים. די וואָס זיינען אַמאָל**

געוועזן בורזשועזן, זיי זיינען געוועזן, לאָמיר זאָגן, אייגנטימערס פון אַ קראָם, קריגן אין גאַנצן קיין פּענסיע ניט. איך שטעל זיך אויף דעם באַזונדער אָפּ, ווייל קיינער, אַפילו דאָרטן וואו עס אַרבעטן מאַן און פרוי, האָט ניט גענוג. אַלע לעבן אין די לענדער אין נויט. עס איז דעריבער נאָך מיין מיינונג, די פליכט פון קרובים אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער צו העלפן די נאָענטע, וואָס האָבן זיך אַזוי אָנגעליטן די אַלע יאָרן.

די אַלע לענדער זיינען גוואַלדיק פאַראינטערעסירט אין אַמעריקאַנער דאָלאַר, און זיי טוען אַלץ אַריינצוציען טוריסטן. דער טוריסט איז פרייער ווי אין סאָוועט־רוסלאַנד. דאָרטן איז ער די גאַנצע צייט אויפן אויג פון דער רוסישער טוריסטן־געזעלשאַפט, „אינטוריסט". איר זייט דאָרט שטענ־דיק אין דער באַגלייטונג פון אַ „גייד", און אַ רעגירונג־אויטאָמאָביל מיט אַ שאָפער פירט אייך אַרום. איר מוזט אָנווענדן אַלערליי קונצן זיך צו באַ־פרייען פון זיי, ווען איר ווילט אַרומגיין אַליין, אָן אויגן וואָס זאָלן אויף אייך קוקן און אויערן וואָס זאָלן זיך צוהערן. אמת, ווען אייך דוכט זיך אַז איר זייט אַליין, זאָלט איר קיין מאָל ניט זיין זיכער אַז עס איז טאַקע אַזוי. איר מוזט אויך אָנגעבן נאָך אין ניו־יאָרק וועלכע רוסישע שטעט איר ווילט באַזוכן. זיי ווערן אויסגערעכנט אין דער וויזע, אין קיין אַנדערע שטעט קענט איר ניט פאָרן.

גאַנץ אַנדערש איז אין די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס. ערשטנס, זייט איר פריי פון שטענדיק זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט פון די דאָרטיקע טוריסטן אַגענטורן, אַזעלכע אָפיציעלע אַגענטורן זיינען פאַראַן אין יעדער לאַנד. איר דאַרפט נאָר אין ניו־יאָרק איינצאָלן אַ געוויסע סומע, זיי ווילן זיך פאַרזיכערן מיט אַ געוויסער צאָל דאָלאַרן פון יעדן טוריסט. ווען איר קומט דאָרט, צאָלן זיי אייך אויס אין זייער געלט לויט אַ קורס וואָס זיי באַשטימען ספּעציעל פאַר טוריסטן. יעדער לאַנד פירט זיך אין דער הינ־זיכט אַנדערש. אין פוילן גיבן זיי אייך נאָר 24 זלאָטעס פאַר אַ דאָלאַר, ווען דער אָפיציעלער קורס איז 72 זלאָטעס. דאָס קריגט אויסגעצאָלט אַ דאָרטי־קער איינוואוינער, ווען ער קומט אין דער רעגירונג־באַנק אויסבייטן אַ דאָלאַר. איר דאַרפט, נאָך אין ניו־יאָרק, דורך זייער אַגענטור באַשטעלן אַ האָטעל. זיי דאַרפן וויסן ווען איר קומט אָן און וואו איר וועט זיך געפינען. ווייטער זייט איר פריי צו גיין און טאָן וואָס איר ווילט. צווייטנס, אין קעגנ־זאַץ צו רוסלאַנד, זייט איר פריי אַרומצופאָרן איבערן גאַנצן לאַנד, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש.

## די נייע בורזשואַזיע
## אין די קאָמוניסטישע לענדער

אין בעלגראַד באַגעגן איך אַ ייִדן, וואָס איז מיט 50 יאָר צוריק דאָרטן געקומען פון טאַרנאָפּאָל, גאַליציע. ער דערציילט מיר מיט אַ געוויסן פאַר־

דרוס, אַז ביי אים איז שטענדיק געווען אַ פֿרומע שטוב, ער האָט זיינע טעכ־טער דערצויגן צו גיין אין די וועגן פֿון ייִדישקייט און דאָך האָבן זיי אַלע חתונה געהאַט מיט ניט־ייִדן. אָבער באַלד לייכט אויף זיין פּנים און ער זאָגט מיר מיט שטאָלץ:

— צוויי טעכטער האָבן חתונה געהאַט מיט וויכטיקע גענעראַלן, אַ דריטע פֿאַרנעמט אַ גרויסע פּאָזיציע אין אויסלאַנד־מיניסטעריום. איר ווייסט — רעדט ער צו מיר ווייטער — און ער רעדט פּשוט אַן חכמות: עס איז זיי ניט געפֿעלן געוואָרן די בורזשואַזיע, האָבן זיי זי פֿאַרניכטעט. זיי האָבן אָבער געשאַפֿן אַ נייע בורזשואַזיע. מיינע קינדער באַלאַנגען צו אָט דער בורזשואַזיע. איר האָט מיך פֿריער געפֿרעגט, זאָגט ער, ווער עס וואוינט אין די רייכע געגנטן פֿון שטאָט? אַ דאָרטן טאַקע וואוינען מיינע קינדער. זיי האָבן אַפֿילו צוויי אויטאָמאָבילן און דינסטן. האָב איך נחת. זיי פֿאַרגעסן אויך ניט זייער אַלטן טאַטן.

אַזוי האָט אומשולדיק גערעדט צו מיר אַ ייִד, וואָס האָט זיכער קיין מאָל ניט געליינט דאָס בוך: „דער נייער קלאַס" פֿון איינעם פֿון די גרינדערס פֿון נייעם רעזשים אין יוגאָסלאַוויע און דער וואָס איז אַמאָל געווען דער צווייטער צו טיטאָ — מילאָוואַן דזשילאַס. דאָס בוך איז דערשינען אין אויסלאַנד, אָבער ניט אין יוגאָסלאַוויע און איר מחבר זיצט צוליב זיינע ביכער אין טורמע. דעריבער האָט דער ייִד ניט געקענט לייענען אַז אויף דעם אָרט פֿון דער אַלטער בורזשואַזיע איז אויפֿגעקומען אַ נייע בורזשו־אַזיע. ער האָט ניט געליינט וועגן דעם, נאָר ער האָט עס געזען מיט די אייגענע אויגן. דער ייִד ווייסט אויך ניט, אַז יעדע מאַכט מוז זיך שטיצן אויף אַ קלאַס, וואָס איז באַזונדער פֿאַראינטערעסירט אין איר עקסעסטענץ, כדי זי זאָל זיך קענען האַלטן.

ניט אין בעלגראַד, אויך ניט אין יוגאָסלאַוויע, נאָר אין אַן אַנדער שטאָט און אַן אַנדער לאַנד, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אַ שטוב ביי איינעם, וואָס באַלאַנגט צו דער נייער בורזשואַזיע. איך מוז רעדן פֿאַרשטעלט. ער און זיין פֿרוי זיינען גרויסע ספּעציאַליסטן און זיינען ביז גאָר ניצלעך זייער לאַנד. צוליב זייער פּראָפֿעסיע זיינען זיי געוואָרן פֿאַרמעגלעך נאָך פֿאַר דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש. איך האָב געקראָגן מיט זיי פֿאַרבינדונגען דורך פֿריינד אין אַ געוויסן לאַנד. ווען איך האָב זיי טעלעפֿאָנירט האָט די פֿרוי געענטפֿערט, אַז זי וואָלט געוואָלט אַז מיין פֿרוי און איך זאָלן זיין ביי איר אין שטוב און זי קומט באַלד נאָך אונדז אַריבער אין האָטעל.

זי איז געקומען אין אַ רייכן נייעם אויטאָמאָביל און געבראַכט אונדז אין אַ שיינער געגנט פֿון שטאָט. דאָרטן האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ שיינער ווילע, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן גאָרטן. ווען מיר זיינען אַדורכגעפֿאָרן דורכן טויער זעען מיר צו אונדזער פֿאַרוואונדערונג, אַז עס שטייט נאָך אַן אויטאָמאָביל. ווען מיר זיינען אַריין אינעווייניק, האָבן מיר דערזען פֿאַר זיך אַ גאָר רייך הויז. מען האָט אונדז סערווירט פֿון בעסטן. באַלד האָט מען

גענומען ביי אונדז זיך נאָכפרעגן וועגן די וואַלן אין אַמעריקע. גאָלדוואָטער איז יעמאָלט געווען דער קאַנדידאַט פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי. רייס איך איבער דעם געשפרעך און זאָג:

— איך ווייס, אַז די ווילדע איז אַלע מאָל געווען אייערע, איז ווי אַזוי האָט מען אייך זי איבערגעלאָזן, ווען עס איז געקומען די איבערקערניש. איך האָב געזען אַז ביי אייך אין שטאָט לעבן צוויי פאַמיליעס אין איין צימער.

— עס איז טאַקע אמת, ענטפערט די פרוי. אָבער ביי אונדז אין לאַנד איז דאָ אַזאַ זאַך ווי „סאָציאַליסטישע פאַרבינדונגען" (ביי אונדז אין אַמע־ריקע זאָגט מען „פּול", אין ישראל זאָגט מען פּראָטעקציע).

איך לאָז ניט אָפּ און פרעג ווייטער:

— איר האָט אונדז געבראַכט אין אַ נייעם עסטרייכישן אויטאָמאָביל. וואו האָט איר עס געקויפט?

— איך קום נאָר וואָס פון ווין, ענטפערט זי, און דאָרטן האָב איך גע־קויפט דעם אויטאָמאָביל.

פרעג איך ביי איר, ווי אַזוי האָט זי געקענט קויפן אַן אויטאָמאָביל אין ווין, ווען די רעגירונג, אויף וויפל מיר איז באַקאַנט דערלויבט ניט אַרויסצופירן געלט קיין אויסלאַנד?

ענטפערט שוין איר מאַן:

— עס איז אמת. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען צו פאָרן פּריוואַט אין אַ גרויסער שטאָט (דעם נאָמען פון דער שטאָט איז בעסער ניט אָנצוגעבן), האָט מען מיר דערלויבט מיטצונעמען בלויז $5.00. אויפן וועג איז מיר דאָס געלט אויסגעגאַנגען און איך בין אָנגעקומען אין שטאָט אָן אַ פּעני, אַ גליק וואָס מען האָט מיך באַגעגנט אויפן לופטפעלד.

איך וויל אָבער דאָך וויסן ווי אַזוי זיי האָבן געקראָגן געלט צו קויפן דעם אויטאָמאָביל אין ווין. ווייזט זיך אַרויס אַזאַ מעשה. זיי האָבן אַ גאָר רייכע שוועסטער אין אויסלאַנד. די שוועסטער שיקט דער מוטער, וואָס איז מיט זיי, $150.00 אַ מאָנאַט, אַ גוואַלדיקע סומע פאַר אָט דעם לאַנד. אָבער דאָס געלט דעפּאָנירט זי אין דער שווייץ אויף זייער נאָמען. זיי אַליין זיינען גענוג פאַרמעגלעך אויסצוהאַלטן די מוטער אין וואוילטאָג. דערביי דער־ציילט מען מיר שוין, אַז ווען ניט די הילף פון נאָענטע אין אויסלאַנד וואָלטן אַ סך אין זייער לאַנד ניט געהאַט גענוג צו עסן. זאָל אויך דאָ באַמערקט ווערן, אַז די אַלע לענדער פירן דורך אַ רעגירונג־לאָטעריי, און מענטשן האַלטן תמיד אין חלומען אפשר וועט זיי אָפּגליקן און זיי וועלן אַרויסציען דאָס מזלדיקע צעטל.

פון דעם געשפרעך מיט זיי האָבן מיר אויך אַרויסגעפונען, אַז זיי פאָרן אָפט קיין אויסלאַנד. אָבער מען לאָזט קיין מאָל ניט פאָרן די גאַנצע פאַמיליע. עמעצער פון דער פאַמיליע מוז פאַרבלייבן ווי אַ מין משכון. איצט געפינען זיך אין זומער־קעמפּס איין זון אין לאָנדאָן און אַ צווייטער אין

עסטרייך. מען האָט זיי דערלויבט פאָרן כדי זיי זאָלן זיך קענען אויסלערנען די שפּראַכן פון אָט די צוויי לענדער.

רעדנדיק פון די זין, האָבן זיי אויך דערציילט, אַז דער עלטסטער דאַרף איצט אַנקומען אין אוניווערסיטעט. דאָס איז ניט גאָר גרינג, עס קומט אויס צו באַגעגענען אַ סך שוועריקייטן, נאָר זיי האָפן, אַז דער זון וועט די שוועריקייטן בייקומען צוליב זייערע „סאָציאַליסטישע פאַרבינדונגען".

עס איז אָריינגעקומען די מוטער. נאָך דעם ווי מען האָט זי פאָרגע־שטעלט פאַר אונדז, האָט זי גענומען קוקן אויפן ספּאָרט־רעקל וואָס איך האָב געקויפט אין אַמעריקע פאַר $20.00. אַ געוויינטלעך רעקל. זי האָט זיך ניט געקענט אָנקוקן, אַ טאַפּ געטאָן און געזאָגט:

— אַזעלכע גוטע וואַרע האָבן מיר שוין לאַנג ביי אונדז אין לאַנד ניט געזען.

ווען זיי האָבן אונדז געפירט איבערן גרויסן הויז און גאָרטן, באַמערק איך:

— איר לעבט דאָך דאָ אין דעם סאָציאַליסטישן לאַנד ווי קאַפּיטאַליסטן.

— יע, האָט געענטפערט די פרוי. מיר געהערן צו די פיר הונדערט. עס זיינען דאָ וויניק וואָס לעבן אַזוי ווי מיר.

***

איך וויל מאַכן אַן אויספיר: אומעטום האָב איך געהערט, אַז ווען עס זאָלן פאָרקומען באמת פרייע געהיימע וואַלן, וואָלטן אַלע איצטיקע רעגי־רונגען באַלד געפאַלן. דאָס וואָלט געשען אַפילו אין פוילן. דעם פויער מעג זיך איצט לעבן בעסער ווי אונטער פּילסודסקי, אָבער ער לעבט אין שטענדיקער שרעק פאַר קאָלעקטיוויזאַציע. ער האָט אויך ניט קיין צוטרוי צו אַ גאָטלאָזער רעגירונג.

אין די וויטערדיקע קאַפּיטלען וועל איך דערציילן וועגן יידישן לעבן אין די אַלע לענדער.

# טשעכאָסלאָוואַקיע

## אין דער שטאָט פון מהרל

**איך** וועל איצט דערציילן ניט נאָר וועגן דעם ביסעלע ייִדן וואָס זיינען פאַרבליבן אין די לענדער הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג נאָך דעם היטלער־שטורעם וואָס האָט זיך אין די מלחמה־יאָרן געטראָגן איבער אייראָפּע. אַ שטורעם וואָס האָט אונדז ייִדן געבראַכט דעם גרעסטן חורבן, געמאַכט אַ תל פון אַלץ וואָס ייִדישע מי און שוויס, ייִדישע חכמה און ייִדישער גייסט האָבן אין לויף פון יאָרהונדערטער געשאַפן און אויפגעבויט אין די לענדער. איך וועל זיך אין געוויסע פאַלן אויך אָפּשטעלן אויף דעם אַמאָל, ווען ייִדן אין די לענדער האָבן אַרויסגעוויזן גרויס שעפערישקייט און פיל בייגעטראָגן צו דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון די אַלע לענדער. נאָר יעמאָלט וועלן מיר באַנעמען דעם גרויסן בראָך וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק און וואָס האָט אָנגערירט ייִדן איבער דער גאָרער וועלט.

ייִדן האָבן אין אייראָפּע געלעבט יאָרהונדערטער. אָבער, וואו איר זאָלט איצט דאָרטן ניט זיין, געפינט איר אָדער חורבן, אָדער זכרונות און סימנים וועגן דעם ייִדישן אַמאָל. אַפילו אין די מערב־לענדער, ווי למשל איטאַליע, שפּאַניע, גייט איר בלויז אין די פוסטריט פון אַן אַמאָליק רייך און שעפעריש ייִדיש לעבן, אין די פוסטריט פון אַ פאַרשוואונדן ייִדיש לעבן. אין בעסטן פאַל געפינט איר נאָר איבערבלייבעכצן. אין אַלע לענדער פון אייראָפּע האָבן ייִדן געבויט, געשאַפן און — און פּלוצעם איז געקומען אַ גזירה, אַ שטורעם וואָס האָט אַלץ אומגעבראַכט. אומעטום זיינען פאַרבליבן סימנים פון דעם ייִדישן אַמאָל. אויך וועגן די סימנים וועל איך דערציילן.

אַמאָל, פאַר דער מלחמה, האָבן ייִדן, גאַנץ אָפט שוין בלויז צוליב זייער גרויסער צאָל, אַרויפגעלייגט אַ שטעמפּל אויף דעם אויסזען פון די שטעט, וואו איך בין איצט געווען. אין די אַלע שטעט איז אויך געווען אַ קאָכיק ייִדיש לעבן. היינט, צוליב זייער גאָר קליינער צאָל, — אין אַזאַ שטאָט ווי לאָדזש לעבן ניט מער ווי אַ טויזנט ייִדישע משפּחות — ווען איר גייט איבער די גאַסן פון די שטעט, זעט איר קיין ייִדן ניט. דער איינצלנער ייִד ווערט פאַרלאָרן אין דער גרויסער מאַסע ניט־ייִדן. ווערט אייך אומעטיק אויפן האַרצן. אמת, אַרום אייך איז פאַראַן לעבן, מען גייט, מען פאָרט, אָבער איר, דער ייִד, פילט אַז איר גייט גאָר איבער ליידיקע

גאַסן, איר פֿילט גאָר אַ פּוסטקייט אַרום זיך. אַוודאי איז ביז ווייטיק אומעטיק אויפֿן האַרצן די וואָס דער גורל האָט געוואָלט זיי זאָלן ווייטער לעבן, די וואָס וואוינען דאָרטן שטענדיק, די ייִדן וואָס זיינען אין יענע לענדער פֿאַר־בליבן נאָך דעם ווילדן סטיכישן היטלער־אוראַגאַן.

אַזאַ ייִדן, פֿול מיט ווייטאָג, אומעט און בענקשאַפֿט, האָב איך באַגעגנט אין פּראָג, טשעכאָסלאָוואַקיע. ער, זיינע עלטערן און אור־עלטערן, זיינען דאָרטן געבוירן געוואָרן. דאָרט האָט ער זיך אויפֿגעהאָדעוועט און דערצויגן. ער האָט מיין פּרוי און מיך פֿאַרבעטן צו זיך אין שטוב, און געקומען אין האָטעל אונדז נעמען. ווען ער האָט געעפֿנט די טיר פֿון זיין שטוב, זעען מיר אַז די מזוזה איז גאָר אָנגעקלאַפּט אויף דער אינעווייניקסטער זייט פֿון דעם טיר־געשטעל, אַנשטאָט דער דרויסנדיקער. האָט עס אונדז שטאַרק געוואונדערט. זיין ענטפֿער איז געווען: די נייע הערשערס האָבן ניט ליב פֿרומקייט, איז בעסער און זיכערער מיט דעם זיך ניט אַרויסצושטעלן, באַזונדער ווען מען איז אַ ייִד.

מיט דעם ייִדן, ווען איך בין געווען ביי אים אין שטוב און אויך שפּעטער, האָב איך אַ סך געשמועסט וועגן דעם ייִדישן היינט און דעם ייִדישן אַמאָל אין דער שטאָט פּראָג.

ייִדן איבער דער וועלט פֿלעגן זיך דערציילן פֿאַרשיידענע מעשיות און לעגענדעס וועגן דער אַמאָליקער ייִדישער געטאָ אין פּראָג. האָט דאָך אין דער געטאָ געלעבט און געווירקט דער מהרל, איינער פֿון די גרעסטע רבנים ביי ייִדן. אַרום זיין פּערזאָן האָבן זיך געשאַפֿן אַ סך לעגענדעס. איז דאָך אין דער געטאָ אויפֿגעקומען די לעגענדע וועגן דעם גולם, אַ לע־גענדע וואָס האָט פֿאַרכאַפּט די פֿאַנטאַזיע פֿון ניט איין גרויסן שרייבער, ייִדישן און ניט ייִדישן. אין פֿאַרבינדונג מיט דער לעגענדע האָט מען געשאַפֿן דראַמעס. באַרימט איז די דראַמע „דער גולם" פֿון אונדזער גרויסן דיכטער ה. לייוויק. דיכטערס האָבן, אינספּירירט פֿון דער לעגענדע, גע־שריבן פּאָעמעס און קאָמפּאָזיטאָרן מוזיקאַלישע ווערק.

האָט דער פּראָגער פֿריינד מיינער אין אונדזערע שמועסן אָפּגעפֿרישט פֿאַר מיר אַ סך לעגענדעס און מיר דערציילט אַ סך נייע וואָס זיינען מיר ניט געווען באַקאַנט.

שוין דאָס קומען פֿון די ייִדן אין טשעכיע, בעסער געזאָגט, בעהמען און מעהרען איז פֿאַרבונדן מיט אַ לעגענדע. דאָס איז געווען מיט גאָר אַ סך יאָרן צוריק, געוויס איבער טויזנט יאָר, ווען די טשעכן זיינען נאָך געווען געצנדינערס. דעמאָלט האָט געהערשט די פּרינצעסין ליבושע, די לעגענדאַרע גרינדערין פֿון פּראָג. מען דערציילט וועגן איר אַז זי האָט געקענט אַריינקוקן אין דער ווייטער צוקונפֿט. ווען זי איז געווען אויף איר טויטן־בעט, האָט זי גערופֿן צו זיך איר זון נעזאַמיסל און אים געזאָגט: מיינע אור־עלטערן רופֿן מיך צו זיך. איז איידער איך שייד מיך פֿון דער וועלט, וויל איך דיר עפּעס איבערגעבן וואָס האָט צו טאָן מיט דער צוקונפֿט.

אין דער צייט ווען דיין אור־אייניקל וועט הערשן אין אונדזער לאַנד, וועט אַ פרעמד היימלאָז פאָלק, וואָס גלייבט אין איין גאָט, קלאַפּן אין אונדזער טיר. זיי וועלן זוכן שוץ אין אונדזער לאַנד, זאָל דיין אור־אייניקל זיי אויפ־נעמען מיט פריינדלעכקייט, ווייל זיי וועלן ברענגען וואוילזיין און גליק אין די טשעכישע לענדער. הונדערט יאָר נאָך ליבושעס טויט איז אַ באַר־באַרישער שבט באַפאַלן ליטע און די געגנט אַרום. זיי האָבן פאַרטריבן פון דאָרטן די פריערדיקע איינוואוינערס, צווישן זיי אויך די ייִדן. האָבן די ייִדן געוואַנדערט איבער צען יאָר ביז זיי זיינען ענדלעך אָנגעקומען, אין יאָר 850, אין בעהמען. עס איז גראָד געווען די צייט ווען אין לאַנד האָט געקיניגט נעזאַמיסלס אור־אור־אייניקל. אויסגעמאַטערט פון די לאַנגע וואַנ־דערונגען און די סך צרות וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, האָבן די ייִדן געשיקט שליחים צו דעם פרינץ און אים געבעטן ער זאָל זיי לאָזן זיך באַ־זעצן אין זיין לאַנד, און זיי באַשיצן. פון זייער זייט האָבן זיי פאַרשפּראָכן צו זיין זיינע געטרייע און איבערגעגעבענע אונטערטאַנען. דעם טאָג ווען דער פרינץ איז אַרויף אויפן טראָן, האָט זיך צו אים געוויזן אין חלום זיין אור־אור־באָבע ליבושע און זי האָט אים געזאָגט אַז אין דער צייט פון זיין הערשאַפט וועט דערפילט ווערן איר נבואה. האָט ער צונויפגערופן דעם ראָט פון די אַדל־לייט און זיי דערציילט די גאַנצע מעשה. מיט דער צושטימונג פון די אַדל־לייט האָט ער גערופן צו זיך די ייִדן און האָט פאַר זיי באַשטימט אַ פּלאַץ אויף זיך צו באַזעצן אויף דער לינקער זייט פון טייך מאָלדוי. אַזוי קומט אויס, לויט דער לעגענדע, אַז ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין טשעכיע נאָך איידער דאָס לאַנד איז געוואָרן קריסטלעך. און ווי דער בעהמישער כראָניקער דערציילט, האָבן זיי געהאַלטן זייער פאַרשפּרעכן, זיי זיינען געווען געטריי דעם פרינץ און אים געהאָלפן אין אַלע זיינע שלאַכטן קעגן די שונאים זיינע.

אויב אַזאַ מעשה — זאָגט צו מיר מיין פריינד — האָט געקענט לעבן צווישן די טשעכן איז אַ סימן אַז זיי האָבן באַטראַכט די ייִדן ווי זייערע פריינד.

און אָט — רעדט ער ווייטער — וועל איך אייך דערציילן עפּעס וואָס איז שוין גאָרניט קיין מעשה. איך וויים ניט, זאָגט ער, צי איר האָט באַ־מערקט אויף אַ זייט פון די עלעקטרישע טראַמווייען, וואָס לויפן איבער אונדזערע גאַסן, דעם עמבלעם פון דער שטאָט פּראָג. דער עמבלעם איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1920, ווען אָן דער שטאָט פּראָג האָבן זיך אָנגע־שלאָסן עטלעכע אַרומיקע געגנטן און עס איז אויפגעקומען גרויס־פּראָג. עס האָט זיך יעמאָלט געפאָדערט אַ נייער עמבלעם פאַר דער הויפּטשטאָט פון דער ניי־געגרינדעטער רעפּובליק. דער פריערדיקער עמבלעם איז באַ־שטאַנען פון דריי טורעמס, און פון אַ טויער שטעקט אַרויס אַ האַנט מיט אַ שווערד אין פויסט. צו דעם האָט מען איצט צוגעגעבן די באַנערס פון די פריערדיקע זעלבשטענדיקע שטעטלעך און דערפער. ווען מען קוקט זיך

גוט צו, זעט מען אַז דער דריטער באַנער פון רעכטס איז אַ רויטע פאָן מיט אַ מגן־דוד און שוועדישן העלמעט אין צענטער. אַ מגן־דוד ווי אַ טייל פון אַ שטאָטישן עמבלעם איז אַן אייגנאַרטיקע און איינציקע דערשיינונג אין אייראָפּע. די ייִדישע פאָן איז אַ סימבאָל פון דעם אַז אויך ייִדן האָבן זיך באַטייליקט אין אויפהאַלטן און באַשיצן די שטאָט פּראָג.

ווי קומט צו ייִדן אַזאַ פאָן? אין יאָר 1648 זיינען די שוועדן אַריינ־געדרונגען מיט זייער אַרמיי אין בעהמען, זיי זיינען צוגעקומען ביז פּראָג און באַלאַגערט די שטאָט. זי איז געווען אין גרויס געפאַר. האָט דער קאָ־מאַנדיר פון שטאָטישן גאַריזאָן געשיקט אַ שליח צו דעם עסטרייכישן אימ־פּעראַטאָר און געבעטן באַלדיקע הילף. דער שליח איז געווען אַ ייִד. ער האָט זיך דורכגעריסן דורך דער שוועדישער אַרמיי און די הילף איז גאָר גיך געקומען. די ייִדישע הילף איז באַשטאַנען ניט נאָר אין דעם אַליין. ייִדן האָבן זיך אויך אין אַ גרויסער מאָס באַטייליקט אין דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט. צווישן די געפאַלענע און פאַרוואונדעטע זיינען געווען אַ סך ייִדן. ווען עס איז געקומען דער שלום, האָט דער אימפּעראַטאָר באַלוינט די פאַרטיידיקערס פון שטאָט. די ייִדן האָבן געקראָגן די דערלויבעניש צו וואוינען אין אַלע שטעט סיי אין די וואָס האָבן געהערט צו דער אימפּעריע און סיי אין די וואָס זיינען געווען קיניגלעכע, אויך דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין יעדער מין האַנדל, אַחוץ מיט געווער, און ווי אַ סימבאָל פון אָנערקענונג, האָט די ייִדישע געטאָ, אָדער ווי זי האָט זיך גערופן די ייִדישע שטאָט, געקראָגן אַ גרויסע רויטע פאָן מיט אַ מגן־דוד און שוועדישן העלמעט אין צענטער. דאָס איז איין ווערסיע.

אַ צווייטע, און ווי עס זעט אויס אַ מער ריכטיקע, איז, אַז דער העלמעט אין צענטער פון מגן־דוד שטעלט מיט זיך פאָר די הוט וואָס ייִדן פלעגן מוזן טראָגן אין די אַלטע צייטן, כדי אונטערצושיידן זיי פון די אַנדערע איינוואוינערס. די פאָן געפינט זיך נאָך איצט אין דער אַלט־נייער שול, וועגן וועלכער מיר וועלן נאָך דערציילן. זי איז אַ שטילער עדות פון לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן, אַן עדות פון העלדישקייט וואָס ייִדן פון דער פּראָגער געטאָ האָבן ניט איין מאָל אַרויסגעוויזן צו פאַרטיידיקן זייער לאַנד, צו פאַרטיידיקן זייערע אייגענע לעבנס.

## אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פון פּראָג

**איין** טאָג, ווען איך האָב מיט מיין פריינד שפּאַצירט איבער די גאַסן פון פּראָג, זיינען מיר געקומען צו דער היסטאָ־רישער קאַרל־בריק. די בריק געפינט זיך באַרג־אַראָפּ פון אַ באַרימטן שלאָס. אַרויף אויף דער בריק, האָב איך דערזען אַז זי איז רייך מיט פאַרשיידענע מאָנומענטן, מאָנומענטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער גע־

שיכטע פון טשעכיע. נאָך פון ווייטן האָב איך באַמערקט אַ מאָנומענט מיט גרויסע יידישע אותיות איבער אים. איך בין געוואָרן גוואַלדיק פאַראינ־טריגירט און געלאָזט זיך באַלד גיין צו אים. האָב איך דערזען פאַר זיך אַ שטיינערנעם צלם מיט דער סטאַטוע פון דעם געקרייציקטן און רונד אַרום אין גרויסע גאָלדענע אותיות די אויפשריפט: „קדוש, קדוש, קדוש ה׳ צבאות״. אונטן ברענט אַ נר־תמיד און אויף דריי פּלאַטן איז איבערגעגעבן אין קורצן אין דריי שפּראַכן, טשעכיש, לאַטייניש און מיטל־הויך־דייטש, די געשיכטע פון דעם מאָנומענט. אַ גלחשע פּראָצעסיע, ווערט דערציילט, האָט אַראָפּגענידערט פון אַ קלויסטער אויפן באַרג. זאָל יעמאָלט אַ ייד, זיין נאָמען ווערט ניט אָנגעגעבן, האָבן באַליידיקט די פּראָצעסיע. האָט מען געצוואונגען די פּראָגער יידישע געמיינדע אויפשטעלן אויף זייער חשבון דעם מאָנומענט. אויפן טאָוול זאָגט זיך: דריי מאָל הייליק, הייליק, הייליק צו עהרן קריסט דעם געקרויציקטען״. אויפגעשטעלט דעם מאָנומענט האָט מען אין יאָר 1696 אויף אַ באַפעל פון קיניגלעכן טריבונאַל.

איך פאַרטראַכט זיך. איך וויל זיך דערמאָנען, צי איך האָב עפּעס ערגעץ אַנדערש וואו אין אייראָפּע געזען אַזאַ מין מאָנומענט. ניין, ניט געזען.

— מאָדנע, זאָג איך צו מיין פריינד, וועגן אַלץ ווערט אויף די טאָוולען דערציילט נאָר דער נאָמען פון דעם יידן ווערט ניט אָנגעגעבן. ענטפערט מיר מיין פריינד:

— אין טשעכישן פאָלק גייט אַרום אַ לעגענדע, אַז אָט דער אַנאָנימער ייד האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן די שאַנדע און טאַקע אויפן זעלביקן אָרט זיך דערטרונקען אין דעם טייך מאָלדוי.

איך שטיי און קען זיך ניט רירן פון אָרט. איך האָב נאָך פריער געהערט וועגן דעם מאָנומענט, אַפילו געזען אַ בילד פון אים. אָבער דאָס איז געווען ווייט פון מיר. איצט, ווען איך בין געשטאַנען לעבן אים און עס געזען פאַר מיינע אייגענע אויגן, איז אויפגעקומען פאַר מיר אַ צווייט בילד: אַ בילד ווי דער בילבול אויף אַ יידן האָט צעווילדעוועט דעם קריסטלעכן המון, אַ בילד פון אַ שוידערלעכן פּאָגראָם, ווען מען האָט ניט געשאַנעוועט אַפילו פּיצעלעך קינדער, אַ בילד ווי מען כאַפּט יידן, אַלט און יונג, און מען וואַרפט זיי אין טייך אַריין. האָבן דאָך אַזעלכע פינצטערע מעשיות ניט איין מאָל געטראָפן מיט יידן אין אייראָפּע.

מיין פריינד האָט באַמערקט מיין אומעט און מיר אַ זאָג געטאָן:

— קומט, איך וועל אייך פירן ווייזן עפּעס אַנדערש.

מיר גייען אַראָפּ פון בריק, זעצן זיך אַריין אין אַ טעקסי און פאָרן צום נייעם פּראָגער ראָטהויז. דאָרטן דערזע איך לינקס פון זיך אָן אָן אויפ־שריפט אַ מאָנומענט מיט טעמפּע מאַסיווע ליניעס, קיין שום שטריך פון אַ פּנים. דאָס איז דער מאָנומענט פון דעם לעגענדאַרן, אייזערנעם ריטער פון פּראָג. איך קוק אויף רעכטס, דערזע איך ווידער אַ באַקאַנטן מאָנומענט, דעם מאָנומענט פון מהרל. דער איינציקער מאָנומענט פון אַ רב איבער דער

גאַנצער וועלט. אויך דאָס בילד פון דעם מאָנומענט איז מיר אויסגעקומען צו זען אין ביכער. און ווידער איז די איבערלעבונג, ווען מען זעט דאָס אַליין, אַ פיל שטאַרקערע, אַ מער דויערנדיקע. איר בלייבט געפּלעפט, פאַרוואונ־דערט. איר זעט פון גרויען מאַסיוון שטיין אויסגעהאַקט אַ מאַיעסטעטישע פיגור פון דעם מהרל. מיט אַן ערנסט־טרויעריקן בליק קוקט ער אַראָפּ אויף דער שטאָט, וואו אים איז אויסגעקומען אַזוי אָפט זיך צו שטעלן קעגן אירע אַמאָליקע יעזואיטישע הערשערס, וואָס האָבן ייִדן ניט איין מאָל געטאָן שלעכטס. אויף דער סטאַטוע איז אויפגעשריבן רבי לבב. אויףביידע סטאַטועס, אי פון דעם מהרל, אי פון דעם ריטער, להבדיל, זעט איר די פיגור פון אַ יונגער פרוי. דאָס איז דעם מהרלס שיינע טאָכטער, וואָס האָט זיך, לויט דער לעגענדע, פאַרליבט אין אַ ריטער. אויף דער ערשטער פיגור קומט זי צו דעם ריטער. אויף דער צווייטער שטויסט דער מהרל צוליב דעם זי אָפּ פון זיך מיט דער לינקער האַנט. ס'איז שווער צו פאַרשטיין צוליב וועלכע מאָטיוון די שאַפערס פון די צוויי מאָנומענטן האָבן אַריינגע־בראַכט די פרויען־פיגור. וואָס האָבן זיי געוואָלט מיט דעם אָנדייטן? זאָל עס זיין אַ דערמאָנונג אָן אַמאָליקע אַלטע צייטן, אַז אַ ייִד וואָס האָט געהאַט אַ שיינע טאָכטער, איז ניט געווען זיכער, אַז עס זאָל ניט קומען אַ ריטער און זי אַוועקפירן?

איר טראַכט אויך אַז אַ סטאַטוע פון שטיין איז אייגנטלעך קעגן דעם ייִדישן דין און צי דער מהרל, ווען מען פרעגט אים, וואָלט דאָס דערלויבט. ייִדן האָבן דעם מאָנומענט ניט אַוועקגעשטעלט. עס האָט אים אַוועקגעשטעלט די פּראָגער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין יאָר 1917 נאָך דעם ווי מען האָט אויפגעבויט דעם נייעם ראָטהויז, גראָד אַ יאָר פאַר דעם אויפקום פון דער פרייער טשעכישער רעפּובליק. דער מאָנומענט איז אַ ווערק פון איינעם פון די באַרימטסטע טשעכישע סקולפּטאָרן.

רופט דאָס אַרויס אין אייך שטאָלץ. אַ גרויסער ייִדישער רב איז אין לויף פון דורות פאַרבליבן באַליבט און געאַכט ניט נאָר ביי ייִדן, נאָר אויך ביי די טשעכן, אַזוי אַז דריי הונדערט יאָר נאָך זיין טויט, (1609), שטעלט די שטאָט־פאַרוואַלטונג אים אַ מאָנומענט. האָט מען דאָך 85 יאָר נאָך זיין טויט אַוועקגעשטעלט דעם שאַנד־מאָנומענט אויף דער קאַרל־בריק. איר ווילט זען אין דעם אַן אויסדרוק פון פריינדשאַפט פון טשעכישן פאָלק צו זיינע ייִדישע מיטבירגערס. איז דאָס ניט געווען אַ סימן, אַז דאָס פרייע טשעכישע פאָלק האָט באַטראַכט, אַז אַלע בירגערס זיינען גלייך און אויך אַן אָנזאָג אויף גוטע צייטן פאַר אַלעמען און פאַר די ייִדן? דערצו שטייט דער מהרל אויף דער ניט־ייִדישער זייט. און דער ריטער אויף דער ייִדישער זייט מיטן פּנים צו דער אַמאָליקער געטאָ. זאָגן די פּראָגער, אַז דאָס איז אַ סימבאָל פון פריינדשאַפט צווישן ייִדן און ניט־ייִדן, אַ סימן פון פולער גלייכהייט, די אָפּשאַפונג פון יעדן אונטערשייד צווישן ייִד און ניט־ייִד.

***

די לעגענדע וועגן דער נבֿואה פֿון דער פּרינצעסין ליבושע דערציילט וועגן דעם אָנהייב פֿון אַ ייִדיש לעבן אין פּראָג, ווען מען האָט די ייִדן אויפֿגענומען מיט פֿריינדשאַפֿט. אַ ייִדישער באַנער אין דעם עמבלעם פֿון פּראָג, אַ מאָנומענט פֿאַר דעם מהר״ל זיינען געווען אַן אָנזאָג אויף אַ גליקלעכער צוקונפֿט פֿאַר די ייִדן אין דער נייער, פֿרייער טשעכישער רעפּובליק.

אָבער אין צווישן זיינען געווען אויך אַנדערע צייטן, צייטן פֿון דעם שאַנד־מאָנומענט אויף דער קאַרל־בריק. ייִדן האָבן ניט איין מאָל איבערגעלעבט טעג פֿון שרעק, ליידן און פּיין. אייגנטלעך, איז דאָס וואָס איז פֿאָרגעקומען מיט ייִדן אין פּראָג געווען אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דעם ייִדישן לעבן אין איראָפּע, באַזונדער אין מערבֿ־איראָפּע. דאָס זעלביקע, מיט געוויסע וואַריאַציעס, וואָלט מען געקענט דערציילן וועגן אַזעלכע שטעט ווי וואָרמס, פֿראַנקפֿורט, ווין, בודאַפּעסט און אַפֿילו פּאַריז און לאָנדאָן. די ערד פֿון איראָפּע איז דורכגעזאַפּט מיט ייִדישע טרערן, מיט ייִדיש בלוט.

קריסטענטום האָט דעם ייִדן אין איראָפּע געבראַכט נאָר צרות און אומגליק. ס׳איז געקומען די געטאָ, די געלע לאַטע. מען האָט דעם ייִדן באַגרענעצט אין זיינע באַשעפֿטיקונגען, מען האָט אים אַראָפּגעשטויסן אויפֿן דעק פֿון דער געזעלשאַפֿט. מען האָט פֿאַרשפּרייט בלוט־בילבולים, בילבולים, אַז אין צייט פֿון אַ מלחמה איז ער אויף דער זייט פֿון שונא, בילבולים, אַז ער פֿאַרסמט דאָס וואַסער אין די ברינימער, כּדי צו פֿאַרשפּרייטן עפּידעמיעס. ער איז געשטעמפּלט געוואָרן ווי אַן אַנטי־קריסט און זיין לעבן איז געווען הפֿקר. מען האָט ניט איין מאָל עפֿנטלעך פֿאַרברענט ספֿרי־תּורות און ייִדישע ספֿרים.

די ייִדישע געטאָ אין פּראָג, אָדער ווי מען האָט זי גערופֿן די ייִדישע שטאָט, איז געווען אַרומגערינגלט מיט זעקס שווערע טויערן, כּדי דער ייִד זאָל ניט קענען אַזוי גרינג אַרויס אויף דער צווייטער זייט. די הייזער אין געטאָ זיינען געווען נידעריקע, זיי זאָלן זיך ניט צו פֿיל אָנזען. איבער זיי איז געווען פֿאַרשפּרייט אַן אומעט. די פֿענצטער פֿאַרבויט מיט גראַטעס. די ליכט, וואָס פֿלעגן פֿינקלען הינטער זיי פֿרייטיק־צו־נאַכט, אָדער אין די יום־טובֿים, חנוכּה — די חנוכּה־ליכט, האָבן אַרויסגערופֿן פֿאַרדאַכט ביי די ניט־ייִדן, (אין יענע צייטן פֿלעגן קריסטן נאָך ניט באַלייכטן זייערע קריסטמעס־ביימער) און זיינען געווען אַ קוואַל פֿון ווילדע מעשׂיות קעגן ייִדן, אַ מיטל צו העצן קעגן זיי.

ווען עס פֿלעגט קומען פּסח, ווען דאָס ייִדישע האַרץ פֿלעגט זיך אָנפֿילן מיט פֿרייד און יום־טובֿדיקייט, פֿלעגט אָבער ערגעץ ווייט אין האַרצן אויך לעבן שרעק. שרעק, אַז ווילדע באַנדעס קענען פּלוצעם זיך אַריינרייסן אין ייִדישע הייזער און ברענגען אומגליק און טויט.

דער ייִד איז קיין מאָל ניט געווען זיכער מען זאָל אים אין גאַנצן ניט פֿאַרטרייבן פֿון לאַנד. גירושים זיינען געווען אַן אָפֿטע דערשיינונג אין די לענדער פֿון איראָפּע. דאָס איז געווען יעדער מאָל, ווען דער קיניג, אָדער

אימפעראַטאָר, האָט געזען, אַז ער האָט שוין דעם ייִדן געמוג אויסגעזויגן און קען פון אים מער ניט קריגן. יעמאָלט האָט ער געוויזן זיין „גוטסקייט" צו זיין אייגענעם פאָלק, יעמאָלט האָבן זיך אין אים אויפגעוועקט קריסט־לעכע געפילן און ער האָט באַפעלן צו פאַרטרייבן די ייִדן פון זיין לאַנד, כדי שפּעטער ווען די קיניגלעכע קאַסע איז ליידיק געוואָרן, זיי צוריק־צוברענגען.

ניט אומזיסט טראַגט דער גרויסער דיכטער ה. לייוויק אין זיין דראַמע: „דער מהרם פון ראָטענבורג" אַריבער די געפאַנגענע אין היטלערס אויס־ראָטונג־לאַגערן קיין מיטל־עלטערלעכן דייטשלאַנד. די מערדערלעכע שווערד איז שטענדיק, אין אַלע דורות און אין אַלע ציטן, געהאַנגען איבער דעם ייִדנס קאָפּ אין אייראָפּע, און זי האָט דערגרייכט אויך צו די ייִדן פון אונדזער צייט. דאָס פריערדיקע, זעט אויס, איז געווען ניט מער ווי אַ פאָרשפּיל.

# ווי לעבן איצט די ייִדן אין טשעכאָסלאָוואַקיע

אין יאָר 1939, ווען די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן דאָרטן געוואוינט 360,000 ייִדן. דורך פאַרשיידענע ניסים זיינען פאַרבליבן לעבן נאָך דער מלחמה בלויז צוויי און פערציק טויזנט. מער ווי אַ העלפט פון זיי האָבן עמיגרירט קיין ישראל. לויט דער אינפאָרמאַציע, וואָס האָט מיר געגעבן אָטאָ הייטלינגער, דער סעקרעטאַר פון דער ייִדישער געמיינדע אין פּראָג, זיינען אין גאַנץ טשעכאָסלאָוואַקיע איצט פאַראַן אַכצן טויזנט ייִדן. פון זיי וואוינען אין גאַנץ בעהמען אַכט טויזנט, פיר טויזנט אין פּראָג גופא, די מערהייט — 70% — איז אין עלטער צווישן 50 און 70 יאָר. אין 1942 האָבן דאָרטן געוואוינט פינף און זעכציק טויזנט ייִדן.

גרויס איז דער ווייטיק, ווען מיר ציילן די אומגעקומענע ייִדישע נפשות, גרויס איז דער ווייטיק, ווען מיר טראַכטן וועגן דעם ווי אַזוי זיי זיינען אומגעקומען, וועגן די איבערמענטשלעכע ליידן און פּיין, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. עס טוט אָבער ניט ווייניקער וויי, ווען מען טראַכט וועגן די גרויסע צענטערס פון ייִדישן לערנען, פון ייִדישן גייסטיקן שאַפן וואָס זיינען מיט אַמאָל אָפּגעווישט געוואָרן, אויסגעגליכן געוואָרן מיט דער ערד און ניטאָ. אַזאַ צענטער איז אַמאָל געווען די שטאָט פּראָג.

דאָרט האָט תמיד געבליט אַ ייִדיש גייסטיק לעבן. עס איז טאַקע ניט אַלע מאָל געווען פריילעך אין דער ייִדישער געטאָ, ניט אַלע מאָל האָט דער ייִד זיך דאָרטן געפילט זיכער און רואיק — אָבער ייִדן האָבן ניט אָפּגע־שטעלט זייער גייסטיק לעבן. קומט איר אַריין אין ייִדישן מוזיי — איך וועל וועגן אים נאָך רעדן שפּעטער — געפינט איר דאָקומענטן וואָס דער־

ציילן וועגן לויב־געזאַנגען פון טשעכישע קיניגן צו פאַרשיידענע באַלמע־לאָכישע חברות, וועגן ייִדישער העלדישקייט ביים פאַרטיידיקן די שטאָט פראָג פון פאַרשיידענע אָנפאַלערס, איר לייענט ליכטיקע בלעטער פון ייִדישן מוט, איר לייענט אויך ווי אין פראָג און אַנדערע ייִדישע געמיינדעס פון בעהמען און מעהרען האָט געבליט ייִדישקייט, האָט זיך ווייטער געשמידט די גאָלדענע קייט פון ייִדישן וויסן, פון ייִדישן לערנען.

צוויי הונדערט יאָר, אָנהייבנדיק מיט דעם זעכצנטן יאָרהונדערט, איז פראָג געווען די מעטראָפּאָליע פון ייִדישן לעבן אין אייראָפּע. זי איז געווען באַקאַנט ווי אַן עיר ואם בישראל, אַ שטאָט און אַ צענטער ביי ייִדן. די פראָגער געטאָ איז פאַקטיש געווען אַן אויטאָנאָמע ייִדישע שטאָט, מיט איר אייגענער פּאָליציי, אייגענע שטייער־מאָנערס, אייגענע ריכטערס, און אַן אייגענע פאָן. נאָך מער, די געטאָ האָט אויך געהאַט איר אייגענעם מעיאָר און אייגענעם ראָטהויז, וואָס איז ניט געווען אין קיין אַנדער שטאָט פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט. פראָג איז אויך געווען די ערשטע שטאָט אין צענטראַל אייראָפּע, וואו עס איז אויפגעקומען אַ דרוקעריי פון ייִדישע ספרים. די ערשטע ספרים האָבן זיך דאָרטן געדרוקט אָנהייב זעכצנטן יאָרהונדערט. איינע פון די ערשטע אויסגאַבעס פון דער דרוקעריי איז געווען אַן אילוסטרירטע הגדה. די ערשטע פּובליקאַציעס פון דער דרוקעריי געפינען זיך איצט אין דער ביבליאָטעק פון אָקספאָרדער אוניווערסיטעט אין ענגלאַנד.

פראָג איז אויך געווען איבער דער ייִדישער וועלט אַ באַקאַנטער צענטער פון תורה און לומדות. אַחוץ דעם מהר״ל האָט אין פראָג אויך געווירקט און געשאַפן אַ מחבר פון וויכטיקע ייִדישע ספרים אין וועלכע ער האָט פאַרטיפט די אידיי פון ייִדישקייט, ר׳ יום־טוב ליפּמאַן־מילהויז. ער איז געווען פראָגער רב און ראָש־ישיבה.

דאָרטן האָט אויך געלעבט ר׳ אַביגדור קאַראָ, איבער דער גאַנצער ייִדישער וועלט באַקאַנטער רעליגיעזער פּאָעט און דענקער, דוד בן שלמה גאַנז, אַ ייִדישער היסטאָריקער און אַסטראָנאָם. ער איז געווען דער ערשטער מאָדערנער ייִדישער היסטאָריקער. ער איז געווען אַן אינטימער פריינד פון די באַרימטע אַסטראָנאָמען קעפּלער און טיכאָ בראַהע, וואָס האָבן אין זיין צייט געלעבט אין פראָג; יוסף שלמה בן אליהו דעלמעדיגאָ — אַסטראָנאָם, מאַטעמאַטיקער, תלמודיסט. געווען אַ תלמיד פון גאַלילייִ. ער האָט געשריבן ספרים און וויסנשאַפטלעכע ביכער; און מיר וואָלטן געקענט אויסרעכענען נאָך און נאָך.

נאָך פאַר דער עמאַנסיפּאַציע, וואָס איז ערשט געקומען אין יאָר 1848, האָבן ייִדן גענומען זיך פאַרבינדן מיט דער אייראָפּעאישער קולטור, באַזונדער מיט דער דייטשישער וואָס האָט דאָמינירט אין פראָג. האָבן זיך דאָרטן באַוויזן אַ ריי גרויסע וועלט־באַרימטע נאָוועליסטן ווי פראַנץ קאַפקאָ, פראַנץ ווערפעל, מאַקס בראָד און נאָך און נאָך אַנדערע.

***

יע, פּראָג איז אַמאָל געווען אַ שטאָט און אַ צענטער ביי ייִדן — אָבער, ווען איר קומט איצט אין פּראָג געפינט איר ניט מער ווי אַ גאָר בלאַסן שאָטן פון דעם אַמאָל.

דאָס איז מיר קלאָר געוואָרן ווי נאָר איך האָב זיך גענומען באַגעגענען מיט מענטשן, ווי נאָר איך האָב גענומען זיך צוקוקן צום ייִדישן לעבן. באַזונדער איז דאָס קלאָר אַרויסגעקומען אין מיין געשפּרעך מיט דעם סעקרעטאַר פון דער געמיינדע אָטאָ הייטלינגער. די ציפער אַליין, אַ פיר טויזנט ייִדן אין פּראָג, האָט מיר אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן. איך האָב געוואוסט, ווי אַלע ייִדן, וועגן דער אויסמאָרדונג פון אונדזער פאָלק — אָבער, ווען איך האָב זיך מיט דעם אַליין באַגעגנט, דערזען פאַר זיך וואָס עס איז געוואָרן פון דער גרויסער ייִדישער געמיינדע אין פּראָג, איז מיר קאַלט געוואָרן אין אַלע גלידער. דערצו דאַרף מען געדענקען אַז פּראָג איז געווען מיין ערשטע סטאַנציע. איר הערט אויך, דאָס האָט מיר דער סעקרעטאַר ניט דערציילט, אַז די אמתע טשעכישע ייִדן וואָס זיינען פאַרבליבן לעבן, האָבן אין צייט פון דער מלחמה געביטן זייערע נעמען אויף ריין טשעכישע, און כאָטש קיינער וואָלט זיי ניט געטאָן קיין שום שלעכטס, ווען זיי דעקן אויף זייערע אמתע נעמען, טוען זיי דאָס ניט. מסתמא טראַכטן זיי, כאָטש עס איז פאַר דעם ניטאָ קיין שום סיבה, אַז אַזוי איז זיכערער. ווי באַקאַנט ווערט אין סאָוועט־רוסלאַנד אַריינגעשריבן אין פּאַס, וואָס מען איז און אין ייִדישע פעסער איז קלאָר אָנגעשריבן דאָס וואָרט „ייִד“. ניט אַזוי אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער. אייער פאָלקס־אָנגעהעריקייט ווערט אין פּאַס ניט פאַרצייכנט, אַוודאי ניט אייער רעליגיע. איז מען אָפיציעל טשעכן, אָדער בירגערס פון בעהמען, מעהרען, אָדער סלאָוואַקיע. ס'איז אַזוי אַרום זייער גרינג זיך צו פאַרלייקענען. ווי ייִדן גיבן זיך אין פּראָג אַרויס די וואָס קומען פון סלאָוואַקיע, אָדער פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה האָט רוסלאַנד צוגענומען פאַר זיך קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, אָדער רוטעניע. זיך צו ראַטעווען זיינען אַ סך ייִדן אַוועק קיין טשעכיע, אָבער אין יאָר 1948 זיינען זיי ווידער אַריינגעפאַלן אין קאָמוניסטישע הענט.

די רעגירונג אין טשעכאָסלאָוואַקיע אָנערקענט די רעליגיעזע ייִדישע געמיינדע. זי צאָלט געהאַלט דעם רב, דעם חזן, דעם שמש און די משגיחים אויף כשרות. ביי דער פּראָגער געמיינדע געפינט זיך אין ייִדישן ראַטהויז, וואָס איז פאַרבליבן פון אַמאָליקע יאָרן, אַ כשרע קיך און די רעגירונג דעקט דעם דעפיציט, ווען אַזאַ איז פאַראַן. עס עקסיסטירט אויך אַ צענטראַל־ראַט פון די ייִדישע געמיינדעס אין בעהמען און מעהרען. אַלץ ווערט שטרענג קאָנטראָלירט פון דער רעגירונג. דער פאָרזיצער פון ראַט איז פּראַנצעסק עהרמאַן, אַ באַקאַנטער קאָמוניסט. זיין וואָרט איז דאָס לעצטע וואָרט. דער סעקרעטאַר — זיין געהאַלט צאָלט אויך די רעגירונג — ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָט פריער געאַרבעט אין אינער־מיניסטעריום פון דער איצטיקער רעגירונג און געהאַט אַ קנאַפּע באַציאונג צום ייִדישן רעליגיעזן לעבן.

מיין געשפּרעך מיט אים, האָב איך געפירט אין ייִדיש און ער האָט גערעדט אַ זייער גוטן ייִדיש.

איך בין געווען פאַראינטערעסירט צי ייִדן אין פּראָג קענען זיך קויפן סידורים, טליתים און וואו זיי קריגן מצה אויף פּסח. זאָל מען זיך ניט וואונדערן, וואָס דאָס זיינען געווען מיינע ערשטע פראַגעס. דאָס פאַרווערן ייִדן צו קריגן מצה, סידורים, טליתים איז געוואָרן אַ סימבאָל פון דער רוסישער שנאה צו ייִדישקייט. דעם סעקרעטאַרס ענטפער איז געווען, אַז סידורים און טליתים באַשטעלט מען אין זשענעווע; אין סלאָוואַקיע באַקט מען מצה אין אַ רעגירונג־פאַבריק אונטער דער אויפזיכט פון רב.

איך האָב געוואָלט וויסן, צי עס זיינען אין פּראָג פאַראַן קינדער־שולן אויף צו לערנען ייִדישקייט. דער ענטפער איז געווען אַז ניין. ווען איך האָב געפרעגט פאַרוואָס, איז געקומען אַ שאַרפער און קורצער זאָג:

— די עלטערן זיינען ניט פאַראינטערעסירט.

איך האָב אָבער ניט אָפּגעלאָזן:

— זאָגט מיר, פרעג איך, וואָס געשעט ווען עלטערן ווילן פּראַווען אַ בר־מצווה פאַרן זון?

— יעמאָלט, ווען עס איז דאָ אַזאַ פאַל, ענטפערט ער — גרייט דער רב צו דעם ייִנגל צו דער בר־מצווה.

איך וויל באַמערקן, אַז איך האָב שפּעטער געפונען אין אַן אינפאָרמאַציע־בולעטען, וואָס עס גיט אַרויס דער ראָט פון אַלע געמיינדעס, אַזאַ נייס, איך ציטיר בוכשטעבלעך:

„בר־מצווה האָבן געפייערט צווישן דעצעמבער, 1963 ביז דעם 15־טן מערץ, 1964, דריי ייִנגלעך, איינער אין טרנאַוואַ און צוויי אין טעפּליטסע לאַזינע". דאָס זיינען צוויי שטעטלעך. הייסט דאָס, אַז אַ בר־מצווה־פייערונג איז אַזאַ זעלטנהייט, דאָס עס ווערט אַ נייס. אינטערעסאַנט, וואָס אין פּראָג זיינען אין לויף פון דער צייט קיין בר־מצווהס ניט פאָרגעקומען, יעדנפאַלס ניט קיין אָפיציעלע.

נאָר לאָמיר איבערגיין צו מיין געשפּרעך מיט דעם סעקרעטאַר.

— ווי איז, פרעג איך ווייטער, אַז עלטערן ווילן זייערע קינדער זאָלן קענען דאַווענען, זיין באַהאַוונט אין ייִדישקייט, וואָס טוען זיי יעמאָלט?

— דאָס קינד קען לערנען ביי אַ פּריוואַטן רבין, אָדער ביים רב. קיינער פאַרווערט דאָס ניט און קיינער שטערט ניט. — קומט דער ענטפער.

## ווי ייִדן פּראַווען יום־טובים אין טשעכאָסלאָוואַקיע

**בעת**ביין געשפּרעך מיט דעם סעקרעטאַר פון די ייִדישע געמיינדעס אין טשעכאָסלאָוואַקיע, אָטאָ הייטלינגער, האָב איך אים געפרעגט:

— קריגט איר געלט פון דער שילומים־קאָנפערענץ? איך האָב אינ־פאָרמאַציע אַז היינטיקס יאָר האָט איר אין טשעכאָסלאָוואַקיע געקראָגן דריי און אַכציק טויזנט דאָלאַר, שטימט דאָס? און אויב יאָ, וואָס טוט איר מיט דעם געלט?

— יע, מיר קריגן געלט פון דער שילומים־קאָנפערענץ. דאָס געלט גייט, די ערשטע זאַך צו העלפן יידישע פאַמיליעס, וואָס זיינען אין נויט. צווישן יידן זיינען פאַראַן אַ סך אַלטע און שוואַכע, וואָס מוזן געהאָלפן ווערן.

— וואָס נאָך? — פרעג איך ווייטער.

— מיר גיבן אַרויס דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „וועסטניק״, אַ יאָרבוך מיט מאַטעריאַלן וועגן יידישן לעבן און גרייטן איצט צו אַ זאַמלונג וועגן טערעזין־שטאָט (דאָרטן האָט זיך געפונען אַ דייטשישער פאַרניכטונג־לאַגער).

— איז דאָס אַלץ וואָס איר טוט פאַר דעם געלט? — לאָז איך ניט אָפּ.

— אַ יע, ענטפערט ער, מיר אַראַנזשירן עפנטלעכע פייערונגען פון די יידישע יום־טובים.

— וועלכע? — פרעג איך ווייטער.

— היי־יאָר, זאָגט ער, האָבן מיר דורכגעפירט אַ חנוכה־יום־טוב, חמשה־עשר־בשבט־פייערונג, אַ פורים־יום־טוב.

— און פסח? פרעג איך.

— סדרים פראַוועז די, וואָס ווילן עס, ביי זיך אין שטוב.

— אויב אַזוי, ווייל איך וויסן, וואָס איז דער זין פון פראַווען עפנטלעך די דערמאָנטע דריי יום־טובים?

זיין ענטפער איז געווען, אַז זיי האַלטן אַז עס דאַרפן זיין געלעגנהייטן ווען יידן זאָלן זיך צוזאַמענקומען און פאַרברענגען אין אַ יום־טובדיקער פייערלעכער סביבה. באַזונדער, ווען מען וויל מיט די יום־טובים צוציען די יוגנט. אַזוי ווייזט ער אָן אַז ביי דער פורים־פייערונג איז שטאַרק געווען פאַרטראָטן די יוגנט און אַז נאָך אַ קאָנצערט־פּראָגראַם, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט באַרימטע פּראַגער זינגערס, האָט די יוגנט געטאַנצט ביז דעם גרויען פרימאָרגן אונטער דער באַגלייטונג פון אַ דזשעז־אָרקעסטער. דאָס קומט אויך פאָר ביי די אַנדערע יום־טובים. איך געפין אויך פון אים אויס, אַז צו די יום־טובים קומען פון הונדערט ביז הונדערט און פופציק מענטשן.

איך בין נייגעריק צו וויסן וואָס פאַר אַ כאַראַקטער די יום־טובים טראָגן. איך קוק אויף אים און טראַכט ביי זיך אין האַרצן: עס זיצט דאָך פאַר מיר אַ וועלטלעכער ייד, דערצו אַ קאָמוניסט, וואָס האָט אַ קנאַפּע שייכות מיט רעליגיע. איז דאָס ניט אַ קאָמעדיע, וואָס אַזאַ איינער האָט די אויפזיכט איבער רעליגיעזער יידישקייט אין טשעכאָסלאָוואַקיע? ווי איך האָב שוין דערציילט, דערמאָן איך מיר אויך, אַז אַ באַקאַנטער ייד מיינער אין פּראָג קלאַפּט אָן די מזוזה פון אינעווייניק אָנשטאָט פון דרויסן.

הייב איך אָן רעדן פּאַרזיכטיק. איך וויל דעם סעקרעטאַר ניט אָוועק־שטעלן אין אַ ניט־באַקוועמער לאַגע. זאָג איך אים: ווי איר קוקט מיך אָן בין איך אַ וועלטלעכער ייִד. די אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער איך בין פאַר־בונדן, איז אַ וועלטלעכע. מיר פירן אויך דורך עפנטלעכע יום־טובים. אָט צום ביישפּיל, אונדזער חנוכה־יום־טוב באַשטייט אין דעם, וואָס מען צינדט אָן אַ חנוכה־לאָמפּ און מען רעציטירט דערביי אַ פּאַסיקע פּאָעמע פון אַ ייִדישן דיכטער. דערנאָך קומען פאָר פאָרלעזונגען אין שייכות מיט דעם יום־טוב, אָדער עס ווערט דורכגעפירט אַ חנוכה־שפּיל. איך דערצייל אים דאָס אַלץ כדי ער זאָל זיך פילן פרייער און זיך ניט דאַרפן פאַרשטעלן פאַר מיר.

ער ענטפערט מיר: ביי אונדז בענטשט די חנוכה־ליכט דער חזן. אַזוי ווי עס פאָדערט די ייִדישע טראַדיציע, דער רב האַלט אַ רעדע וועגן דעם באַטייט פון דעם יום־טוב. ערשט נאָך דעם רעליגיעזן צערמאָניאַל פירן מיר דורך אַ קאָנצערט־פּראָגראַם, וואו עס טרעטן אויף זינגערס, אַקטיאָרן מיט רעציטאַציעס, קאָמיקערס מיט הומאָריסטישע נומערן. אַ כאָר זינגט העברע־אישע און ייִדישע לידער.

— איר האָט דערמאָנט, פרעג איך אים, אַז מען לייענט פאָר. איז קענט איר מיר זאָגן אין וועלכער שפּראַך און פון וועלכע שרייבערס?

דער ענטפער זיינער איז געווען, אַז אַלע פאָרלעזונגען קומען פאָר אין טשעכיש פון די ווערק פון ייִדיש־טשעכישע שרייבערס און פון טשעכישע וואָס שרייבן אויף ייִדישע טעמעס, און ער רעכנט מיר אויס אַ ריי נעמען. וועגן די שרייבערס אַ ביסל שפּעטער.

פאַרוואָס חמשה־עשר־בשבט איז אַרויסגעהויבן געוואָרן פון אַ סך אַנ־דערע יום־טובים צו פייערן איז טשיקאַווע. אין באַריכט איז אונדז אויס־געקומען צו לייענען אַז דעם יום־טוב האָט מען היינטיקס יאָר געהאַלטן אין צוויי שטעט, אין גאַלאַנטאַ און פּראָג. אין גאַלאַנטאַ זיינען אַלע געמיינדע־אָנגעהעריקע צוזאַמען מיט זייערע קינדער זיך צונויפגעקומען אין בית־המדרש. דער נשמה־פאַרזאָרגער איזידאָר קאַץ — אַזוי ווערט עס געשריבן, כאָטש עס האָט אַ קריסטלעכן טעם — האָט דערקלערט דעם באַטייט פון דער פייערונג. מען האָט געזונגען קאַפּיטלעך תהילים און טראַקטירט די געסט מיט פופצן מינים פרוכט. אין פּראָג זיינען צום יום־טוב געקומען 100 מענ־טשן. דער ראַבינער האָט דערציילט די געשיכטע פון דעם יום־טוב. אַ זינגער האָט געזונגען העברעאישע און ייִדישע לידער.

אין דער שטאָט גאַלאַנטאַ היטן די ייִדן אָפּ ז׳ אָדר, דעם זיבעטן טאָג אין חודש אָדר. אין דעם טאָג, זאָגט מען, איז געבוירן און געשטאָרבן משה רבינו. אין חומש ווערט מיט גאָרנישט ניט דערמאָנט ווען משה איז געבוירן און געשטאָרבן. עס איז אָבער פאַראַן אַן אגדתא אַז דאָס איז געשען דעם זיבעטן טאָג אין אָדר. עס גייט אַפילו וועגן דעם אַרום אַ וויץ — איין ייִד פרעגט אַ צווייטן, אויב משה איז געבוירן און געשטאָרבן אין דעם זעלביקן טאָג, ווען זשע האָט ער געהאַט צייט אַרויסצופירן די ייִדן פון מצרים?

ענטפערט דער צווייטער ייִד: וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט? יענעם יאָר איז געווען אַן איבער־יאָר. פרומע ייִדן, באַזונדער חסידים, האַלטן דעם טאָג. אין דעם טאָג קומען זיך אויך צונויף די ייִדן פון גאַלאַנטאַ אין שול. דער ראַבינער מאַלט אין אַ רעדע „דאָס גיגאַנטישע בילד פון אונדזער לערער משה", מען זינגט ליטורגיש געזאַנג. דערנאָך קומט פאַר אַ סעודה, מען טרינקט וויין און דער פאָרזיצער פון דער געמיינדע האַלט אַ רעדע.



ווען דער סעקרעטאַר פון געמיינדע־ראַט האָט מיר דערציילט אַז לויט אַן אַלטער טראַדיציע, וואָס ווערט נאָך איצט אָנגעהאַלטן, פּראַוועט מען יעדער יאָר אין חודש תמוז אַ סעודה אין כבוד פון דער חברה־קדישא און אַז היי־יאָר האָט מען געפּונען פאַר נייטיק ספּעציעל צו פּייערן 400 יאָר זינט זי האָט זיך געגרינדעט, בין איך געוואָרן נייגעריק. אין מיין פאַרשטעלונג פאַרנעמט זיך אַ חברה־קדישא מיט באַגראָבן טויטע און צייכנט זיך ניט אויס מיט עפּעס אַנדערש. וואָס מער איך האָב גערעדט מיט פּראָגער ייִדן, אַלץ מער איז מיין נייגעריקייט געשטיגן. פון אַלע זייטן האָב איך געהערט באַגייסטערטע רייד: אַזאַ חברה־קדישא איז נאָר געווען ביי אונדז. עס איז קיין מאָל ביי ייִדן ניט געווען אַזאַ חברה. איך בין געוואָרן נאָך מער פאַר־אינטריגירט, נאָך דעם ווי איך האָב באַזוכט דעם פּראָגער ייִדישן מוזיי. דאָרטן האָב איך געפונען קינסטלערישע בילדער פון הויכער קוואַליטעט, וואָס שילדערן די טעטיקייטן פון דער חברה. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט האָט די חברה איבערגעגעבן צוויי מאָלערס, זייערע נעמען זיינען ניט באַקאַנט, צו מאָלן בילדער וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען געוויסע פאַזעס פון דער חברהס טעטיקייט. איין בילד ווייזט אַ דאָקטערס וויזיט ביי אַ קראַנקן־בעט; אַ צווייטס אַ מנין ביים בעט פון אַ שטאַרבנדיקן און נאָך ענלעכע בילדער. אין גאַנצן 20 בילדער. נאָר דריי האָבן ניט צו טאָן מיט דער אַרבעט פון דער חברה. איינס ווייזט ווי ייִדן קומען בעטן מחילה אויף זייערע זינד ביים קבר פון מהרל; אַ צווייט בילד ווי ייִדן קומען אויף אַ בית־עולם אין דעם טאָג פאַר ראָש־חודש אלול בעטן מחילה ביי די געשטאָרבענע. דאָס דריטע בילד איז שוין אַ פּריילעכס. עס ווייזט די יערלעכע סעודה פון דער חברה.

אָט איז די געשיכטע פון דער חברה, ווי איך האָב עס אויסגעפונען. עס איז באמת אַן אויסערגעוויינטלעכע געשיכטע. אין 1559 האָט מען פאַרטריבן די ייִדן פון פּראָג. אין 1564 האָט מען זיי דערלויבט צוריקצוקומען. זיי האָבן אָבער געדאַרפט אַלץ אָנהייבן פון דאָס ניי. האָט דער גייסטיקער פירער פון די צוריקגעקומענע, דער רב אליעזר אַשכנזי, גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן די חברה־קדישא גמילות־חסדים, אַ חברה וואָס האָט אייגנטלעך עקסעסטירט נאָך פריער. די הייליקע ברודערשאַפט, ווי זי האָט זיך גערופן, האָט, פאַרשטייט זיך, געטאָן איר פליכט צו די טויטע. זי האָט אָבער זיך אויך געזאָרגט וועגן די לעבעדיקע. זי האָט שטענדיק געדענקט,

אַז זי איז אויך אַ חברה פון גמילות־חסדים. האָט זי זיך געזאָרגט פון געבורט ביז צום קבר פאַר די וואָס האָבן זיך אין דעם גענייטיקט. זי האָט געהאָלפן קימפּעטאָרינס, באַזאָרגט מיט אַלץ פאַר דעם ברית און מיט נדן אָרעמע כּלות. ווינטער האָט זי באַזאָרגט אָרעמעלייט מיט האָלץ צו הייצן דעם אויוון, געגעבן מעות־חטים. געזען, אַז אַן אָרעמאַן זאָל שבת און יום־טוב ניט זיצן ביי אַ ליידיקן טיש, געהאָלפן ישיבות און ישיבה־בחורים, געהאָלפן אָרעמע ייִדישע געמיינדעס. אין 1730 האָט זי בייגעטראָגן אַ באַדייטנדיקע סומע אויף אָפּצודרוקן אַן אויסגאַבע פון דעם תּלמוד. אין יעדער נויטפאַל — אין פאַל פון עפּידעמיעס, שׂרפות, אין פאַל ווען מען האָט ייִדן אָנגעטאָן צרות, איז דאָס געווען די חברה־קדישא וואָס איז גיך און ברייט געקומען צו הילף. די חברה האָט געפאָדערט פון די מיטגלידער אירע, אַז אויך זייער פּערזענלעכע אויפפירונג זאָל זיין אַן עכט עטישע.

אויף דער פייערונג וואָס איז היי־יאָר פאָרגעקומען האָט דער קרייז־ראַבינער ד״ר פאַרקאַש דערציילט אַז די חברה איז אין לויף פון די פיר הונדערט יאָר געווען דאָס האַרץ פון ייִדישן לעבן אין פּראָג, אַז קיין אַנדער גרופּע האָט ניט געהאַט אַזוי פיל פאַרדינסטן פאַר ייִדישקייט. אין ערשטן אויגנבליק, האָט ער געזאָגט, קען זיך אויסדוכטן מאָדנע, אַז אַ חברה וואָס פאַרנעמט זיך מיט באַגראָבן טויטע האָט געהאָלפן אויפהאַלטן ייִדישקייט. איז דען, פרעגט ער, ייִדישקייט אַ רעליגיע פון טויט? זיכער ניט. ווערט דאָך געזאָגט, אַז גאָט איז דער גאָט פון לעבן און זיין תּורה איז די תּורה פון לעבן. שטייט דאָך געשריבן אין תּהלים: ניט די טויטע לויבן גאָט און ניט די וואָס נידערן אַראָפּ אין דער טיפעניש. די חברה, האָט דער ראַבינער געזאָגט, האָט אויפגעהאַלטן ייִדישקייט מיט אירע שיינע מעשׂים. דער זין פון ייִדישקייט איז ליבע, ליבע צו מיטמענטשן, דאָס טייער־האַלטן און אָפּהיטן אייביקע גייסטיקע ווערטן. אָט צו דעם האָט די חברה זיך געווידמעט. דעריבער איז זי געווען דאָס ייִדישע האַרץ פון פּראָג און מען געדענקט זי ביז היינט מיט דער גרעסטער פאַרערונג. גלייך נאָך דער מלחמה, ווען פּראָג האָט זיך באַפרייט פון די דייטשן, איז די חברה ווידער געקומען צום לעבן. זי באַדינט איצט ניט מער ווי אַ קליינעם רעשטל פון אַמאָליקן פּראָגער ייִדנטום. די דריי בית־עלמינס, אויף וועלכע די חברה האָט אַכטונג געגעבן פאַר דער מלחמה, זיינען נאָך דאָ איצט. די דייטשן האָבן זיי ניט צעשטערט.

## אַ צוזאַמענפאָר פון ייִדישע געמיינדעס אין טשעכאָסלאָוואַקיע

**דער** סעקרעטאַר פון דעם געמיינדע־ראַט האָט מיר געגעבן לייענען אַ געדרוקטן באַריכט פון דעם צוזאַמענפאָר פון אַלע ייִדישע געמיינדעס אין בעהמען און מעהרען, וואָס איז אָפּגעהאַלטן

געוואָרן אין פּראָג דעם 24סטן נאָוועמבער, 1963. דער פריערדיקער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין 1959. איך האָב זיך מיט גרויס נייגעריקייט אַ כאַפּ געטאָן צו דעם באַריכט. איך בין געווען זיכער, אַז אָט וועל איך קריגן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דעם ייִדישן לעבן אין טשעכיע. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע געמיינדעס האָט געהאַט פאַר זיך די הויפּטזאַך צוויי פּראָבלעמען. ערשטנס, כרושטשאָווס שלום־אָפּענסיווע און צווייטנס, דעם נאַציזם אין מערב־דייטשלאַנד. דאָמינירט אויף דעם צוזאַמענפאָר האָט דער שוין פריער דערמאָנטער פּאָרזיצער פראַנציסעק עהרמאַן. ער האָט אין זיין פּראָגראַם־רעדע פאָרגעשטעלט כרושטשאָוון ווי דעם מלאך פון שלום און די פּרעמיערן פון די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, פאַרשטייט זיך מיט דעם אויסנאַם פון כינע און אַלבאַניע, ווי זיינע אַפּאָסטאָלן. כרושטשאָוו איז געפאָרן קיין אַמעריקע — דער לייענער געדענקט דאָך זיכער ווי ער האָט אויף אַ זיצונג פון די פאַראייניקטע פעלקער אַראָפּגענומען די שיך און מיט דעם געקלאַפּט אין טיש — כדי צו רופן די וועלט צום אייביקן שלום, מען זאָל די שווערדן איבערשמידן אין אַקער־אייזנס.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער פּרעזידענט פון טשעכאָסלאָוואַקיע, אַנטאָני נאָוואָטני, ווערט שטאַרק געלויבט פאַר זיין באַגער נאָך שלום. ער זאָרגט זיך וועגן דעם, טאָג און נאַכט.

די צווייטע טעמע פון דעם פּרעזידענטס רעדע איז געווען, אַז דער נאַציזם וואַקסט אין מערב־דייטשלאַנד. צום גליק איז אָבער דאָ אַ צווייטע דייטשלאַנד — מזרח־דייטשלאַנד. „דאָרטן איז אויפגעקומען אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, אין איר שפּיץ שטייען אויסגעפּרואווטע קעמפּפערס קעגן דעם פאַשיזם“. ער האָט זיך אין דעם איבערצייגט, ווען ער איז געווען דאָרט אויף אַ באַזוך.

איך וויל דאָ ניט פאַרטיידיקן מערב־דייטשלאַנד. אויב איך שטעל מיר אויף דעם אָפּ איז, ווייל דאָס איז געווען דאָס לידעלע וואָס איך האָב שפּעטער געהערט פון יעדן אומעטום וואו איך בין געווען. עס איז אויסגעקומען, אַז די דייטשן וואָס וואוינען אין מזרח־דייטשלאַנד, האָבן קיין ייִדיש האָר אַפילו ניט אָנגערירט. די מערדערס זיינען נאָר געווען די וואָס וואוינען איצט אין מערב־דייטשלאַנד. אַלע פיינע, אָנשטענדיקע דייטשן שטאַמען פון מזרח־דייטשלאַנד, אָדער האָבן זיך דאָרטן באַזעצט.

נאָך אינטערעסאַנטער איז די רעזאָלוציע, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען. דאָרטן ווערט אויסגעדריקט אַ דאַנק כרושטשאָוון, וואָס צוליב זיין גרויסן דורשט נאָך פרידן איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ וועלט־קאַטאַסטראָפע אין צייט פון דעם קובאַ־קריזיס. עס קלינגט אַזוי ווי מען וואָלט באַדאַנקט אַ גנב וואָס האָט אומגעקערט די גנבה. עס ווערט גערופן צו קעמפן קעגן מיליטערישע באַזעס און אַז עס זאָל קומען אַ צייט ווען דער באַגריף „קריג“ וועט פאַרשווינדן איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון מענטשלעכן טראַכטן. אין דער רעזאָלוציע ווערט אויך געזאָגט אַז די מיגלעכקייט פון קריג איז שוואַכער געוואָרן צוליב דעם וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע האָט זיך געענדערט,

ווײַל עס האָבן זיך געביטן די כוחות־פֿאַרהעלטענישן אויף דער וועלט. די וואָס ווילן פֿרידן, געמיינט מסתמא רוסלאַנד, האָבן מיליטעריש די איבער־געוויכט איבער די וואָס זוכן קריג. דאָס דערמאָנט אָן דעם ווערטל: זיך מאַכן חזיר־פּיסל־כשר. פֿאַרשטייט זיך, אַז די רעזאָלוציע רופֿט אויך צו קעמפֿן קעגן די נעאָפֿאַשיסטן און רעוואַנשיסטן.

מיר האָבן אין די פֿאַרהאַנדלונגען פֿון צוזאַמענפֿאָר ניט געפֿונען קיין שום אָנדייט אויף ייִדישע פּראָבלעמען אין טשעכאָסלאָוואַקיע. מען האָט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן די פּראָבלעמען וואָס זיינען אויפֿגע־קומען צוליב דעם וואָס ייִדן זיינען אַזוי קליין אין צאָל, וועגן געמישטע חתונות, וואָס זיינען אַזוי שטאַרק פֿאַרשפּרייט, וועגן צעבראָכענע לעבנס ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער מלחמה און דעם היטלעריזם. עס האָט זיך אויך גע־שאַפֿן דער איינדרוק, אַז ייִדן אין טשעכאָסלאָוואַקיע זיינען ניט מער ווי אַ באַזונדערע רעליגיעזע געמיינדע, וואָס האָט קיין שום שייכות ניט אַפֿילו מיט ייִדן אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, אַוודאי און אַוודאי ניט מיט ייִדן איבער דער וועלט. אָט אַזוי רעדן דאָך ביי אונז די ייִדן פֿון דעם טרויעריק באַרימטן „קאָונסיל אָוו דזשודאַיזם".

דער סעקרעטאַר האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט, וואו ער האָט דערציילט וועגן דער כשרער קיך, וועגן די צייטשריפֿטן פֿון דעם ייִדישן געמיינדע־ראַט און וועגן די יום־טובים, וואָס מען פֿירט דורך. דער איינציקער אינטערע־סאַנטער פּונקט אין זיין באַריכט איז געווען אַז אין בעהמען און מעהרען זיינען דאָ פֿיר הונדערט בית־עולמס, אָבער אין גוטן צושטאַנד זיינען נאָר די, וואו עס זיינען פֿאַראַן ייִדישע געמיינדעס, אָדער עס וואוינען גלייביקע ייִדן. די זעלביקע לאַגע איז מיט די איבערגעבליבענע בתי־מדרשים. ער האָט מיט איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן דעם, אַז מען האָט אין לויף פֿון יאָר געקראָגן אַ היפּשע סומע — טאַקע דורך די ייִדן אין די קאַפּיטאַליס־טישע לענדער און טאַקע פֿון דער פֿאַרהאַסטער מערב־דייטשלאַנד — פֿון די דייטשישע געלטער. קלאָר, אַז מען האָט אויך ניט דערציילט וואָס מען האָט געטאָן מיט די געלטער. וויפֿל נויט־באַדערפֿטיקע מען האָט געהאָלפֿן מיט דעם און אַז אַ טייל פֿון דעם געלט האָט אויך געדאַרפֿט גיין פֿאַר דעם ייִדישן מוזיי אין פּראָג. ער האָט אַפֿילו פֿאַרגעסן צו דערציילן, ווי איך האָב דאָס אויסגעפֿונען פֿון ייִדן אין פּראָג, אַז אויף כשרע פֿלייש איז פֿאַראַן אַ קאָראָבקע וואָס ברענגט אַריין פּופֿציק טויזנט טשעכישע קראָן אַ יאָר און וואָס מען טוט מיט דעם געלט. וועגן דעם אַלץ, קיין איין וואָרט ניט. פֿאַר אַלץ, האָט עס געהייסן, גיט די טשעכישע רעגירונג, וועלכע איז פֿול מיט ליטזעליקייט צו ייִדן. האָט טאַקע געהערשט אויף דעם צוזאַמענפֿאָר אַ הויך פּאַטריאָטישע שטימונג. ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען אויסגעדריקט דאַנק און לויב צו דער רעגירונג פֿאַר איר זאָרג וועגן דעם וואוילזיין פֿון די ייִדן.

דער פֿאָרזיצער האָט אויך דערציילט וועגן רייזעס, וואָס ער און אַנ־דערע פֿאַרטרעטערס פֿון דעם געמיינדע־ראַט, האָבן געמאַכט אין אויסלאַנד

און וועגן די וויכטיקע געסט פון אויסלאַנד, וואָס האָבן באַזוכט דעם טשעכאָסלאָוואַקישן ישוב. „אָט די טעטיקייט, זאָגט ער, האָט אונדז געגעבן די מיגלעכקייט צו זיין אַקטיוו אויפן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום אין קאַמף קעגן פאַשיזם, אויפצוטרעטן פאַר דעם וועלט־פרידן און פעלקער־פריינדשאַפט, צוריקצואווייזן פיינדלעכע פאַרלוימדונגען פון אונדזער רעפובליק און צו ווייזן אויסלענדישע באַזוכערס דעם אמתן פנים פון אונדזער געמיינשאַפט”. די רעזאָלוציע דערקלערט: „מיר שטייען פעסט הינטער אונדזער רעגירונג אין איר אינערלעכער און אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק”. עס איז די מאָראַלע פליכט פון יעדן איינעם פון אונדז לויט זיינע כוחות און פעאיקייטן זיך צו שטעלן אין דינסט פון דער געזעלשאַפט (געמיינט פון דער רעגירונג) און אַקטיוו בייצוטראָגן צו איר אַנטוויקלונג. און כדי צו באַווייזן אַז מען פאַרדינט די רעגירונג זאָל זיין גוט צו ייִדן, האָט מען אַרויסגעשטעלט אַ ראַבינער צו דערציילן: „מיר (ייִדן) הייליקן די אַרבעט. אונדזערע צען געבאָט זאָגן אָן ליב דיין שכן ווי זיך אַליין און אַז שוין דער נביא ישעיה האָט געפאָדערט אַלגעמיינע אַנטוואָפנונג און אייביקן פרידן”. ווי עס זעט אויס האָט דער ראַבינער צוליב שיין־רעדעריי, דעם אָנזאָג ליב צו האָבן דעם שכן אַרײַנגעשטעלט אין די צען געבאָט.

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט געשיקט אַ באַגריסונג פול מיט ליב־געזאַנג צו דעם פּרעזידענט פון דער רעפובליק, אַנטאָני נאָוואָטני און צו דעם קולטור־מיניסטער. מען האָט אויך ניט דורכגעלאָזט צו שיקן אַ דעלעגאַציע פון צוזאַמענפאָר צום קולטור־מיניסטער. נאָר דער מיניסטער אַליין האָט די דעלעגאַציע ניט געקענט אויפנעמען, האָט מען זיך באַגנוגנט מיט דעם וויצע־מיניסטער.

דאָס אַלץ האָט מיר געקלונגען זייער באַקאַנט. אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד פלעגט יעדע ייִדישע פאַרזאַמלונג, אויב מען האָט אַזאַ זאַך דערלויבט, דערקלערט אין נאָמען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איר פּאַטריאָטיזם און איר געטריישאַפט צו דעם רעזשים. עס פלעגט תמיד זיך אויך פאַרענדיקן מיט שיקן אַ באַגריסונג צום צאַר און אַ דעלעגאַציע צום אינערן־מיניסטער. געוויינטלעך, פלעגט די דעלעגאַציע אויפנעמען אַ געהילף. ווי עס זעט אויס האָט זיך גאָרניט ניט געביטן. מיט דעם אונטערשייד, וואָס אין רוסלאַנד האָט מען דאָס געטאָן אויס מורא און ביי אַ ייִדישן צוזאַמענקונפט אין פּראָג, וואַרשע, בוקאַרעסט, טוט מען דאָס ניט נאָר אויס מורא, נאָר עס זיצן ייִדישע קאָמיסאַרן וואָס גיבן אַכטונג אַז ייִדן זאָלן חלילה ניט אַראָפּגיין פון גלייכן וועג.

איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט פרומע ייִדן, אָט די פאַר וועמען די ייִדישע געמיינדע עקסיסטירט. זייער שטימונג איז געווען: מען דאַרף דאַנקען גאָט, וואָס מען באַזאָרגט אונדז מיט כלי־קודש. אָבער זיי זיינען געווען שטאַרק באַזאָרגט. מען דאַווענט נאָר אין איין שול אויף ירושלימער גאַס, אַמאָל איז די שול געווען אַ רעפאָרם־שול. קומען יומים־

נוראים דאַוונען צווישן 50 און 100 ייִדן. עס קומט אַ גרעסערע צאָל, ווען די יום־טובים פאַלן אויס אין אַ זונטיק. אָבער פרייטיק־צו־נאַכט און שבת קומען אין שול ניט מער ווי 10־12 ייִדן. ווי עס זעט אויס וועט באַלד ניט זיין קיין מנין צום דאַוונען. ווילן די געמיינדע־פירערס איינפירן, אַז מען זאָל דאַוונען אָן אַ מנין. אויך האָבן זיי זיך שטאַרק געקלאָגט, אַז ווען עס קומט צו אויסטיילן הילף גיט מען גיכער און מער צו די פאַמיליעס פון געמישטע חתונות. מען גיט מער, ווי איינער האָט זיך אויסגעדריקט, צו ערלים. אויך די אָנגעשטעלטע אין דער געמיינדע און אין מוזיי זיינען אין דער מערהייט פון געמישטע חתונות. קומט דעריבער אויס, אַז אַ ניט־ייִד זאָל זיין אַן אָנגעשטעלטער און אַ ניט־ייִדישע פרוי, וואָס איר ייִדישער מאַן איז געשטאָרבן און זי איז געבליבן אַליין מיט קינדער, זאָל קריגן הילף. ווי עס זעט אויס, איז דאָס אַ פּראָבלעם וואָס די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אונדז איבערגעלאָזן, אַ פּראָבלעם, וואָס פּלאָגט ייִדן אין אַ סך לענדער, אויך אין ישראל.

## טשעכישע שרייבערס וואָס שרייבן וועגן ייִדן

איך האָב פריער דערמאָנט אַז דער סעקרעטאַר פון דער ייִדישער גע־מיינדע האָט מיר געגעבן אַ צעטל פון טשעכישע ייִדישע שרייבערס און פון טשעכישע שרייבערס, וואָס שרייבן אויף ייִדישע טעמעס. בין איך גע־ווען נייגעריק אויסצוגעפינען גענויער וועגן די שרייבערס, דער עיקר זייערע טעמעס.

די גוואַלדיקע קאַטאַסטראָפע וואָס היטלער האָט געבראַכט אויף איי־ראָפּע און, באַזונדער אויף ייִדן, האָט איבערגעלאָזן טיפע שפּורן אין פילן און דענקען פון ייִדן און אין טשעכיע אויך פון דער ניט־ייִדישער אינ־טעליגענץ. די באַציאונגען צווישן ייִדן און ניט־ייִדן אין טשעכיע זיינען שטענדיק געווען זייער פריינדלעכע. אַלע צרות פלעגן אויף ייִדן קומען מער פון אַלץ פון די עסטרייכישע הערשערס, אָדער פון דעם פויפּסטס פאַרטרעטערס.

מענטשן קענען ניט באַנעמען די דייטשישע גרויזאַמקייטן און יעדער פיין־פילנדיקער מענטש זעט, אַז דער אומגליק איז געווען אַלעמענס ; ער ציטערט אויף פון דעם געדאַנק, אַז עס איז מיגלעך געווען דער מענטש זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גרויזאַמער ווילדער חיה, אַז דער מענטש זאָל געבראַכט ווערן צו אַ צושטאַנד, ווען מאָרד און פייניקונג פון אומשול־דיקע מענטשן, פון אַלטע לייט און פּיצלעך קינדער זאָל ווערן אַ הייליקע פליכט. דעריבער שוידערט יעדער אָנשטענדיקער מענטש אויף, ווען ער דערמאָנט זיך, וואָס מען האָט מיט ייִדן געטאָן אין צייט פון דער מלחמה. ער נעמט קוקן אויף זיך ווי אויף דעם מיטזינדיקן. ער פילט זיך שולדיק,

וואָס ער האָט געשוויגן, ווען ער האָט צוגעזען די מאָרדן, וואָס ער האָט ניט הויך געשריען, וואָס ער האָט זיך ניט געשטעלט קעגן. און אפשר איז דאָס געווען צוליב דעם, וואָס די גרויזאַמקייט האָט אָנגעוואָרפן אויף אים אַזאַ מורא, אַז ער האָט פאַרלאָרן אַלע חושים, אַז ער איז אַליין געוואָרן אַ הילפלאָז פאַראַליזירט באַשעפעניש און ער האָט אויפגעהערט פונקציאָנירן ווי אַ מענטש. אפשר איז די שולד אין דעם וואָס אויף דער וועלט האָט גע־פעלט ליבע, ליבע פון מענטש צו מענטש.

דער טשעכישער שרייבער יאָזעף שקוואָרעצקי, וועלכער האָט שוין פאַר־עפנטלעכט פריער אַ פּאָר נאָוועלעס און אַלץ אויף ייִדישע טעמעס, ווידמעט זיין נייע נאָוועלע: „דער זיבנבריקער לייכטער". „צו די וואָס זיינען שוין לאַנג טויט און פאַרגעסן" און ער פרעגט: „איז דער קריג ניט געווען גי־כער אַ פאַנטאַסמאַגאָריע, אַ ווילדער חלום, איידער אַ ווירקלעכקייט און אויב ער איז טאַקע געווען ווירקלעכקייט, זיינען מיר באמת מענטשן?". די העלדין פון דער נאָוועלע איז די ייִדישע מיידל רעבעקאַ, וואָס איז די איינציקע לעבן געבליבן פון איר גאַנצער משפחה. זי קומט צוריק צו זיך אין שטעטל און געפינט אויס אַז די נאַציס האָבן דאָרטן אויסגעהרגעט אַלע ייִדן. שקוואָרעצקי ווייזט ווי אין אַנהייב נעמט די ניט־ייִדישע באַפעלקערונג אויף די מיידל כלומרשט פריינדלעך און שפּעטער פאַרבלייבט זי אַן איינזאַמע און דערפילט אַ געוויסע קאַלטקייט צו זיך, אַ קאַלטקייט וואָס האָט געשטאַמט פון אַ שלעכטן געוויסן. רעבעקאַ און אַנדערע ייִדישע העלדן פון דער נאָוועלע ווערן פון שרייבער געשילדערט מיט גרויס ליבע. דאָס בוך, ווי נאָר עס איז אַרויס פון דרוק, איז באַלד אויספאַרקויפט געוואָרן. דאָס ווייזט, אַז זיין שרייבן וועגן ייִדן געפינט אַן אָפּקלאַנג ביי ברייטע שיכטן פון טשעכישן פאָלק.

אַ צווייטער טשעכישער שרייבער, לאַדיסלאַוו פוקס, האָט גלייך מיט זיין ערשטן בוך: „הער טהעאָדאָר מונדשטאָק", וואָס איז דערשינען אין 1963, זיך פאַרשאַפט אַ נאָמען אין דער טשעכישער ליטעראַטור. מען האָט באַלד גענומען רעדן וועגן דעם בוך און דעם שרייבער. אַלע האָבן זיך געוואונדערט ווער ער איז, ווייל מען האָט אין זיין שרייבן געפילט עכטקייט, אויפריכטיקייט, ליידנשאַפט, ערלעכקייט און די הויפּטזאַך ליבע צום מענטשן. אויף דער פראַגע פאַרוואָס ער שרייבט גראָד וועגן ייִדן, איז זיין ענטפער געווען: „פון קינדהייט אָן האָב איך געהאַט ייִדישע חברים, איך האָב מיך אינטערעסירט מיט יודאַאיסטיק, מיט דעם שיקזאַל פון אַ פאָלק, וואָס ווען עס פאַלט זינקט עס אין שטויב און ווען עס הייבט זיך אויף שטייגט עס ביז צו די שטערן" (פון זיין נאָוועלע „הער טהעאָדאָר מונדשטאָק"). „די ייִדן זיינען אין אַ געוויסן זין אַ ביישפּיל, זיי האָבן באַגעגנט און בייגעקומען אַלע מינים גוואַלד, האָבן אָבער אָפּגעהיט זייער מענטשלעכע ווערדע".

דאָס איז אין קורצן דער זין פון לאַדיסלאַוו פוקס שאַפן. עס ציט אים צו ייִדישע טעמעס, ווייל דער ייִדישער שיקזאַל מעג זיך זיין אַ טראַגישער, אָבער איז אויך אַ ביישפּיל פון מענטשלעכער ערע, פון מענטשלעכער ווערדע.

ער זאָגט וועגן זײַנע ייִדישע העלדן: „אין דער צײַט ווען מענטשלעכע בייזקייט האָט געהערשט אויף דער וועלט, האָט זיך צעלייגט איבער דער ערד, האָבן זיי אַרויסגעוויזן מענטשלעכע אייגנשאַפטן. דעריבער קען מען שעפּן פון ייִדישער טעמאַטיק". אין אַלע זײַנע שאַפונגען גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדעם דער געדאַנק, אַז די וועלט מוז זײַן געבויט אויף ליבע.

לאַדיסלאַוו פוקס ראָמאַן ווערט איצט איבערגעזעצט אין שפּאַניש און איטאַליעניש. ער איז היי־יאָר געווען אויף אַ באַזוך אין איטאַליע און דאָרטן אויפגעטראָטן פאַר די ייִדישע געמיינדעס פון רוים, מילאַן און טורין און גערעדט אויף דער טעמע: „די פּסיכאָלאָגיע פון אַנטיסעמיטיזם". אויך איז ער היי־יאָר אויפגעטראָטן אין קולטור־הויז פון דער ייִדישע געמיינדע אין מערב־בערלין. קאַפּיטלען פון זײַן בוך זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן אויף דער טשעכאָסלאָוואַקישער ראַדיאָ און טעלעוויזיע.

נאָך אַן אָנגעזעענע טשעכישע שרייבערין, וואָס איר טעמאַטיק איז ייִדישע ליידן אין צײַט פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע, איז האַנאַ בעלאָהע־ראַדאַסקאָס. פון איר נאָוועלע „אָן שיינהייט" גרייט איצט צו איינער פון די וויכטיקסטע טשעכישע רעזשיסאָרן אַ גרויסע מאָוווי. די דערמאָנטע דריי זײַנען ניט די איינציקע טשעכן, וואָס שרייבן אויף ייִדישע טעמעס. עס זײַנען דאָ נאָך עטלעכע.

אויך די ייִדישע טשעכישע שרייבערס פאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט אין דער ליטעראַטור. מיר וועלן דאָ דערמאָנען נאָר אַ פּאָר, כאָטש זיי זײַנען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל. אוודאי, ווען מען נעמט אין באַטראַכט די אַזוי קליינע צאָל ייִדן, וואָס געפינען זיך אין לאַנד.

אַ וויכטיק אָרט פאַרנעמט אַרנאָשט לוסטיג. וועגן אים שרייבט אַן אָנגעזעענער טשעכישער קריטיקער: דעם שרייבער אַרנאָשט לוסטיג דאַרף מען ניט פאָרשטעלן. ער האָט שוין באַוויזן אַרויסצוגעבן זעקס ביכער, וואָס האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג, זיי זײַנען אַרויס אין עטלעכע אויפלאַגעס. זײַנע ביכער האָט מען אויך איבערזעצט אין פרעמדע שפּראַכן און אומעטום האָט מען זיי וואַרעם און מיט גרויס אינטערעס אויפגענומען. כמעט אַלע זײַנע דערציילונגען און נאָוועלן שפּילן זיך אָפּ אין לעצטן וועלט־קריג. האָט ער דאָך ווי אַ יונגער ייִנגל פאַרבראַכט אין טערעזינער געטאָ און אין אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מען האָט פון עטלעכע זײַנע דערציילונגען געמאַכט דערפאָלגרייכע פילמס. אַ פילם פון איין דערציילונג זײַנער האָט געקראָגן דעם ערשטן פּריז אויף אַ פילם־פעסטיוואַל אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד. און אַ פילם פון זײַנער אַ צווייטער דערציילונג האָט געקראָגן דעם ערשטן פּריז אין יאָר 1963 אויף אַ פילם־פעסטיוואַל אין לאָקאַרנאָ, שווייץ.

אַ גאָר וויכטיקער ייִדיש־טשעכישער שרייבער איז יוסף באָר. ער איז דער שרייבער פון דער נאָוועלע: „טערעזענשטאַטער רעקוויאיום", וואָס דאָס מיינט אַ געזאַנג צו טערעזענשטאַט. דאָס בוך איז דערשינען אין איין און דער זעלביקער צײַט אין פּראַג, לאָנדאָן און ניו־יאָרק. שפּעטער איז אַרויס

אַ דייטשישע איבערזעצונג אין בערלין און אַ רוסישע אין מאָסקווע. אַ באַקאַנטער טשעכישער קאָמפּאָזיטאָר האָט אָנגעשריבן אַ קאָנטאַטע אויף אַ געוויסן טייל פון בוך. אַ טעלעוויזיע אינסצענירונג פון בוך האָט די בריטישע בראָדקאַסטינג קאָמפּאַני אויפגעפירט דעם פאַרגאַנגענעם אַפּריל. מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס האָט מען אויך אָנגעשריבן אויף די לידער פון צוויי ייִדישע טשעכישע פּאָעטן, פראַנטישעק גאָטליב און דאָגמאַר דילאַראָווא. בכלל איז די ייִדישע טראַגעדיע אַ טעמע פאַר אַ סך טשעכישע קאָמפּאָזיטאָרן.

איך האָב פריער דערציילט, אַז דער ראַט פון די ייִדישע געמיינדעס אין בעהמען און מעהרען גיט אַרויס אַ מאָנאַטלעכע שריפט „וועסטניק" וואָס לויט דעם נאָמען דאַרף עס זיין אַן אינפאָרמאַציע־בלאַט און אויך אַ יאָרבוך. איך האָב געבעטן אַ באַקאַנטן אין פּראַג, ער זאָל מיר איבערזעצן די קעפּלעך פון די אַרטיקלען. ווייזט זיך אַרויס, אַז וועגן אַלץ שרייבט מען אין די ביידע אויסגאַבעס, אָבער נאָר ניט וועגן היינטיקן ייִדישן לעבן, פּונקט אַזוי ווי דער צוזאַמענפאַר האָט זיך פאַרנומען מיט אַלץ, נאָר ניט מיט ייִדישע פּראָבלעמען. די עיקר־טעמאַטיק פון די ביידע אויסגאַבעס איז קאַמף קעגן פאַשיזם, די היטלער־יאָרן און ייִדישע טעמעס פון ווייטן אַמאָל. היינטיקע ייִדישע פּראָבלעמען ווערן באַהאַנדלט נאָר אין דערציילונגען און נאָוועלעס. לאָמיר נעמען דעם אַפּריל־נומער פון „וועסטניק". געפינט איר דאָרטן אַזעלכע אַרטיקלען: די פאַרברעכנס פון נאַציזם, דער ראַבינער קאַץ שרייבט וועגן בר כוכבאַס אויפשטאַנד, אויך זיינען דאָ אַרטיקלען וועגן דעם אויפשטאַנד פון דער ייִדישער געטאָ אין וואַרשע, וועגן דער פראַנצייזישער אונטערערדישער באַוועגונג אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע; אַ רעצענזיע איבער דעם פריער דערמאָנטן בוך „דער זיבנרעריקער לייכטער"; אַ שרייבערין דערציילט אויך וועגן איר באַזוך אין יד ושם אין ירושלים און אַן אַרטיקל־נעקראָלאָג וועגן דעם שרייבער פּאַוועל אייזנער, וועלכער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 75 יאָר.

אין דעם יאָרבוך פאַר דעם היינטיקן ייִדישן יאָר 5725, געפינען מיר אַ שטודיע פון אָבער־ראַבינדער ד״ר פעדער: „מיר ייִדן", וואו ער באַהאַנדלט דעם ייִדישן בייטראַג צו דעם עטישן און קולטורעלן געדאַנקען־גאַנג פון דער מענטשהייט; אַ צווייטער ראַבינער, עליאַס קאַץ, שרייבט וועגן אַ ניט־לאַנג צוריק אַנטדעקטן „פּראַגער מחזור"; אַ דריטער — ראַבינער, ד״ר פאַרקאַש, האָט אַ היסטאָרישע סקיצע.

אַחוץ דעם קומען אַריין אין יאָרבוך ציטאַטן פון תנך און תלמוד; אויסצוגן פון רעדעס פון דעם פאַרשטאָרבענעם אָבער־ראַבינער ד״ר גוסטאַוו זיכער און פון דעם איצטיקן אָבער־ראַבינער, ד״ר ריטשאַרד פעדער. ד״ר רודאָלף אילטיס, דער רעדאַקטאָר פון יאָרבוך האָט אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג פון ייִדישן שטאַנדפּונקט וועגן דעם צייט־אָפּשניט 1945־1965. דער טראַגישער היטלער־צייט ווערן געווידמעט פיר אָפּהאַנדלונגען. נאָך דעם קומען דער־

ציילונגען וואָס באַהאַנדלען פּראָבלעמען פון נאָך דער מלחמה־צייט און צוויי הומאָריסטישע דערציילונגען פון פאַר־מלחמהדיקן יידישן לעבן אין טשעכאָ־סלאָוואַקיע. דריי אַרטיקלען באַהאַנדלען ליטעראַטור־היסטאָרישע טעמעס. זיי דערציילן וועגן די עלטערן פון די טשעכישע יידישע שרייבערס, פראַנץ קאַפקאַ, פראַנץ ווערפעל, מאַקס בראָד, עגאָן אוירוויין קיש, וואָס אַלע האָבן זיי געשריבן אין דייטש. עס גייען אויך אַריין צוויי אַרטיקלען וועגן יידישער קונסט און יידישע מאָלערס, און אַ ריי לידער פון טשעכישע יידישע פּאָעטן.

אַזוי זעט אויס דאָס יידישע לעבן אין טשעכיע, וואָס איז אַמאָל געווען אַ רייכער שאַפנדיקער יידישער צענטער מיט אַ פולסירנדיק יידיש לעבן, רייך מיט מאָדערנע יידישע באַוועגונגען, מיט קולטור־דערגרייכונגען, אַ צענ־טער וואָס האָט געלעבט מיט יידישע האָפענונגען, מיט יידישע אידעאַלן.

קליין איז דאָרטן איצט די יידישע באַפעלקערונג, אָרעם איז דאָרט דאָס יידישע לעבן. ס׳איז ניט מער ווי אַ גאָר בלאַסער שאָטן פון אַמאָל. אָבער אין דעם קליינעם ישוב לעבט אַ ווילן צו זיין יידן, קלאַפּט דאָס יידישע האַרץ. איר באַגעגנט די אַלטע יידישע עקשנות זיך צו האַלטן ביי אייגענע פּירונגען. אמת די צאָל פון די וואָס פאַרמאָגן די עקשנות און דעם ווילן איז קליין אין דער אַזוי אויך קליינער יידישער באַפעלקערונג. די מערהייט זוכט אַ וועג, וואָס פירט פון אייגענעם פאָלק, די מערהייט וויל פאַרגעסן דעם אייגענעם אָפּשטאַם.

און די קליינע איינגעשפּאַרטע מינדערהייט, וואָס לעבט איר אייגן לעבן, האָט שטענדיק איבער זיך אַן אויג, וואָס היט זי, וואָס באַגרענעצט איר פרייהייט, אירע באַוועגונגען. אין איר נאָמען רעדט אָפט אַ פרעמד מויל, אין אַ פרעמדער גאַרניט יידישער שפּראַך.

דאָס רעליגיעזע יידישע לעבן איז פריי אין געוויסע ראַמען. אַזוי לוינט זיך דער רעגירונג. אָבער יידן לעבן דאָך דאָרטן אונטער אַ רעגירונג פאַר וועלכער יעדער מיטל באַרעכטיקט דעם ציל. ווען מען האָט געדאַרפט האָט מען אויף דעם וואונק פון מאָסקווע פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן יידישע קאָמוניסטן מיט דעם באַרימטן קאָמוניסט סלאַנסקי אָן דער שפּיץ. איצט, לאַנג נאָך דעם ווי מען האָט אים געטייט, האָט מען אים רעהאַביליטירט, אָבער צו דער זעלביקער צייט האָט מען דעם פּראָקוראָר פון דעם סלאַנסקי־פּראָצעס געמאַכט פאַר דעם הויפּט־ריכטער פון לאַנד. ווער ווייס וואָס דער מאָרגן קען ברענגען. עס איז אַזוי ווי אין די אַמאָליקע צייטן, ווען מען איז אָפּגעהאַנגען פון דעם קאַפּריז פון אימפּעראַטאָר.

איך בין געווען אין אַ לאַנד, וואו עס איז אַמאָל געווען אַ יידיש לעבן.

פון דעם אַמאָל איז געבליבן אַ גרויסער מוזיי. וועגן דעם מוזיי וועל איך איצט דערציילן.

# אַ שפּאַציר
# איבער דער אַמאָליקער פּראָגער געטאָ

## ניט נאָר האָבן די ייִדן

באַווירקט אייראָפּע אין משך פון יאָרהונדערטער, ניט נאָר האָבן זיי באַווירקט דאָס דאָרטיקע עקאָנאָמישע, גייסטיקע לעבן, נאָר אַפילו אויך דאָס פּאָליטישע.

זיי האָבן אויך אומעטום איבערגעלאָזן בנינים און שולן פון גרויסן אַרכיטעקטורעלן ווערט. אמת, אין געוויסע לענדער, ווי למשל שפּאַניע, איז דעם פאָלק און אויך די טוריסטן גאָרניט באַקאַנט, אַז די בנינים זיינען אַמאָל געווען ייִדישע. אין טאָלעדאָ, שפּאַניע, איז באַרימט דער אַמאָליקער פּאַלאַץ און איצטיקער מוזיי פון דעם גרויסן קריסטלעכן מאָלער על גרעקאָ, וועגן וועמען מען זאָגט אַז ער איז געווען אַ משומד. מען דערציילט ניט אַז דעם פּאַלאַץ, איידער מען האָט פאַרטריבן די ייִדן פון שפּאַניע, האָט אויפֿגעבויט דער ייִד שמואל בן מאיר הלוי אבועלפיה. אין אָט דעם שיינעם פּאַלאַץ קענט איר נאָך איצט זען די אונטערערדישע קאַמערן, אין וועלכע די מאַראַנען פלעגן זיך באַהאַלטן כדי צו דאַווענען און פּראַווען ייִדישע יום־טובים. אויך זיינען פון דעם פּאַלאַץ געגאַנגען טונעלן וואָס האָבן געפירט צו דעם טייך טאַגוס כדי די מאַראַנען זאָלן קענען אַנטלויפן, ווען עס וועלן אָנקומען די אַגענטן פון דער אינקוויזיציע.

אין אַלע שטעט פון אייראָפּע קענט איר זען גאָר אַלטע בתי־מדרשים פון פאַרשיידענעם סטיל, וואָס מען האָט אויפגעבויט מיט יאָרהונדערטער צוריק. דאָך ווערן ייִדישע אַלטערטימלעכקייטן ניט אַריינגענומען אין די רייזעס פאַר באַזוכערס. מען לאָזט אָבער ניט דורך זיי צו ווייזן קיין איין קירך פון וועלכן ניט איז ווערט. אומעטום זעט איר הייליקע בילדער וואָס שילדערן קריסטוסעס ליידן און די ליידן פון די ערשטע קריסטן. אָט די אַלע קונסט־בילדער אין די קירכן און מוזייען פון אייראָפּע זיינען, דוכט זיך מיר, אַ שטענדיק ווירקנדיקער פאַקטאָר צו שאַפן אַנטי־ייִדישע געפילן און אָנצופילן מיט צוויפל־שטימונגען ייִדישע הערצער וואָס זיינען אָפּגעפרעמדט פון אייגענעם פאָלק.

אין פּראָג זיינען ייִדישע אַלטערטימלעכקייטן, ייִדישע שולן און דער ייִדישער מוזיי, כמעט אויפן ערשטן אָרט פון די מערקווירדיקייטן וואָס מען פירט ווייזן דעם טוריסט. פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ ייִד ווי איך איז גלייך אויף מאָרגן, ווי ער איז אָנגעקומען אין פּראָג, געגאַנגען זען דעם אַמאָליקן ייִדישן קוואַרטאַל און האָט אים נאָך דעם באַזוכט עטלעכע מאָל. די אַמאָליקע געטאָ אין פּראָג איז געווען באַרימט ניט נאָר מיט גרויסע דענקערס און למדנים וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן אין איר, נאָר אויך מיט אירע אַרכיטעקטורעל ביז גאָר אינטערעסאַנטע בנינים. אַ טייל פון זיי זיינען פאַרבליבן ביז היינט. כאָטש דעם גרעסטן טייל פון דער אַמאָליקער געטאָ האָט מען

איבערגעבויט. די בנינים זיינען פון די עלטסטע אַרכיטעקטורעלע מאָנומענטן אין שטאָט.

פּראָג איז בכלל אַ שטאָט פול מיט צויבער פון אַמאָל. רייך מיט לעגענדעס וועגן אירע גאַסן און געשיכטלעכע בנינים. מיט לעגענדעס איז אויך געווען רייך די „יידישע שטאָט“. די לעגענדעס זיינען איבערגעגאַנגען פון עלטערן צו קינדער און זיי לעבן נאָך היינט. זיי שוועבן אין דער לופט. מיט זיי זיינען אַרומגערינגלט די פאַרבליבענע בנינים, די פאַרבליבענע שטיינער, וואָס דערציילן מער וועגן אַמאָליקע גליקלעכערע צייטן ווי וועגן צרות און אומגליקן.

ווען איר קומט צו צום אַמאָליקן יידישן קוואַרטאַל, ווערט איר ממש פאַרכאַפּט פון די אַרכיטעקטורעלע אוצרות וואָס איר דערזעט פאַר זיך. אָט שטייט פאַר אייך די אַלט־נייע שול, געבויט אין גאָטישן סטיל, אין דעם סטיל וועלכער איז געווען פּאָפּולער אין אייראָפּע צווישן צוועלפטן און 16טן יאָרהונדערט. ניט ווייט פון דער שול איז דאָס יידישע ראָטהויז, איי־בערגעבויט אין ראָקאָקאָ־סטיל, דער סטיל פון אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט. אויבן אַ שפּיציקער טורעם, אין סאַמע שפּיץ אַ געוויינטלעכער זייגער, אָבער אין צענטער פון טורעם זעט איר אַן אינטערעסאַנטן זייגער, אַ זייגער מיט יידישע אותיות, אַנשטאָט ציפערן, און ווייזערס וואָס דרייען זיך פון רעכטס אויף לינקס. איר שטייט אַ פאַרפלעפטער. איר פאַרגעסט אַז אַרום און אַרום פּולסירט אַ מאָדערנע גרויסע שטאָט. אייך דוכט זיך אַז איר זייט אַריינגע־פאַלן ממש אין אַ יידישער געטאָ פון מיטלעלטער. איר וואַרט עס זאָלן זיך עפענען טירן — עס איז געווען גאָר פרי ווען מיר זיינען דאָרטן געקומען — און יידן זאָלן גאָטפאַרכטיק זיך לאָזן גיין דאַוונען אין דער אַלט־נייער שול און קוקן אויף די יידישע אותיות פון זייגער, צי זיי האָבן חלילה זיך ניט פאַרשפּעטיקט. אַ ביסל ווייטער זעט איר פאַר זיך די פּנקס־שול געבויט אין סטיל פון רענעסאַנס. דער סטיל וואָס איז אויפגעקומען נאָך דעם מיטל־עלטער אין איטאַליע אָנהייב פופצנטן יאָרהונדערט, און די קלויז־שול געבויט לויט דעם באַראָק־סטיל, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין איטאַליע אין 16טן יאָרהונדערט און האָט געלייגט גרויס געוויכט אויף אָרנאַמענטאַלע און בילד־עפעקטן. און גאָר דערביי זעט זיך דער באַרימטער פּראָגער בית־עולם. אַקעגנ־איבער דעם בית־עולם שטייט דאָס קליינע פּאַלאַצל פון דער חברה־קדישא, וואו די פּראָגער יידישע געמיינדע האָט נאָך אין יאָר 1912 געשאַפן אַ יידישן מוזיי. אָט דער איבערגעבליבענער ווינקל פון דער אַמאָליקער יידישער געגנט מיט זיינע פאַרשיידנאַרטיקע בנינם און דער בית־עולם, וואָס געפינט זיך אין אים, איז פאַקטיש איצט געוואָרן איין גרויסער מוזיי און איין גרויסער אַרכיוו, וואו עס ווערט פּרעזערווירט און אָפּגעהיט די ירושה וואָס איז פאַרבליבן פון דעם לעבן און שאַפן פון פערציק דורות טשעכישע יידן אין לויף פון טויזנט יאָר, פון אַ לעבן וואָס איז געווען אַמאָל און איז שוין מער ניטאָ.

אויב ניט די ייִדן — האָבן ייִדישע שולן און ייִדישע הייליקייטן אין פּראָג געהאַט מער מזל ווי אין די אַנדערע שטעט פון אייראָפּע. אַלע ייִדישע שולן מיט דעם אויסנאַם פון איינער וואָס איז פאַרניכט געוואָרן אין צייט פון אַ לופט־אַטאַקע, זיינען געבליבן גאַנץ. געווייינטלעך ווען די היטלעריס־טישע האָרדעס פלעגן זיך באַווייזן אין אַ שטאָט פלעגן זיי די ערשטע זאַך פאַרניכטן די בתי־מדרשים, אָדער פאַראומרייניקן זיי. ניט איין ייִדישע שול איז געוואָרן אַ פערדן־שטאַל. ייִדישע הייליקייטן האָבן זיי פאַרשוועכט און ייִדישע נפשות אומגעבראַכט.

אין יאָר 1942 איז אין היטלערס קראַנקן מוח אויפגעקומען אַ מאָדנער געדאַנק. ער וועט אין פּראָג, וואָס ליגט אין סאַמע צענטער פון אייראָפּע, אויפשטעלן אַ ייִדישן מוזיי. אַ מוזיי פון הייליקע חפצים וואָס זיינען איבער־געבליבן פון דעם פאָלק, וואָס ער האָט אָפּגעווישט פון דער אייראָפּעאישער ערד. אַזוי ווי עס זיינען פאַרבליבן מוזייען פון פאַרשיידענע אינדישע שבטים וואָס זיינען שוין מער אויף דער וועלט ניטאָ. אין דעם מוזיי וואָס היטלער האָט זיך געקליבן אויפשטעלן, האָבן זיך אויך געדאַרפט געפינען אַ סך פון די טרויעריק באַרימטע שטרייכער־מאַטעריאַלן. האָט ער אַרויס־געגעבן אַ באַפעל מען זאָל צונויפנעמען פון אַלע שולן אין בעהמען און מעהרען מאַנוסקריפטן, ספרים, סידורים, מחזורים, ספרי־תורות, פּרוכתן, זילבערנע און מעשענע ייִדישע צערעמאָניאַלע חפצים — לייכטערס, חנוכה־לאָמפּן, ידן, בעכערס און דאָס גלייכן — און עס ברענגען קיין פּראָג. מען האָט אין פּראָג צייטווייליק איבערגעלאָזן אַ געוויסע צאָל ייִדן וואָס זאָלן די צונויפגענומענע, אַנגערויבטע קאָלעקציע איינאָרדענען אין די ייִדישע שולן. מען האָט גע־צוואונגען ייִדן אויפשטעלן אַ מוזיי וואָס זאָל דערציילן וועגן זייער אומקום. דעם מוזיי האָבן די נאַציס געעפנט אין דער האָפענונג אַז ער וועט אַרויס־רופן אַנטיסעמיטישע געפילן ביי דער באַפעלקערונג. אָבער דער איינדרוק איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי די נאַציס האָבן דערוואַרט. די שיינע קינסטלערישע חפצים, מוסטערן פון ייִדישן רעליגיעזן און פאַמיליע־לעבן, האָבן נאָך קלאָרער געמאַכט די מיאוסע נאַצישע פאַרברעכנס. אַנשטאָט שנאה האָבן זיי אַרויסגערופן ביי דער באַפעלקערונג עקל צו דער נאַצישער אומ־גערעכטיקייט און מיטלייד מיט די ייִדן. דעם מוזיי האָט מען אויף גיך פאַרמאַכט.

אָט אַזוי זיינען די ייִדישע שולן אין פּראָג געבליבן, ווי שוין געזאָגט, ניט באַרירט. דאַוונען דאַוונט מען נאָר אין איינער, אין דער שול אויף דער ירושלים־גאַס און אויך אין איר, ווי איך האָב שוין דערציילט, זיינען ניטאָ גענוג דאַוונערס. אַלע אַנדערע שולן זיינען געוואָרן איין גרויסער מוזיי.

# דעם מהרל׳ס שול
# אין פּראָג

**אין** גרויען פרימאָרגן זיינען מיר געקומען צו דער ייִדישער געגנט צו זען דעם מוזיי. די ערשטע זאַך וואָס האָט אונדז געצויגן צו זיך איז די אַלט־נייע שול, די צווייטע עלטסטע שול אין אייראָפּע נאָך דער רש״י־שול אין וואָרמס, דייטשלאַנד, וואָס די נאַציס האָבן פאַרברענט. וועגן אָט דער שול האָבן מיר דאָך געהערט נאָך אַ סך פריער. אין איר האָט דאָך געדאַוונט דער מהר״ל. אַרום דער שול האָבן זיך דאָך געשפּונען אַזוי פיל לעגענדעס. לויט דער לעגענדע דאַרף דאָך אויף דעם בוידעם פון דעם אויסגעבויגענעם שפּיציקן דאַך פון דער שול זיך געפינען דער ליימענער קערפּער פון דעם גולם אין וועמען דער מהר״ל זאָל האָבן דורך אַ „שם המפורש״ אַריינגעגעבן און צוגענומען לעבן.

אויך אַרום דעם ווי אַזוי מען האָט די שול אויפגעבויט וועבן זיך לעגענדעס. עס ווערט דערציילט אַז פּראָג האָט פאַרמאָגט נאָר איין קליינע הילצערנע שול. ווען די ייִדישע באַפעלקערונג איז געוואַקסן, איז די שול געוואָרן ענג. האָט מען באַשלאָסן אויפבויען אַ נייע, גרויסע שול. ווי עס פירט זיך ביי ייִדן, האָט מען אַ לאַנגע צייט אַרגומענטירט, וואו די שול אויפצובויען. ענדלעך האָט מען זיך געאייניקט אויף אַ בערגל וואָס איז געווען באַדעקט מיט שטיינער. מען האָט אַוועקגעשטעלט אַרבעטער אויסצוגלייכן דאָס בערגל מיט דעם אַרומיקן באָדן. פאַרנאַכט, נאָך דעם ווי די אַרבעטער פלעגן אַוועקגיין, האָבן די קינדער אויסגעקליבן דעם פּלאַץ אויף זיך צו שפּילן. איין טאָג האָט אַ ייִנגל זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרויסן שטיין, האָבן די ייִנגלעך באַשלאָסן, אַז זיי וועלן דעם שטיין אויסגראָבן און עס וועט ווערן אַ טיפע גרוב זיך צו באַהאַלטן.

ווען די ייִנגלעך האָבן גענומען גראָבן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי האָבן גאָר פאַר זיך סימנים פון אַ מויער. האָבן זיי דאָס דערציילט די עלטערן. מען האָט באַלד אַוועקגעשטעלט אַרבעטער ווייטער צו גראָבן. עס איז גאָר גיך קלאָר געוואָרן אַז מען האָט פאַר זיך אַ וואַנט פון אַלטע צייטן. זעט אויס אַז אויף דעם זעלביקן אָרט איז שוין אַמאָל געשטאַנען אַ געבעטהויז. מען איז אין דעם געוואָרן זיכער, ווען מען האָט דאָרט שפּעטער אויך געפונען אַ מגילה געשריבן אויף אַלטן פאַרמעט.

איז יעמאָלט אויפגעקומען די פראַגע, צי זאָל ניט די וואַנט ווערן דער פונדאַמענט פון דער נייער שול? דער ענטפער איז באַלד געקומען. עס האָט זיך גראָד געמאַכט אַז אין פּראָג זיינען אָנגעקומען פון ירושלים צוויי שלוחים וואָס זיינען אַרומגעפאָרן קלייבן געלט פאַר אָרעמעלייט. די שלוחים זיינען געווען באַקאַנט אין דער ייִדישער וועלט פאַר זייער לומדות. האָבן די פּראָגער ייִדן ביי זיי געפרעגט, וואָס זיי זאָלן טאָן מיט דער וואַנט וואָס זיי האָבן אַנטדעקט.

עס איז גאַנץ קלאָר, האָבן די שליחים פון ירושלים געזאָגט, אַז ייִדן האָבן דאָ געוואוינט און אויפגעבויט אַ בית־המדרש אין די צייטן פון בית־המקדש. דעריבער דאַרף מען ניצן די וואַנט פאַר דער נייער שול און מען דאַרף די שול בויען לויט געוויסע פּרינציפּן פון בית־המקדש. דאַרפן די פענצטער זיין ברייטער אינעווייניק און שמאָלער פון דרויסן, ווייל שלמה המלך האָט געמאַכט „די פענצטער אינעווייניק ברייט און אויסווייניק שמאָל", ווי עס שטייט אין מלכים אַלף. די שול דאַרף געבויט ווערן אין דער טיף, ווייל עס שטייט אין תהילים: „פון דער טיפעניש — רוף איך דיך, גאָט". „נאָר אַזוי וועט דער אַלמעכטיקער זיך צוהערן צו די תפילות און זיין הויז וועט זיין באַשיצט פון פייער און וואַסער".

דערציילט די לעגענדע, אַז ווען אין יאָר 1558 האָט אַ גרויס פייער אַרומגענומען די פּראַגער געטאָ, זיינען איבער דעם דאַך פון דער אַלט־נייער שול געפלויגן צוויי טויבן און ניט צוגעלאָזן צו איר דאָס פייער.

די שול רופט זיך אַלט־נייע, ווייל מען פלעגט זי אָפט איבערבויען און מען האָט פון צייט צו צייט צוגעבויט פליגלען צו איר. ווען עס איז אויפגעקומען דער אָריגינעלער ערשטער בנין איז שווער צו זאָגן. דאָס איז מסתמא געשען אין גאָר ווייטע צייטן. די איצטיקע אייגנטלעכע שול, זעט אויס, האָט מען אויפגעבויט אין פערצנטן יאָרהונדערט. די צוגעבויטע דרויסנדיקע בנינים זיינען פון אַ שפּעטערדיקער צייט.

די לעגענדע ווייל האָבן עפּעס אַנדערש. דער נאָמען פון דער שול — זאָגט זי — איז גאָר על תנאי. נאָך דעם ווי די ייִדן האָבן פאַרלאָרן זייער לאַנד אין יאָר 70 זיינען אַ טייל פון זיי אָנגעקומען אין איצטיקן פּראָג. זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך שטיינער פון בית־המקדש און מען האָט זיי באַניצט אין פונדאַמענט פון דער שול. אָבער די וואָס האָבן געבויט די שול האָבן געגעבן אַ נדר זיך און די קינדער, וואָס וועלן קומען נאָך זיי, אַז ווען משיח וועט קומען זאָל מען די שול צעברעכן און די שטיינער צוריקברענגען קיין ארץ ישראל. דעריבער דער נאָמען על תנאי שול, וואָס אין אָפטן אַרויסרעדן האָט עס גענומען קלינגען אַלט־נייע שול.

מיט גרויס נייגיריקייט און אַ געוויסער ערפאַרכט לאָז איך מיר גיין אין שול אַריין. עס קומט אויס דורכצוגיין דורך אייזערנע טירן. דערנאָך זיך אַראָפּלאָזן מיט עטלעכע טרעפּ אין דער טיף. איר קומט אַריין אין פּאָליש פון דער שול — אַ לאַנגער גרויסער קאָרידאָר — פּאַזע וואַנט אַ לאַנגע, שמאָלע באַנק פאַר די חדר־ייִנגלעך וואָס פלעגן קומען זיך לערנען. אויף דער וואַנט אַ שווערער מעשענער האַנט־פּאַס זיך צו וואַשן די הענט. אויך זעט איר פאַר זיך אויף דער וואַנט אַ זייגער מיט זעקס ציפערבלאַטן, וואָס ווייזן די צייט פון די תפילות אין דער וואָכן און שבת און יום־טוב. אין פּאָליש איז אויך פאַראַן אַ ספּעציעל אָרט פאַר יאָרצייט־ליכט. דערנאָך קומט אויס דורכצוגיין דורך שווערע הילצערנע טירן. איבער זיי אַן אָוואַלער געוועלב באַצירט מיט אַן אויסערגעוויינטלעך שיינעם שטיינערנעם אָרנאַמענט.

די טירן פירן אין אייגנטלעכן געבעט־הויז וואָס ליגט נידעריקער פון דער גאַס. אַ סודותדיקע פינצטערקייט נעמט אייך אַרום. דורך די שמאָלע פענצטער, „אינעווייניק ברייט און אויסווייניק שמאָל", גייען קוים דורך די שטראַלן פון דער זון. אייך דוכט זיך אַז פּלוצעם האָט איר זיך איבערגע־טראָגן אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אַ פאַרגאַנגענהייט פול מיט מיס־טעריעס. די ווענט נאַקעטע, פון גרויען שטיין. אין דער פינצטערקייט דוכט זיך אייך אַז אין יעדן ווינקל איז פאַרבאָרגן עפּעס אַ געהיימעניש. ווען איר געוואוינט זיך צו צו דער אַרומיקער פינצטערקייט, דערזעט איר זילבערנע און מעשענע לאָמפּן, וואָס הענגען אַראָפּ פון האַלב־רונדע באַלקנס ווי אייז־ליכטלעך. אָט איז די בימה צווישן צוויי צענטראַלע זיילן. אויף איר שטייט די פאָן וואָס דער אימפּעראַטאָר האָט געגעבן די ייִדן, ווען זיי האָבן געהאָלפן פאַרטרייבן די שוועדן פון פּראָג. די בימה איז אַרומגערינגלט מיט פון אייזן־געשמידטע גראַטעס. די בימה אַליין אַ מייסטערווערק פון פאַרצייטיקער שמיד־אַרבעט. איבער איר הענגען אַ ריי קאַנדעלאַברעס פון וועלכע עס ווייעט מיט אַלטקייט. אַרום איר און ביי די ווענט בענק מיט הויכע שטענדערס. אין הינטערגרונט באַמערקט איר אַן אָפּגעצוימטן שטול, דער שטול פון רב, דער שטול אויף וועלכן עס איז אַמאָל געזעסן דער מהרל. פאָרנט דער עמוד, אַ זילבער געשמידטער שטייט ער אין אַ פירעקיקער פאַרטיפונג אין דעם דיל, ווייל עס שטייט דאָך געשריבן: ממעמקים — פון דער טיפעניש רוף איך דיך, גאָט. צו דעם אָרון קודש פירן פינף טרעפּלעך. אַרום אים אויסטער־לישע לאָמפּן און גרויסע ליכט אין שטיינערנע גאָטישע לייכטער. איבער די הילצערנע זיילן פון אָרון קודש זעט איר אַ באַצירונג, אויף וועלכער עס איז אויסגעשניצט אַ פינף־בלעטערדיקע בלום. פּלוצעם זעט איר אַז דורך שפּאַלטן פון אַ וואַנט גייט דורך אַ קוים באַמערקבאַר בלאַס ליכט. דאָס קומט פון דער ווייבערשער שול. די פרויען האָבן דורך די שפּאַלטן געקענט זען און הערן וואָס עס קומט פאָר אין שול אונטן, אָבער די מענער אונטן האָבן זיי ניט געטאָרט זען, כדי דער יצר־הרע זאָל, חלילה, ניט שטערן די מענער זיך פאַרטיפן אין די תפילות. אויף די ווענט באַדעקט מיט אַלטקייט, ווייל מען וואַשט זיי ניט, מערקט איר אָפּגעבליאַקעוועטע העברעאישע אויפשריפטן. די ווענט וואַשט מען ניט ווייל צווישן די אויפשריפטן איז גאָטס נאָמען. מען וואַשט זיי אויך ניט, ווייל אין צייט פון פּאָגראָמען פלעגן ייִדן אומזיסט זוכן שוץ אין גאָטס הויז. זיינען זיי באַדעקט מיט ייִדיש בלוט.

די אַלט־נייע שול איז אַ שטיק געשיכטע. זי איז אַן עדות פון אַמאָליקע ליידן און פון אַמאָליקן גלאַנץ. זי איז איצט אַ מאָנומענט פון דעם ייִדישן אַמאָל. היט זי די איצטיקע רעגירונג אָפּ.

# דער אַלטער
# פּראָגער בית־עולם

ווען מיר זיינען אַרויס פון דער אַלט־נייער שול, וואָס האָט מיט איר געהיימעניספולקייט געשאַפן ביי אונדז אַ געפיל פון ניט־דאָאיקייט און אונדז אַריינגעבראַכט אין אַ מעלאַנכאָליש־מיסטישער שטימונג, זיינען מיר אָנגעקומען צו דעם אַלטן באַרימטן פּראָגער ייִדישן בית־עולם, וואָס ליגט אַ פּאָר שריט פון דער שול.

אויבן אויף זעט איר פאַר זיך אַ וואַלד מצבות אין גרויסער אומאָרדע־נונג, פאַרוואַקסן מיט ווילדגראָז, פאַרוויליט מיט זאַמד. אין מיטן שטייען גרויסע ברייט צעצווייגטעביימער. אויף די ביימער זעט מען נעסטן פון קראָען און ראָבן. איר הערט זייער קראַקען און שרייען. שמאָלע פאַרדרייטע סטעזש־קעס שניידן זיך דורך דורך די מצבות. אומעטום זעט איר מענטשן — טור־ריסטן פון דער גאַנצער וועלט, ייִדן און ניט־ייִדן. ווען איר קומט צו נענטער, באַמערקט איר אַ מערקווירדיקע זאַך: איין קבר ליגט אויפן צווייטן און אַרום שטייען די מצבות. בערגלעך קברים, אָפט צוועלף, איינער אויף דעם אַנדערן.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? ווי קומט עס אַז איין קבר זאָל זיין אויף אַ צווייטן? — פרעג איך דעם פריינד וואָס באַגלייט מיך. גאַנץ איינפאַך, ענטפערט ער מיר, איר האָט דאָך מסתמא געהערט אַז די אייראָפּעאישע ייִדישע געטאָס זיינען געווען ענג, די געסלעך שמאָלע, ווען די משפחות פלעגן זיך פאַרמערן און מען האָט געדאַרפט וואוינונגען פאַר זיי, האָט מען די וואוינונגען גע־בויט אין דער טיף, איין וואוינונג איבער דער צווייטער.

— יע, זאָג איך, אמת, איך האָב געלייענט וועגן דעם און האָב אָפט געטראַכט אַז ייִדן זיינען מסתמא געווען די ערשטע צו בויען אָן אונטער־גרונד, אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט אַ בית־עולם?

— דאָס זעלביקע, ענטפערט מיין פריינד, דער בית־עולם איז געלעגן ביים ענד פון דער געטאָ. מען האָט ניט געקענט צוקריגן מער לאַנד, איז ניט געווען קיין אַנדער אויסוועג ווי שאַפן שיכטן קברים. אין גאַנצן, דערציילט ער ווייטער, פאַרנעמט דער בית־עולם איין אַקער און אויף דעם איין אַקער זיינען באַגראָבן צוועלף טויזנט, אַנדערע זאָגן, צוואַנציק טויזנט מענטשן.

איך קוק מיך צו צו די מצבות, זיי זיינען אַלט, אָפּגעריבן, צעקראַצט. עס זיינען אָפּגעבראָכן פון זיי שטיקער. די צייט — ווינטן, רעגנס און שנייען, — האָט זיך געטאָן אירס.

אָבער איך זע נאָך עפּעס, זיי דערציילן אַ סך. די אויפשריפטן אויף זיי דערציילן וועגן ייִדישע מידות און פירונגען; זיי דערציילן וועלכע אייגנ־שאַפט אין דעם מענטשן האָבן ייִדן באַטראַכט פאַר די וויכטיקסטע. זיי דער־ציילן וואָס ייִדן האָבן מער פון אַלץ געשעצט אין אַ מענטשן.

אָט איז אַן אײנפֿאַכע מצבה פֿון דעם יאָר 5416, לויט הײנטיקער צײט־רעכענונג, פֿון דעם יאָר 1656. געפֿינען מיר אויף איר אַזאַ אויפֿשריפֿט: „דאָ ליגט דוד קצב. אַ קצב פֿון פֿאַך. דער זון פֿון דעם געאַכטן, געליבטן משה קרוב קצב. דוד איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה, ער האָט אויסגע־האַלטן און געשטיצט יתומים. ער איז געווען אַ פֿרײַנד פֿון תּלמידי־חכמים און פֿלעגט זיי פֿאַרוואַרפֿן מיט מתּנות. יעדן פֿרײַטיק פֿלעגט ער אָפּוועגן זײַנע זין און טעכטער און פֿלעגט צעטײלן צווישן אָרעמעלײַט און היימלאָזע אַזוי פֿיל פֿונט פֿלייש וויפֿל דער וואָג פֿון זײַנע קינדער האָט באַטראָפֿן. ער האָט דער אַלטער שול מנדב געווען אַ נײַעם קופּערנעם לײַכטער און געגעבן אויל אויף אַ גאַנץ יאָר. איז זאָל זײַן אָנדענק פֿאַרבלײַבן צווישן די לעבעדיקע".

און אָט איז די מצבה פֿון מרדכי מײַזל (1601) וועלכער האָט געלעבט אין איין צײַט מיט דעם מהר״ל און געווען דער מעיאָר פֿון דער געטאָ. ער האָט אויפֿגעבויט אַ שול וואָס שטייט נאָך הײַנט. אַ מקווה, אַ הקדש; האָט אויס־ברוקירט די געטאָ און געשיקט „קאָסטבאַרע לאָמפּן אין די שולן פֿון פּוילן און ירושלים". גלײַך דערבײַ איז די מצבה פֿון זײַן פֿרוי פֿרומעט מיט דער אויפֿשריפֿט: „זי האָט זיך געשטעלט אַן אויפֿגאַבע אויסצומעבלירן און דע־קאָרירן גאָטס הײַזער; זי האָט קיין מאָל ניט דורכגעלאָזן צו קומען אין שול דאַוונען צו שחרית און מנחה־מעריב. זי האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט תּלמידי־חכמים און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גרויסער פֿרײַנדלעכקייט".

מײַן באַגלייטער פֿירט מיך צו צו דער מצבה פֿון מאיר פֿישל, פֿון יאָר 1770. איך קוק זיך צו צו איר און זע, אַז זי איז שיין באַצירט מיט קאָלאָנעס פֿון רענעסאַנס־סטיל און אויף איר זײַנען אויסגעהאַקט זעלטענע בלומען און צווײַגן.

— באמת אַ שיינע מצבה — זאָג איך אים.

— ריכטיק — ענטפֿערט ער מיר, אָבער ניט צוליב דעם ווייס איך זי אײַך. און ער דערציילט מיר אַזאַ מעשה:

— אין יאָר 1918, זײַנען דײַטשן, צוליב זייערע דײַטשישע פּאַטריאָטישע געפֿילן, באַפֿאַלן און אַטאַקירט טשעכן אין אַ שטאָט הונדערט מייל פֿון פּראָג. האָבן טשעכן, אויך צוליב פּאַטריאָטישע מאָטיוון, (וואָס דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט ייִדן, ווייס איין גאָט) זיך אַרײַנגעריסן אין דער פּראָגער אַלט־נײַער שול און פֿאַרשוועכט אַ ספֿר־תּורה. איז אויפֿגעקומען די פֿראַגע: וואו זאָל מען די ספֿר־תּורה באַהאַלטן? עס איז געבליבן, אַז זי זאָל ליגן אין קבֿר פֿון דעם, וואָס האָט מיט זײַנע מעשׂים זיך פֿאַרדינט בײַ גאָט מער ווי ווער עס איז אַן אַנדערער וואָס איז געבראַכט געוואָרן צו קבֿורה אין די זעקס־זיבן הונדערט יאָר וואָס דער בית־עולם עקסעסטירט.

מען האָט געגומען זוכן אין די פּאַפּירן פֿון דעם ראָטהויז און פֿון דער חבֿרה־קדישא, און מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף מאיר פֿישל. פֿאַרוואָס גראָד אויף אים? עס זײַנען דאָך דאָרטן געלעגן גרויסע געלערנטע, גרויסע

למדנים און גאָט־פאָרכטיקע ייִדן? אויף דעם בית־עולם ליגט דאָך אויך דער מהרל אַליין? איז פאַרוואָס האָט מען אויסגעקליבן גראָד מאיר פישלען אָפּצוגעבן דעם גרעסטן כבוד? איז דער ענטפער: ווייל ער, אַחוץ וואָס ער איז געווען אַ גאָטספאָרכטיקער פרומער ייִד און גרויסער למדן, האָט זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט לערנען תורה ייִדישע קינדער און קיין אַנדערע אינ־טערעסן אין לעבן ניט געהאַט.

ווי שוין געזאָגט, געפינט זיך אויף דעם בית־עולם אויך דער קבר פון מהרל, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן און מען רופט אים נאָך היינט אין פּראָג, באַזונדער ניט ייִדן, „דער הויכער ר׳ לייב״. אַחוץ וואָס ער איז געווען אַ גרויסער רבֿ, געשריבן פילאָסאָפיש־טעאָלאָגישע טראַקטאַטן, קאָמענטאַרן צום תנך און צום תלמוד, איז ער אויך געווען אַ מאַטעמאַטיקער און אַסטראָ־נאָם. אַ דאַנק דעם פלעגט ער, וואָס איז אין יענע צייטן געווען אַ גאָר גרויסער כבוד פאַר אַ ייִדן, פאַרקערן אין הויף פון דעם אימפּעראַטאָר רודאָלף דער צווייטער, צוזאַמען מיט די צוויי באַרימטע אַסטראָנאָמען טיכאָ בראַהע און קעפּלער.

אַז וועגן דעם מהרל זיינען פאַרבליבן אַ סך לעגענדעס האָבן מיר שוין דערציילט. איינע האָט צו טאָן מיט דעם קינדער־בערגל אויף דעם אַלטן בית־עולם, וואו עס געפינט זיך אויך אַ באַזונדער פּלאַץ. „דער נפל־פּלאַץ״ פאַר טויט־געבוירענע קינדער.

עס ווערט דערציילט אַז אַן עפּידעמיע איז אויסגעבראָכן אין דער געטאָ צווישן קליינע קינדער. זיי פלעגן שטאַרבן אין די צענדליגער. אַזאַ אומגליק איז דאָך זיכער ניט געקומען אומזיסט. מסתמא האָט זיך עמעצער פאַרזינדיקט און צוליב אים ליידט די גאַנצע געמיינדע. אָבער ווער איז דער זינדיקער און אין וואָס באַשטייט זיין זינד? ווי געפינט מען דאָס אויס? ייִדן האָבן געפאַסט, מען האָט געזאָגט ספּעציעלע תפילות אין אַלע שולן און געוואַרט אויף אַ צייכן פון הימל.

איין מאָל ביינאַכט, ווען דער „הויכער ר׳ לייב״ איז איינגעשלאָפן, האָט זיך אין חלום צו אים באַוויזן אליהו הנביא. ער האָט אים געבראַכט אויפן בית־עולם און אים געוויזן אַז די קברים פון די נאָר וואָס פאַרשטאָרבענע קינדער זיינען ליידיק. זייערע נשמות וואַנדערן אַרום אין דער נאַכט, ווייל זיי קענען ניט געפינען קיין רו. ווען דער רבֿ האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער חלום איז געווען אַן אָנדייט פון הימל ווי אַזוי אויסצוגעפינען ווער עס זיינען די זינדיקע, וואָס האָבן געבראַכט דאָס גרויסע אומגליק אויף דער געטאָ. האָט ער גערופן איינעם פון זיינע תלמידים און אים געזאָגט ער זאָל, ווען עס קומט נאַכט און די קינדער פאַרלאָזן די קברים, זיין אויפן בית־עולם און ביי איין קינד אַראָפּכאַפּן זיין טויטן־ליילעכל. דער תלמיד האָט אַזוי געטאָן און געבראַכט דאָס ליילעכל צום רבֿ. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דאָס קינד איז געקומען נאָך דעם ליילעכל. דער רבֿ איז דעמאָלט באַשטאַנען, אַז דאָס קינד זאָל פאַר אים אויפדעקן דעם סוד פון

דער עפּידעמיע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אין אַ געסל, ניט ווייט פון דעם מהרל, וואוינען צוויי פּרויען בעלאַ און עלאַ וואָס זינדיקן מיט איינער דעם צווייטנס מענער. מען האָט די צוויי פרויען געגעבן די געהעריקע שטראָף און די עפּידעמיע האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט. די נשמות פון די קינדער האָבן אויפגעהערט וואַנדערן און זיינען רואיק געשלאָפן אין זייערע קברים. דאָס געסל, וואו די פרויען האָבן געוואוינט, האָט מען גענומען רופן בעלעלאַ גאַס.

די מצבה פון דעם מהרל אויף דעם בית־עולם קען מען באַלד באַמערקן. אַרום איר געפינען זיך מצבות פון דריי און דרייסיק תלמידים זיינע. פאַר דער מלחמה פלעגן פרומע ייִדן קומען צו זיין קבר אויסגיסן זייער האַרץ און איבערלאָזן קוויטלעך מיט זייערע וואונטשן. די מצבה ציט צו זיך צוליב איר שיינקייט. דער שטיינהאַקער וואָס האָט די מצבה אויסגעהאַקט האָט געשאַפן אַ באמת קינסטלעריש ווערק. זי האָט די פאָרעם פון אַ סאַרקאָפאַג — פון אַ שטיינערנעם אָרון — און איז באַדעקט מיט אָרנאַמענטן און אויפ־שריפטן. איבער איר איז אַ האַלב רונדער קופּאָל. אונטן זעט איר קינסטלע־רישע קאָלאָנעס פון רענעסאַנס־ און באַראָק־סטיל. אין מיטן הענגען אַראָפּ וויינשטאָקן — אַן אַלטער ייִדישער סימבאָל. אויבן אין צענטער, איז די סקולפּטור פון אַן אויסגעשטרעקטן פיר־פוסיקן לייב, ווייל לייב איז געווען דער נאָמען פון מהרל.

עס איז געווען איינגעפירט ביי ייִדן פון פּראָג — אויף וויפל אונדז איז באַקאַנט אויך ביי די ייִדן פון פראַנקפורט אין דייטשלאַנד און ביי די ייִדן פון גאַליציע — צו באַצייכענען אויף דער מצבה דעם נאָמען און די באַ־שעפטיקונג פון דעם פאַרשטאָרבענעם מיט אַ סקולפּטור אָדער אַן אויסגע־קריצט בילד. אויף דער מצבה פון אַ מוזיקער געפינט איר אַ פידל, פון אַ שניידער — אַ שער, פון אַ דאָקטער — כירורגישע צוואַנגען, פון אַ שמיד — אַ האַמער. די זעלביקע זאַך מיט נעמען. אַ פיש געפינט איר אויף די מצבות פון די, וואָס זייערע נעמען זיינען געווען קאַרפּ, קאַרפּעלעס, פיש, פישל. צו באַצייכענען דעם נאָמען קאָהען אָדער קוהן זיינען אויף דער מצבה דאָ צוויי אויסגעשטרעקטע הענט אין דער פאָרעם ווי די כהנים פלעגן אויס־שטרעקן זייערע הענט אין צייט פון דוכענען. אַ קרוג פאַר דעם נאָמען לוי, לעווין, אַ בינטל טרויבן — פאַר יהודה. די פיגור פון אַ קליין מיידל באַ־צייכנט אַ קינד, פון אַ פרוי — מיינט, אַז אין קבר ליגט אַ בתולה, אַ פיגור מיט רויזן אין האַנט — אַ כלה.

די בילדער אויף די מצבות לייקענען אָפּ אַז ייִדן זיינען, ווי מען פלעגט דערציילן, דער עיקר געווען פראַצענטניקעס. זיי דערציילן גאָר אַן אַנדער מעשה. זיי דערציילן אַז אין זייער גרויסער מערהייט זיינען זיי געווען באַלמעלאָכעס, שווערע אַרבעטער און פאַרדינט אַ שטיקל ברויט מיט זייער שוויס און מי. ווען איר גייט פון מצבה צו מצבה, קוקט זיך צו צו די בילדער און סקולפּטורן אויף זיי, לייענט די אויפשריפטן און די פּאָעמעס

אויף זיי, לייענט איר די געשיכטע פון דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן. איר האָט פאַר זיך די כראָניק פון דעם ייִדישן אַמאָל. איר לערנט וועגן די פאָלקס־מענטשן און אַרבעט־מענטשן און וועגן די גרויסע פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן געלעבט אין דער געטאָ.

דער בית־עולם איז איין גרויסע מצבה פון אַ לעבן וואָס איז געווען אַמאָל און מער ניטאָ. עס איז אַ טייל, און אַ וויכטיקער טייל, פון דעם ייִדישן מוזיי.

# דער מאָנומענט נאָך די אומגעקומענע ייִדן אין טשעכאָסלאָוואַקיע

**אומעטיקע** געדאַנקען האָבן מיך אַרומגענומען, ווען איך האָב שפּאַצירט איבער דער אַמאָליקער ייִדישער געטאָ אין פּראָג.

איך האָב געטראַכט: איך גיי אויף די חורבות פון אַ לעבן וואָס איז געווען און איז שוין מער ניטאָ. און לאָמיר נאָך צוגעבן: אַ לעבן וואָס וועט שוין מער ניט זיין. ניט צוליב דעם ווייל אַזוי האָבן ייִדן געוואָלט. ייִדן האָבן אַלע מאָל געזוכט דעם וועג פון לעבן. אַפילו ווען זיי זיינען גע־גאַנגען אויף שייטער־הויפנס האָבן זיי אָפּגעגעבן זייער נפש, כדי זייער נשמה זאָל בלייבן ריין און אייביק, כדי עס זאָלן ווייטער לעבן די אמתן — די אייביקע אמתן, וואָס זיינען זיי געווען ליב און טייער, וואָס נאָר אויף זיי קען די וועלט זיך האַלטן און אָן זיי קען זי קיין האַפט ניט האָבן, אויב זי וויל זיין אַ מענטשלעכע, ניט קיין חיהשע וועלט.

עס איז אַוועק אַ ייִדישע וועלט — אַ ליכטיקע, אַ ציכטיקע, — ניט ווייל אַזוי איז געווען דער פרייער אויסוואַל, נאָר צוליב דעם וואָס די טרעגערס פון אָט דער וועלט זיינען געפאַלן פון די הענט פון אַ פאָלק וואָס איז ווילד געוואָרן, פאַרלוירן זיין מענטשלעכע געשטאַלט און זיינע ווילדע חיהשע ליידנשאַפטן אויסגעלאָזן אויף דעם ייִדן.

אָט די געדאַנקען האָבן מיך ניט אָפּגעלאָזן און האָבן מיך אָנגעפילט מיט אומרו און אומעט. כדי זיך אויסצוטאָן פון זיי האָב איך באַשלאָסן: לאָמיך אויסגעפינען ווי לעבן ייִדן היינט אין טשעכאָסלאָוואַקיע. בין איך אַוועק אין ייִדישן ראַטהויז גלייך דערביי, פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט דעם סעקרעטאַר פון די ייִדישע געמיינדעס — וואָס זיין אינהאַלט האָב איך שוין איבערגעגעבן — און דערנאָך געפירט שמועסן מיט ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר, ייִדן וואָס איך האָב באַגעגנט אויף מיינע שפּאַצירן איבער די גאַסן פון פּראָג.

אויף מאָרגן פרי אין דער באַגלייטונג פון דעם אָפיציעלן פירער, זיינען מיר ווידער אַוועק אין אַלטן ייִדישן קוואַרטאַל.

מיר זיינען געקומען אין דער פּינקוס־שול. דאָס איז אַן אַלטע שול כמעט אַזוי אַלט ווי די אַלט־נייע, מען האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעבויט. זי שטייט גלייך לעבן אַלטן בית־עולם, וואו עס ליגן ניט ווייניקער ווי עלף טויזנט ייִדן פון בעהמען וואָס זיינען געשטאָרבן אין לויף פון הונדערטער יאָרן. איז אָט די שול וואָס איז באַלד לעבן בית־עולם, האָט מען פאַרוואַנדלט אין אַ מאָנומענט נאָך די, וואָס די נאַציס האָבן פאַרטיליקט. סימבאָליש זאָל די שול זיין אַ פאָרזעצונג פון דעם בית־עולם. איר קומט אַריין אין דער שול, זעט איר אויף די ווענט אויפגעשריבן די נעמען פון די קאָנצענטראַציע לאַגערן, וואוהין מען האָט אַוועקגעפירט די טשעכישע ייִדן. אויף די ווענט זיינען אויך אָנגעגעבן די נעמען פון זיבן און זיבעציק טויזנט, צוויי הונדערט און זיבן און ניינציק טשעכישע ייִדן, מענער, פרויען און קינדער וואָס דער טייוול אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, האָט פאַרטיליקט אָן רחמנות. וואו נאָר עס איז מיגלעך געווען איז פאַזע זייער נאָמען אָנגעשריבן ווען דער אומגעקומענער איז געבוירן געוואָרן, ווען מען האָט אים פאַרשיקט און ווען ער האָט באַגעגנט דעם טויט.

איר שטייט, קוקט אויף די ווענט, לייענט די נעמען און זיי ווערן אייך נאָענט און אייגן. אייער האַרץ הייבט אָן וויינען.

איך זע אַרום דעם עמוד פון דער שול אַ ריי קראַנצן. איך נעם לייענען די אויפשריפטן אויף זיי. זיי זיינען געשריבן אין טשעכיש (די אויפשריפטן איבערזעצט פאַר מיר דער באַגלייטער), אין ענגליש און דער עיקר אין דייטש. אָט איז אַ קראַנץ פון טשעכישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט און פון דעם צוזאַמענפאַר פון די ייִדישע געמיינדעס מיט דער אויפשריפט: „צו די קרבנות פון פאַשיזם, פון די קעמפערס קעגן פאַשיזם”. ווייטער באַמערק איך אַ קראַנץ פון דער „ישראל־רעגירונג — צו די געפייניקטע קרבנות פון פאַ־שיזם” (געשריבן אין ענגליש), און קראַנצן אויף וועלכע מיר לייענען: „מיר גיבן אָפּ כבוד די קרבנות פון אַ שוידערלעכער פאַרגאַנגענהייט — יונגע קריסטן פון האַמבורג”; „דער טויט מאַנט פון אונדז” — אונטערגעשריבן ריי־זע־גרופּע מיט דער דייטשישער רייזע־ביוראָ קאַטאָבוס און נאָך און נאָך קראַנצן, דער עיקר פון דייטשישע טוריסטן־גרופּעס.

עס זיינען אין דער פּינקוס־שול ניטאָ מער קיין דאַווענערס. איז זי איצט געוואָרן אַ הייליקער אוהל נאָך די וואָס פלעגן אַמאָל קומען דאַוונען אין איר און אין די אַנדערע פּראָגער שולן, און היינט זיינען זיי מער ניטאָ אויף דער וועלט.

ניט ווייט פון דער פּינקוס־שול שטייט דאָס הויז פון דער חברה־קדישא, עס זעט אויס ווי אַ מיטלעלטערלעכער שלאָס מיט וואַך־טורעמס און אַלע אַנדערע אַרכיטעקטורעלע אויספּוצונגען פון אַ פּריצישן מויער. ווען איר קומט אַריין אינעווייניק, קומט אייך אַנטקעגן דער גורל פון די ייִדן אין טשעכאָ־סלאָוואַקיע אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. ווען איר קוקט זיך צו צו די בילדער אויף די ווענט, ווען איר לייענט די פאַרשיידענע דאָקו־

מענטן אונטערן גלאָז, בלעטערט איר אין דער אמתן די כראָניק פון יידישן לעבן פון דעם מאָמענט ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט דאָס לאַנד. איר לייענט דאָקומענטן וואָס הייסן די יידן זיך רעגיסטרירן, ווי אַזוי מען נעמט ביי זיי צו זייער האָב־און־גוטס, ווי מען פאַרשיקט זיי אין אַ געטאָ, ווי מען הייסט זיי טראָגן די געלע לאַטע. יעדער טאָג אַ נייער באַפעל פון דער דייטשישער קאָמענדאַטור וואָס מאַכט די יידן ניט נאָר רעכטלאָז, נאָר עס ווערט פּאַק־טיש דערקלערט, אַז דער ייד און אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט זיינען הפקר. באַזונדער האָט זיך מיר איינגעקריצט אין געדעכעניש אַ דאָקומענט, וואָס איז געווען אויסגעקלעפּט אויף די ווענט פון די שטעט און דערפער וועגן דעם ווער עס איז אַ ריינער אַריער און ווער ניט, ביז ווי ווייט דער אָפּשטאַם איז אַ יידישער. דער דאָקומענט איז אַרויסגעגעבן ווי אַ וואָרענונג צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג זיך צו היטן ניט צו ווערן צו נאָענט מיט יידן. ער דאַרף אויך זיין אַ מין אָנווייזונג, וואָס זאָל אויסהיטן מענטשן זיי זאָלן חלילה ניט געשטרויכלט ווערן און האָבן געשעפטן מיט יידן.

איין בילד וואָס איך האָב געזען, וועל איך תמיד געדענקען, עס וועט מיר תמיד שטיין פאַר די אויגן. מיר איז אויסגעקומען צו זען גענוג שוי־דערלעכע בילדער. דאָס איז אַ פאָטאָגראַפיע ווי אַזוי אַ דייטשישער אָפיציר שניידט אָפּ באָרד און פּאות ביי אַ יידן פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. דעם דייטשס שמייכל און הנאה קען מען ניט פאַרגעסן. אייך דוכט זיך איר זעט שמייכלען דעם טייוול אַליין. מען קען אויך ניט פאַרגעסן דעם יידנס רואיקייט כאָטש זיין פּנים איז אָנגעשטרענגט. ער האָט מסתמא געטראַכט: מיר יידן וועלן דעם רשע אויך איבערלעבן.

די בילדער ווייזן אייך ווי אַזוי יידן קומען אויפן זאַמל־פּלאַץ, אָדער אין שפּראַך פון די דייטשן „אומשלאַג־פּלאַץ". ווי מען שטופּט זיי אַריין אין די וואַגאָנען און מען פירט זיי אַוועק אין די לאַגערן. איר זעט אויך פאַר זיך בילדער און דאָקומענטן וואָס דערציילן וועגן יידישן ווידערשטאַנד אין די לאַגערן, באַזונדער אין טערעזיענשטאַט און ווי דער שונא האָט ניט געקענט ברעכן דעם יידנס גייסט. אויף דעם זאָגן עדות די פּאָעמעס וואָס די גע־פאַנגענע האָבן געשריבן, זייערע אַרויסגעשמוגלטע בריוו און באַזונדער די באַרימטע מאָלערייען און פּאָעמעס וואָס עס האָבן געשריבן און געמאָלן די קינדער אין טערעזיענשטאַט. זיי זיינען טאַקע מער ניטאָ, אָבער זייערע שאַפונגען וועלן ווייטער לעבן ווי אַ וואָרענונג צו דער וועלט קעגן יעדער שלעכטס און רישעות.

אומעטום, וואו מיר זיינען געגאַנגען, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף היינטיקע דייטשן, אויף דייטשישע טוריסטן וואָס מיט זיי, ווי איך האָב שוין דערציילט, זיינען פול אַלע שטעט פון מזרח־איראָפּע. צווישן זיי זיינען געווען יונגע און אויך אַ סך עלטערע, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די צווייטע וועלט־מלחמה און זיכער אויך די נאַצישישע אוממענטשלעכקייטן. איך האָב זיי אויך געטראָפן אין דער פּינקוס־שול און אין דעם פּאַלאַץ פון דער חברה־

קדישא. אונדזער באַגלייטער האָט אונדז געזאָגט אַז דער באַזוך אין די צוויי פּלעצער איז אַ מוז פאַר יעדן דייטש. עס ווערן שוין אַזוי אויסגע־שטעלט די רייזעס פאַר זיי. מסתמא האָט ער אונדז געוואָלט געפעלן מיט דעם. ווער וויס. ער האָט דאָך געזען אונדזער אויפרעגונג און אונדזער אומרו.

איך האָב זיך צו די דייטשן גוט צוגעקוקט. איך בין געשטאַנען לעבן זיי, ווען זיי האָבן געקוקט אויף די בילדער, געלייענט די דאָקומענטן, וואָס זיינען אין דער מערהייט געשריבן אין דייטש. קיין ריר, קיין באַוועגונג אויף זייער פּנים. ניט ביי די אַלטע און ניט ביי די יונגע. איר הערט פון זיי ניט קיין באַמערקונג, קיין איין וואָרט ניט. זיי גייען שטיל פאַרביי און קוקן אויף אַלץ ווי אויף אַ זאַך וואָס איז ווייט, ווייט פון זיי, וואָס האָט מיט זיי גאָרניט וואָס צו טאָן.

אַרויס פון דעם קאָשמאַר, אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען עטלעכע שעה, האָבן מיר אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג זיך געלאָזט גיין ווייטער איבער די גאַסן. אַזוי זיינען מיר צוגעקומען צו דער מייזל־שול. מיר האָבן שוין דערציילט אַז מרדכי מייזל איז געווען אין צייט דער מעיאָר פון דער געטאָ. ער איז געווען אַ גרויסער פינאַנסיר. ער האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן אויף שענער צו מאַכן די געטאָ. די הויפּט־גאַס פון דער געטאָ האָט געטראָגן זיין נאָמען און זי רופט זיך נאָך איצט אַזוי. ווען ער איז געשטאָרבן אין 1601 זיינען נאָך זיין אָרון נאָכגעגאַנגען אַלע איינוואוינערס פון דער געטאָ. אין דער לוויה האָט זיך אויך באַטייליקט דער עסטרייכישער אימפּעראַטאָר אַליין צוזאַמען מיט זיין הויף־סוויטע. אַזוי ווי מרדכי מייזל האָט ניט איבערגעלאָזן קיין קינדער און עס איז אויך ניט געבליבן קיין צוואה פון אים, האָט זיין גרויסן פאַרמעגן צוגענומען די עסטרייכישע רעגירונג.

ער האָט זיין נאָמען אויך פאַראייביקט מיט דעם וואָס ער האָט אויפ־געבויט אַ שול, וואָס שטייט נאָך איצט.

ווען מיר זיינען אַריין אין דער שול, איז אונדזער בליק פאַרכאַפּט גע־וואָרן פון די הונדערטער און הונדערטער חפצים פון זילבער, און אויך פון אַנדערע מעטאַלן, וואָס מיר האָבן דערזען פאַר זיך. מיר האָבן דאָ געפונען צונויפגענומען אַ גוואַלדיק גרויסן אוצר פון יידישע צערעמאָניאַלע חפצים. ווי עץ חיימס, ידן, כתר־תורהס, בשמים־ביקסלעך, חנוכה־לאָמפּן און נאָך און נאָך אַזעלכע אָביעקטן. זיי זיינען פון די גאָר עלטסטע צייטן ביז היינט — אַלע געמאַכט מיט דער האַנט. אין זיי זעט איר אַ סך קינסטלערישע ליבע און קינסטלערישע איינפאַלן. די נאַציס האָבן זיי צונויפגענומען פון איבערן גאַנצן לאַנד. מיר זיינען זיכער אַז אין ערגעץ איז אויף דער וועלט ניטאָ אויף אַזאַ אָרט אַזאַ גרויסע קאָלעקציע.

איך קוק אויף די זאַכן און טראַכט: ניטאָ די פרומע מאַמע וואָס פלעגט אין די לייכטער אַריינשטעלן ליכט אויף צו בענטשן פרייטיק־צו־נאַכט און האַרציק לויבן דעם באַשאַפער. ניטאָ דער פרומער טאַטע וואָס פלעגט שבת־צו־נאַכט מאַכן הבדלה און שמעקן פון בשמים־ביקסל עס זאָל זיין

אַ זיסע גוטע וואָך. ניטאָ די קינדער, וואָס פֿלעגן זיך שטעלן ביים חנוכה־לאָמפּ זיך צאַצקען אין די ברענענדיקע ליכטלעך און שפּילן מיט די קינסט־לערישע חנוכה־דריידלעך. ניטאָ ווער עס זאָל זיצן ביים סדר טרינקען וויין פֿון די זילבערנע כוסות און פֿאַרזוכן פֿון דעם כרפּס, מרור און חרוסת אויף דער פּסחדיקער קערה, אויף וועלכער עס זיינען אויסגעקלאַפּט פֿאַרשיידענע בילדלעכע באַצירונגען, ניטאָ... ניטאָ... געבליבן זיינען נאָר החפצים, חפצים וואָס דערציילן אַ סך וועגן דער שיינקייט פֿון ייִדישן פֿאַמיליע־לעבן. גע־בליבן זיינען די אַלע אָביעקטן נאָר ווייל ביי די נאַצישע פֿאַרברעכערס איז געווען אַ מין קראַנקהאַפֿטע ליידנשאַפֿט זיי אָפּצוהיטן. מיט דעם האָבן זיי געשטעלט אַ מאָנומענט וואָס לאָזט ניט פֿאַרגעסן זייערע מערדערייען.

# דער ייִדישער מוזיי אין פּראָג

גלייך נעבן דעם שיינעם פּאַלאַצל פֿון דער חברה־קדישא אין וועלכן, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, עס זיינען צונויפגענומען אַלע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וועגן ייִדישן לעבן אין טשע־כאָסלאָוואַקיע אין צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, שטייט אַ צווייט הויז אָן באַפּוצונגען און אָרנאַמענטן. עס זעט אויס ווי אַ פֿאַרחלומט, פֿאַר־טראַכט הויז.

אין דעם שטעטל פֿון דער אַלטער היים פֿלעגט איר אָפּט באַגעגענען פֿאַרחלומטע און פֿאַרטראַכטע ייִדישע אויגן. ווען איר פֿלעגט אין זיי זיך אַריינקוקן, פֿלעגט זיך אייך דוכטן, אַז זיי באַהאַלטן אין זיך מעשיות פֿון אַמאָל, מעשיות פֿון פֿרייד און מעשיות פֿון זאָרג. דאָס זעלביקע געפֿיל האָט איר ווען איר קוקט אויף אָט דער פֿון דרויסן באַשיידענער געביידע. עס דוכט זיך אייך אַז זי באַהאַלט אין זיך מעשיות אומעטיקע און פֿריילעכע פֿון דעם ייִדישן אַמאָל אין פּראָג.

אמת, די אָנהייב־סיבה וואָס האָט די ייִדן באַוועגן אויפצובויען די גע־ביידע איז געווען אַ גאָר טרויעריקע, אָבער פֿון טרויער איז שפּעטער אַרויס־געקומען פֿרייד. אַזוי איז שוין דער ייִדישער מזל. פּלוצעם באַווייזן זיך איבערן ייִדישן הימל שוואַרצע, דראָענדיקע וואָלקנס, אָבער עס ווערט פֿון טרויער פֿרייד, ווען די וואָלקנס רוקן זיך אַוועק און פֿון צווישן זיי שיינט פֿאַר די ייִדן אויף אַ פֿריילעכע, לאַכנדיקע זון.

צוליב אַן אומבאַקאַנטער סיבה האָט דער אימפּעראַטאָר פֿערדינאַנד פֿאַרשפּראָכן דעם פּויפּסט אין רוים אַז ער וועט אַרויסטרייבן די ייִדן פֿון פּראָג. אין יאָר 1561 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל אַז ביז אַ געוויסער

צייט מוזן אַלע ייִדן פֿאַרלאָזן פּראָג. דער באַרימטער פּראָגער ייִדישער דרוקער גרשון איז יעמאָלט אַוועק קיין רוים, געקראָגן אַן אוידיענץ ביים פּויפּסט פּיוס דעם פֿערטן און ביי אים אויסגעפּירט ער זאָל דעם אימפּעראַ־טאָר באַפֿרייען פֿון דעם פֿאַרשפּרעכן וואָס ער האָט אים געגעבן. אָט אַזוי איז פֿון ייִדן אָפּגעווענדט געוואָרן אַ גרויס אומגליק. נאָך מער. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז אויף דעם טראָן אַרויף פֿערדינאַנדס זון מעקסימיליאַן, וועלכער האָט פֿאַרשפּראָכן צו באַשיצן די ייִדן פֿון שלעכטס. עס האָט פֿאַר זיי אויפֿגעשיינט די זון. די הערצער פֿון די ייִדן זיינען פֿול געוואָרן מיט פֿרייד. ווען עס איז צו זיי דערגאַנגען אַז דער נייער אימפּעראַטאָר קומט מיט זיין פֿרוי אויף אַ באַזוך קיין פּראָג, האָבן ייִדן באַשלאָסן אים געבן אַ פֿייערלעכן קבלת־פּנים און מיט דעם אויסדריקן זייער דאַנקבאַרקייט צו אים.

דאָס איז געווען אין יאָר 1571, ווען די קיניגלעכע פֿאַמיליע איז גע־קומען קיין פּראָג און באַוויליקט אויך צו באַזוכן די ייִדישע געטאָ. אַלע איינוואוינערס פֿון דער געטאָ האָבן זיך יעמאָלט צונויפֿגעקליבן ניט וויַיט פֿון דער אַלט־נייער שול. דאָרטן האָט דער רב אַשכנזי אונטער אַ חופּה מיט אַ ספֿר־תּורה אין האַנט באַגריסט דעם אימפּעראַטאָר און זיין פֿרוי. אין אָנדענק פֿון דער געשעעניש האָבן די ייִדן אויף דעם זעלביקן אָרט אויפֿ־געבויט אַ קלויז. רופֿט זיך די שול קלויז־שול. די שול האָט אייגנטלעך אויפֿ־געבויט מרדכי מייזל. זי האָט געזאָלט זיין אַ קלויז פֿאַר ישיבה־בחורים צו לערנען און ער האָט אין פּראָג פֿאַרבעטן פֿאַר דעם ראָש־ישיבה דעם שוין יעמאָלט באַרימטן רב ר' יהודה בן בצלאל לעוו, דער שפּעטערדיקער מהרל. צווישן מרדכי מייזל און דעם מהרל האָט זיך איינגעשטעלט אַן ענגע פֿריינדשאַפֿט.

אַלץ וואָס עס איז פֿאַרגעקומען אין ייִדישן לעבן פֿון פּראָג האָט — עס זעט אויס אַזוי האָט געוואָלט דער שיקזאַל — זיך באַלד אָפּגערופֿן אויף דער קלויז־שול. אַזוי צום ביישפּיל, האָבן די דייטשן אין יאָר 1741 פֿאַר־וואַנדלט די שול אין אַ תּבֿואה־שפּייכלער. ערשט נאָך דעם ווי די ייִדן האָבן באַצאָלט 1,900 גאָלדענע אימפּעריאַלע טהאַלערן, האָבן זיי צוריקגעקראָגן די שול. ווען מען האָט ביים סוף פֿון ניינצנטן יאָרהונדערט איבערגעבויט די שטאָט פּראָג, האָט די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג געוואָלט די שול אומוואַרפֿן, אָבער די ייִדן האָבן צו דעם ניט דערלאָזן. זי איז זיי געווען צו שטאַרק איינגעבאַקן אין האַרצן. די שול האָט ביי זיי אויפֿגעוועקט אַ וועלט מיט דערינערונגען וועגן זייער אַמאָל.

איצט האָט מען די שול פֿאַרוואַנדלט אין אַ מוזיי פֿון דעם ייִדישן אַמאָל. ווען איר שפּאַצירט איבער דעם מוזיי — גייט פֿאַר אייך פֿאַרביי דאָס ייִדישע לעבן אין טשעכיע פֿון די פֿריסטע צייטן ביז דעם סוף פֿון אַכצנטן יאָרהונ־דערט, ווען זייער סאָציאַלע לאַגע האָט זיך באַדייטנד פֿאַרבעסערט אַ דאַנק דעם טאָלעראַנץ־עדיקט פֿון דעם עסטרייכישן אימפּעראַטאָר, יוסף דער צווייטער.

דאָס אַמאָליקע לעבן ווערט געוויזן דורך מאַפּעס, טאַבעלעס, בילדער און צייכענונגען; דורך ספרים, ביכער און מאַנוסקריפּטן. אויך דורך פאַרשיידענע חפצים און דאָקומענטן.

ווען איר קומט אַריין אין פּאָליש פון שול טראָגט איר זיך באַלד אַריבער אין דעם גאָר ווייטן אַמאָל. איר זעט פאַר זיך אַן אויסשטעלונג וואָס וויזט ווי אַזוי נאָך דעם אונטערגאַנג פון דעם ייִדישן לאַנד אין יאָר 70 באַזעצן זיך ייִדן אין דער דעמאָלטדיקער רוימישער אימפּעריע. שפּעטער, ווי אַזוי ייִדן קומען מיט די האַנדלס־וועגן קיין בעהמען און מעהרען, ווי אַזוי זיי נעמען זיך באַזעצן אין די צוויי לענדער און אין דער שטאָט פּראָג. איר געפינט מאַפּעס פון פאַרשיידענע יאָרהונדערטער וואָס וויזן, וואו ייִדן האָבן אין דער שטאָט זיך באַזעצט, וואו עס זיינען געווען די שולן, געבעט־הייזער. איר זעט כתב־ידן, אָדער מאַנוסקריפּטן פון רבנים און למדנים פון יענער צייט, געשריבן אין לשון־קודש. עס וויזט אַז זיי זיינען אויך געווען באַהאַוונט אין די סלאַווישע שפּראַכן ווי רוסיש, פּויליש און טשעכיש. זיי ניצן די שפּראַכן ווי גלאָסאַרן, ווי דערקלערונגען פון שווערע העברעאישע אויסדרוקן. פּונקט ווי רשי האָט אין זיין צייט געניצט פראַנצייזיש צו דערקלערן שווערע ווערטער.

די אויסשטעלונג דערציילט ווי ביז דעם 12טן און טיילווייז ביז צו דעם 13טן יאָרהונדערט זיינען די ייִדן געווען פרייע בירגערס און ווי ביסלעכווייז ווערן זיי שוצלאָזע מענטשן. זיי ווערן קאַמער־קנעכט פון דעם קיניג, פון דעם בישאָף, פון יעדן מין הערשער. דאָס הייסט זייער פּערזאָן און אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן ווערט דאָס אייגענטום פון די וועלטלעכע און קירכלעכע הערשערס. פאַר דעם שוץ וואָס זיי קריגן מוזן ייִדן צאָלן און צאָלן. יעדער מאָל ווען דער הערשער בייטיקט זיך אין געלט קוועטשט ער עס אַרויס פון דעם ייִדן.

ווייטער זעען מיר ווי אונטער דעם דרוק פון דער קאַטוילישער קירך צווינגט מען ייִדן טראָגן אויף זייערע קליידער אַ ספּעציעלע אָפּצייכענונג, מען זאָל באַלד וויסן ווער זיי זיינען. מען באַגרענעצט זיי אין זייערע פּרנסות, מען פאַרשטופּט זיי אין ספּעציעלע שטאָטטיילן, וואָס ווערן שפּעטער אַרומגערינגלט מיט ווענט. אַזוי קומט אויף די געטאָ.

אין מוזיי געפינט איר ריזיקע פאָטאָגראַפיעס פון סוף 19טן יאָרהונדערט, ווען מען האָט געהאַלטן אין ליקווידירן די רעשטלעך פון דער אַמאָליקער מיטלעלטערלעכער געטאָ. זיי וויזן אייך ווי אַזוי די געטאָ האָט אויסגעזען. איר זעט ענגע, פינצטערע געסלעך, אין וועלכע עס קומט אַריין ווייניק זונשיין, מיט אָפּגעלאָזענע הייזער; ענגע דירות, איינע איבער דער צווייטער אַזוי ווי די קברים אויפן אַלטן בית־עולם. איר זעט קעלער־שטיבלעך און בוידעם־שטיבלעך. שילדלעך איבער אָרעמע ייִדישע וואַרשטאַטן, קרעמלעך, יאַטקעס און אַכסניהס.

ווען איר פאַרלאָזט דעם פּאַליש און קומט אַריין אין שול גופא, לייענט איר פון די אויסגעשטעלטע אָביעקטן ווי אַזוי די פּראָגער געטאָ האָט זיך אַנטוויקלט און געלעבט אונטער די האַפּסבורגס. צווישן דרייצנטן און זעכצנטן יאָרהונדערט איז פּראַג געווען די איינציקע שטאָט אין צענטראַל־אייראָפּע, וואו ייִדן, אַ דאַנק דעם וואָס זיי האָבן זיך געפונען אונטער דער דירעקטער שוץ פון דעם אימפּעראַטאָר, האָבן רעלאַטיוו געלעבט אין פרידן.

אײן עקספּאָנאַט־אָביעקט ציט אייער באַזונדער׳ע אויפמערקזאַמקייט, ווען איר זייט אין מוזיי. דאָס איז דער מאַנטל און די פאָן פון שלמה מולכו (מאָלכע). די פאָן איז געמאַכט פון געלן זייד. עס זיינען אויף איר אויסגענייט מיט רויטע זיידענע פעדעם פסוקים פון תהילים און דער נאָמען פון שלמה מולכו (מאָלכע). דער מאַנטל איז פון ווייסן אַטלאַס, געשטיקט מיט גאָלד און זילבער. דערמאָנט איר זיך אַז זינט דעם סוף פון 15טן יאָרהונדערט האָבן די ייִדישע ליידן אין גלות, באַזונדער אין די ספרדישע לענדער, דער־גרייכט דעם העכסטן פּונקט. ייִדיש לעבן האָט פאַרלאָרן יעדן ווערט — אַזוי ווי אין די צייטן פון היטלער ימח שמו. אין אַזעלכע גרויליקע טעג האָבן ייִדן און אויך מאַראַנען געגומען טראַכטן אַז משיח מוז באַלד קומען. איינער וואָס האָט אָנגעזאָגט דאָס קומען פון משיחן און אַז ייִדן וועלן אין גיכן צונויפגעזאַמלט ווערן אין זייער אייגן לאַנד, איז געווען שלמה מולכו (מאָלכע). ער איז געבוירן געוואָרן אין ליסבאָן אין אַ פאַמיליע פון מאַראַנען. ער איז געווען אַ סעקרעטאַר אין קיניגלעכן הויף. זיין נאָמען איז געווען דיאָגאָ פּירעס. אין יענער צייט, דאָס איז געווען אין 16טן יאָרהונדערט, באַווייזט זיך אין ליסבאָן דוד הראובני, אַ מיסטעריעזע פּערזענלעכקייט, וועלכער האָט דער־ציילט אַז ער שטאַמט פון שבט ראובן פון די פאַרלאָרענע צען שבטים און קומט פון אַ ייִדיש לאַנד ערגעץ אין אַראַביע, וואו זיין ברודער יוסף איז דער קיניג. ער איז געקומען קיין אייראָפּע פאַרהאַנדלען מיט די דאָרטיקע קיניגן אַז זיי זאָלן העלפן זיין ברודער באַפרייען ארץ־ישראל פון דער טער־קישער הערשאַפט כדי די ייִדן, ווי ער האָט געהאַפט, זאָלן קענען אַריינ־קומען אין זייער לאַנד. דאָס באַווייזן זיך פון דוד הראובני ווירקט אויף דיאָגאָ פּירעס אַזוי שטאַרק, אַז ער ווערט צוריק אַ ייִד. ער האָט זיך געלאָזט מל זיין און זיך גענומען רופן מיט דעם ייִדישן נאָמען שלמה מולכו (מאָלכע). ער איז געווען אַ פייערדיקער רעדנער און האָט אָנגעצונדן ייִדישע הערצער מיט גלויבן און האָפענונג.

ווי אַן אָפּטריניקער פון קריסטנטום האָט ער פאַרענדיקט זיין לעבן, אין גאַנצן 32 יאָר אַלט, אויפן שייטער־הויפן פון דער אינקוויזיציע. ווען ער איז שוין געשטאַנען אויפן שייטער־הויפן, האָט מען אים געפרעגט, צי ער האָט חרטה, צי ער וויל זיך אומקערן צו דעם קריסטלעכן גלויבן. זיין ענטפער איז געווען: „איך האָב חרטה וואָס מיין יוגנט האָב איך פאַרבראַכט אין אייער פאַלשער אמונה, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט!“ — אַזוי האָט

ער געענטפערט מיט אַ הויכער, מוטיקער שטים. און ווען די פייערן האָבן אָנגעהויבן אים אַרומנעמען, האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער „שמע ישראל".

יידן האָבן אַ לאַנגע צייט אים ניט פאַרגעסן. מען האָט דערציילט אַז שלמה מולכו (מאָלכע) לעבט גאָר. מען האָט זיך געשוואָרן, אַז מען האָט אים געזען מיט די אייגענע אויגן. יידן האָבן ניט אַזוי גיך געוואָלט פאַרלירן די האָפענונג אויף אויסלייזונג.

ווי אַזוי דער מאַנטל און די פאָן פון שלמה מולכו (מאָלכע) איז געקומען קיין פראָג, איז אַ רעטעניש. עס גייט אַרום אַ מעשה אַז זיין ווילן איז געווען אַז די פאָן זאָל זיך געפינען אין דער פנקס־שול פון פראָג. האָט שלמה מולכו (מאָלכע) פאָרגעפילט דעם גרויסן אומגליק וואָס וועט אַמאָל קומען אויף יידן, האָט ער פאָרגעפילט אַז די פנקס־שול וועט אַמאָל ווערן אַ מאָנומענט נאָך יידן וואָס מען האָט מערדערליך אומגעבראַכט און ער האָט דורך זיין מאַנטל און פאָן געוואָלט זיך פאַרבינדן מיט זיי?

## עס לעבט פאַר מיר אויף
## אַ שטיק יידישע געשיכטע

מיר זיינען געוואוינט צו לייענען יידישע געשיכטע פון אַמאָליקע צייטן, אָבער ניט איבערלעבן זי. אין פראָגער מוזיי איז אונדזער געשיכטע אין גלות מיר געוואָרן נענטער. איך האָב דורך די עקספּאָנאַטן זי דערזען פאַר זיך, איך האָב זי איבערגעלעבט. איך האָב דערזען פאַר זיך אירע העלדן, די וואָס האָבן געלעבט און אויפגעהאַלטן דאָס יידישע לעבן, די וואָס האָבן ניט געלאָזט אויסלעשן דעם יידישן געדאַנק, האָבן אים פאַרטיפט און ווייטער געצויגן דעם גאָלדענעם פאָדעם פון יידישער שעפערישקייט, אַ שעפערישקייט וואָס האָט אין קיין דור זיך ניט אָפּגעשטעלט.

אָט שטיי איך פאַר דער פאָן פון מרדכי מייזל, וועמען איך האָב שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט. יעדערער וואָס קען יידישע געשיכטע, יעדערער וואָס געדענקט נאָך דאָס יידישע לעבן פון אַמאָל אויף יענער זייט ים, האָט ניט איין מאָל און אין פאַרשיידענע צייטן באַגעגנט אַ מרדכי מייזל. ער איז געווען אַ פינאַנציעלער ראָטגעבער ביים עסטרייכישן אימפּעראַטאָר. זיין פאַרמעגן האָט ער אויסגעניצט צו בויען בתי־מדרשים (די הויכע שול, די מייזל־שול, די קלויז־שול), צו בויען אַ שפּיטאָל און אויסצוברוקירן די גאַסן פון דער געטאָ. ער האָט געטאָן אַלץ שענער צו מאַכן די געטאָ עס זאָל זיין אָנגענעמער דאָס לעבן אין איר. צוליב זיין פאַרדינסט פאַר דעם אימפּעראַטאָר, רודאָלף דעם צווייטן, האָט מען אים געגעבן דאָס רעכט צו האָבן אַן אייגענע פאָן. אַזאַ רעכט האָבן געהאַט נאָר אַדלדיקע פאַמיליעס.

די פּאָן געפינט זיך איצט אין מוזיי. זי איז פון טונקל־רויטן זיידן־שטאָף, אויסגעשטיקט מיט פאַרשיידענע אָרנאַמענטן מיט פראַנדזן פון פורפור־קאָליר. אויף איר איז אויך אויסגעהעפט אַ מגן־דוד און פסוקים פון תנך.

אַ צווייטער ייִד וואָס האָט אין 17טן יאָרהונדערט זיך באַקענט געמאַכט מיט זיינע וואוילטעטיקייטן איז געווען יעקב באַסעווי. אים איז געלונגען צוצוקויפן לאַנד אויף צו פאַרגרעסערן די ענגע געטאָ. ווייזט מען אונדז טאָקע אין מוזיי אַ מאַפּע פון דער „ייִדישער שטאָט" אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן פון 17טן יאָרהונדערט.

יעקב באַסעווי איז געווען דער פינאַנציעלער ראַטגעבער פון דעם אימ־פּעראַטאָר אין דער צייט פון דעם דרייסיקיאָריקן קריג (1648־1618), אַ קריג וואָס די קאַטוילישע הערשערס האָבן געפירט קעגן די וואָס זיינען אַריבער צו דעם פּראָטעסטאַנטישן גלויבן. פאַר די גרויסע טובות וואָס ער האָט געטאָן דער עסטרייכישער קרוין אין אָנהייב פון דעם קריג, האָט דער קייזער פערדינאַנד דער צווייטער אים געגעבן דעם אַדל־טיטול מיטן נאָמען פאָן טרויענבערג. געפינט זיך איצט אין פּראָגער מוזיי זיין הערב מיט דעם אַדליגן מאַנטל, אַ מאַנטל וואָס קיניגלעכע ריטערס און אַדל־לייט האָבן גע־טראָגן איבער זייער געווער.

געשטאָרבן איז יעקב באַסעווי אין נויט און אָרעמקייט. ביי מרדכי מייזל האָט דער אימפּעראַטאָר צוגענומען זיין גרויסן פאַרמעגן נאָכן טויט. ביי יעקב באַסעווי, ווי לאַנג ער האָט נאָך געלעבט, ווייל „אַ ייִד לעבט דאָך נאָר מיט דעם חסד פון זיין מאַיעסטעט און אונטער זיין שוץ". דער הערשער קען געבן און קען נעמען. אויב ער האָט געדאַרפט אַ פאַרענטפערונג, איז אים ניט שווער געווען צו געפינען. קיין ייִד, ווי שטאַרק און מעכטיק ער איז ניט געווען, איז קיין מאָל ניט געווען זיכער אַז אַ קרומער אויג פון קייסער אָדער אַפילו פון קלענערע הערשערס, זאָל ניט ברענגען אויף אים אומגליקן.

מרדכי מייזל און יעקב באַסעווי זיינען ניט די איינציקע ייִדישע פירערס וואָס זיינען פאַרטראַטן אין מוזיי. די אויסשטעלונגען באַקענען אייך מיט יע־דער וויכטיקער פיגור, וואָס האָט געווירקט און באַווירקט דאָס ייִדישע לעבן פון בעהמען און מעהרען.

אַ סך אָרט ווערט אין מוזיי אָפּגעגעבן דער געשיכטע פון דער פּראָגער חברה־קדישא, גמילות חסדים, וועגן וועלכער מיר האָבן שוין דערציילט. איר געפינט דאָרטן אירע סטאַטוטן און איר גרינדונג־טשאַרטער געשריבן אויף פּאַרמעט.

מיט אַ באַזונדערער זאָרג איז צונויפגעקליבן אַלץ וואָס מען האָט נאָר געקענט קריגן וועגן מהרל. די קאָלעקציע וועגן אים פאַרנעמט עטלעכע אַלמערס. איר געפינט דאָרטן זיינע כתבים און ספרים און אויך ווערק וועגן אים אין פאַרשיידענע שפּראַכן. אויך געפינט איר אין מוזיי אַ פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפיע פון אַ צייכענונג „הרב לעוו און דער גולם", געמאָלן אין יאָר 1899 און אַן אויל־בילד פון יאָר 1952. אין מוזיי איז אויך דאָ דעם מהרלס

קידוש־בעכער. די פאָרעם און אָרנאַמענטאַציע פון דעם בעכער איז אין סטיל פון אָנהייב 17טן יאָרהונדערט.

קאָלעקציעס, און גאַנץ גרויסע, זיינען אויך פאַראַן אין מוזיי וועגן אַנדערע ייִדישע געלערנטע, וועגן די אַלע וואָס האָבן גייסטיק געווירקט אין ייִדישן לעבן, וועגן די וואָס זיינען אין זייער אייגענער צייט געווען באַקאַנט אין דער ייִדישער גייסטיקער וועלט און וועגן די וואָס זיינען מיט זייערע שאַפונגען און אויפטוען פאַרבליבן לעבן ביי ייִדן אין דער וועלט אויך אין די ווייטערדיקע דורות.

אונטן, אין מנין־שטיבל פון שול, געפינט איר עקספּאָנאַטן וועגן ייִדישן לעבן אין פּראָג אין 17טן יאָרהונדערט. איר געפינט דאָרטן קיניגלעכע פאַראָרדענונגען וועגן ייִדן, וועלכע רעכט זיי האָבן, וואָס זיי מעגן און מעגן ניט.

אויך זיינען דאָרט דאָ דאָקומענטן וואָס דערציילן וועגן דער ייִדישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין די טשעכישע לענדער. פון די דאָקומענטן ווערט קלאָר אַז פאַר די הערשערס איז די ייִדישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג געווען דער בעסטער אָרגאַן אויף איינצומאָנען שטייערן און פרעסן געלט פון ייִדן. פאַר די שטייערן פון יעדן ייִדן איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך די גאַנצע געמיינדע, באַזונדער די פּראָגער געמיינדע אונטער וועלכער עס זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אַלע געמיינדעס פון לאַנד. די הערשערס זיינען צוליב זייער קאַסע געווען פאַראינטערעסירט אויפצוהאַלטן די ייִדישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

דאָקומענטן וועגן ייִדן־פיינדשאַפט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג זעען זיך אויך אָן אין מוזיי. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף צוויי. אין מוזיי אונטערן גלאָז געפינט איר אויף פאַרגעלטע בלעטער דאָס באַרימטע קלאָג־ליד פון דעם רעליגיעזן פּאָעט ר׳ אביגדור קאַראָ, וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָך דעם שוידערלעכן פּאָגראָם אין דער פּראָגער געטאָ אין דער ערשטער סדר־נאַכט פון יאָר 1389. אין זיין עלעגיע דערציילט ר׳ אביגדור קאַראָ: „אפילו די קברים אויפן בית־עולם האָט מען אויסגעגראָבן. די ביינער פון אונדזערע לאַנג־פאַרשטאָרבענע אור־עלטערן האָט מען אַרויסגעריסן פון זייער וואוין־אָרט, די מצבות האָט מען צעהאַקט און די קברים אויסגעגליכן מיט דער ערד . . .״

דאָס איז ניט איין מאָל געשען אין אונדזער געשיכטע. אונדזערע פיינד ווילן ניט לאָזן ליגן אין רו אַפילו די וואָס זיינען שוין לאַנג אַוועק פון דער וועלט. אין באַרצעלאָנאַ, שפּאַניע, בין איך געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער פאַר אַ וואַנט פון אַ הויז. איך האָב דערזען אַ וואַנט וואָס איז געמאַכט אין גאַנצן פון ייִדישע מצבות.

אויך די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט אומברענגען ייִדן. אויך זיי האָבן אויסגעגליכן די קברים מיט דער ערד און צעהאַקט ייִדישע מצבות.

אַ גאָר גרויס אומגליק איז געשען די ייִדן פון פּראָג, ווען אויף דעם באַפעל פון דער עסטרייכישער אימפּעראַטאָרשע מאַריאַ טערעזאַ, וואָס אין איר האַרץ האָט געלעבט אַ קרענקלעכע שנאה צו ייִדן, האָבן אַלע ייִדן ביז דעם 31סטן יאַנואַר 1745 געמוזט פאַרלאָזן פּראָג. עס האָבן ניט געהאָלפן די האַרצרייסנדיקע ווענדונגען פון די ייִדן צו איר און אַפילו ניט פון אירע אייגענע גובערנאַטאָרן אין טשעכיע, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אַז איר דעקרעט וועט עקאָנאָמיש רואינירן דאָס לאַנד. קיין איין ייִד איז ניט פאַרבליבן. עס זיינען אַוועק דריי יאָר. אויסלענדישע רעגירונגען האָבן גענומען זיך איינ־שטעלן פאַר די ייִדן וואָס האָבן הימלאָזע געוואַנדערט איבער די וועגן פון אייראָפּע. דאָס לאַנד, צוליב דעם פאַרטרייבן פון די ייִדן, איז געוואָרן אָרעמער. די רעגירונג־קאַסע ליידיקער. דאָס שטיינערנע קריסטלעכע האַרץ פון דער אימפּעראַטאָרשע איז אָפּגעגאַנגען און מען האָט געבעטן די ייִדן צוריקקומען קיין פּראָג. דאָך האָבן די ייִדן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט, געדאַרפט באַצאָלן אַ ספּעציעלן שטייער פון צוויי הונדערט טויזנט פלאָרין.

געפינען מיר אין מוזיי מאַריאַ טערעזאַס דעקרעט וועגן אַרויסטרייבן די ייִדן און אויך אַ רעפּראָדוקציע פון דעם מעדאַל וואָס אַ האָלענדישער קינסטלער האָט אויסגעהאַקט אין פאַרבינדונג מיט דעם צוריקקערן זיך פון די ייִדן אין יאָר 1748. דער מעדאַל איז זייער גרויס און דיק. אויף איין זייט זיינער איז אַ בילד פון מאַריאַ טערעזאַ ווי זי זיצט אויפן טראָן אונטער אַ חופּה. אין דער רעכטער האַנט האַלט זי דעם צעפּטער. פאַר דעם טראָן שטייט אַ ריטער. ער שטעלט מיט זיך פאָר די גערעכטיקייט. ער ווייזט אָן אויף אַ רב אין אַ קאַפּאָטע און אַ פרוי מיט אַ קינד אין הינטערגרונט. אונטן איז אַ ציטאַט אין לאַטיין: „וואַרף ניט די שולד פון דעם דינער אויף דער קיניגין". דאָס, ווי עס זעט אויס, האָט געדאַרפט מיינען אַז ניט מאַריאַ טע־רעזאַ איז געווען די שולדיקע קעגן ייִדן, נאָר אירער אַ מיניסטער.

אויף דער צווייטער זייט פון מעדאַל זעט מען אַן אָפּענעם שטאָטישן פלאַץ, אַרומגערינגלט מיט הויכע הייזער. אין מיטן פלאַץ פאַרברענט מען מאַריאַ טערעזאַס דעקרעט. אַרום פייער שטייען די ל"ו (זעקס און דרייסיק) צדיקים, וואָס אויף זיי האַלט זיך די וועלט. זייערע פּנימער זיינען פול מיט פרייד. פון די דעכער פון די אַרומיקע הייזער פלאַטערן די פאָנען פון ענג־לאַנד, שוועדן, נאָרוועגיע, פוילן, ליטע און האָלאַנד — די לענדער וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר די ייִדן. גאָר אונטן קומט אין לאַטייניש אַ ציטאַט פון מגילת־אסתר.

מיר האָבן אויך געזען אין מוזיי אַ בוך געבונדן אין לעדער, וואו עס זיינען פאַרשריבן די נעמען פון די אַלע וואָס זיינען צוריקגעקומען. מען האָט די נעמען פאַרשריבן פון דעם 28סטן אויגוסט 1748 ביז דעם 22סטן אָקטאָבער 1749. עס האָבן זיך אומגעקערט 6,061 ייִדן, מענער, פרויען און קינדער.

אין מוזיי קענט איר זיך באַקענען ניט נאָר מיט דעם לעבן פון די גבירים און רבנים, נאָר אויך מיט דעם לעבן פון דעם יידישן פאָלקס־מענטשן, פון דעם אַרבעטס־מענטשן, אין בעהמען און מעהרען.

אין דער וויבערשער שול געפינען מיר אין גלעזערנע אויסשטעל־שאַפעס, וואָס פאַרנעמען גאַנצע ווענט, עקספּאָנאַטן וואָס דערציילן וועגן יידישן האַנדל, יידישע מלאָכות און יידישע צעכן. יידן האָט מען אַמאָליקע צייטן פאַרווערט זיך צו פאַרנעמען מיט מלאָכות, סיידן אַזעלכע וואָס באַפרידיקן ספּעציפיש יידישע נויטן ווי כשרות, שעטנז. מעגן יידן האָבן אייגענע קצבים, בעקערס, שניידערס, שוסטערס און אויך סופרים. אויך זיינען אין געטאָ געווען פעלץ־אַרבעטערס, פאַריקמאַכערס און קלעזמאָרים, שפּעטער באַווייזן זיך אויך יידישע גאָלדשמידן.

די עקספּאָנאַטן אין מוזיי דערציילן ווי יידישע באַלמעלאָכעס קעמפן פאַר דעם רעכט צו אַרבעטן אויך פאַר ניט־יידן. זיי דערציילן ווי עס קומען אויף יידישע באַלמעלאָכישע צעכן און ווי די קריסטלעכע צעכן פירן קעגן זיי אַ קאַמף.

אַזוי אַרום גיט דער מוזיי אַן אַלזייטיק בילד וועגן אַמאָליקן יידישן לעבן אין מעהרען און בעהמען.

## דער אַמאָל
## וואָס איז מער ניטאָ

**אונדזער** שפּאַציר איבערן יידישן מוזיי, וואָס איז לויט זיין גרויס און פאַרנעם דער איינציקער פון דעם מין אין דער וועלט, האָט אונדז געבראַכט אין דער שול אויף דושני־גאַס. די שול האָט מען איבערגעבויט אין יאָר 1867. זי שטייט אויף דעם אָרט, וואו, ווי מען מיינט, עס איז אַמאָל געווען די ערשטע שול אין פּראַג. די שול איז אין 19טן יאָרהונדערט געוואָרן די ערשטע רעפאָרם־שול אין לאַנד, מיט אַן אָרגל און אַ כאָר. פראַנצישעק סקרופ, דער פּראָפעסער פון טשעכישן נאַציאָנאַלן הימן איז צען יאָר צייט (1845־1836) געווען דער כאָר־דיריגענט און אָרגאַניסט אין דער שול. געבויט איז די שול אין סטיל פון נעאָ־רענעסאַנס.

איר קומט אַריין אינעווייניק ווערט איר פאַרכאַפּט פון דעם גלאַנץ און דער שיינקייט וואָס נעמט אייך אַרום. ווען אונדז איז אויסגעקומען מיט צוויי יאָר צוריק צו זיין אין גראַנאַדאַ, שפּאַניע, זיינען מיר איינגעשטאַנען אין האָטעל אַלהאַמבראַ, אַן אַמאָליקער פּאַלאַץ, פול מיט גלאַנץ און פּראַכט, וואָס אַ ייד האָט געהאַט אויפגעבויט. איצט, ווען מיר זיינען אַריין אין דער שול, האָט עס אונדז דערמאָנט אָן יענעם פּאַלאַץ. ווי דאָרטן, אַזוי דאָ, האָבן מיר דערזען פאַר זיך רויט־בלויע מאַרמאָרנע ווענט, אויף וועלכע עס זיינען געווען

אויסגעפּרעסט אַ וועלט אָרנאַמענטן — אין דעם פֿאַל טראַדיציאָנעלע ייִדישע סימבאָלן: אָדלערס מיט מענטשלעכע פּנימער, פֿיגורן פֿון הירשן און לייבן; וויינטרויבן, צוויטן, געשפּאָלטענע מילגרוימען און נאָך אַנדערע פֿאַרכאַפּנדיקע אָרנאַמענטן פֿול מיט ייִדישן חן.

ליכט וואָס זיינען געפֿאַלן פֿון הויכן גלעזערנעם קופּאָל, האָבן נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעם גלאַנץ און די פּראַכט פֿון די ווענט און פֿון דעם גאַנצן אַרום. די דאָזיקע ליכט האָבן באַלויכטן נאָך עפּעס: פּרוכתן, מענטעלעך פֿאַר ספֿרי־תּורות, תּורה־בענדער, כּפּורתן, טיכער און אַנדערע טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען, וואָס מען האָט אויף דעם באַפֿעל פֿון די דייטשן צונויפֿגעבראַכט קיין פּראָג פֿון אַלע שולן אין טשעכאָסלאָוואַקיע. די ווערטפֿולסטע פֿון זיי ווערן איצט דעמאָנסטרירט אין דער שול אויף דושני־גאַס.

גאָר אַ סך פֿון די טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען צוזאַמען מיט ספֿרי־תּורות און אַנדערע הייליקע חפֿצים האָבן ייִדן מיט געפֿאַר פֿאַר זייער אייגענעם לעבן אַרויסגעראַטעוועט פֿון ברענענדיקע ייִדישע שולן איבערן לאַנד וואָס די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן.

אין לאַגער פֿון ייִדישן מוזיי געפֿינען זיך אַרום און אַרום צען טויזנט פֿאַרשיידענע געוואַנטן. זיי שטאַמען פֿון פֿריען מיטלעלטער ביז דער הייַנטיקער צייט. פּרוכתן אַליין זיינען דאָ 2,800, תּורה־מענטעלעך — 4,800.

עס איז ממש צו באַוואונדערן די פֿאַרשיידנאַרטיקייט און רייכקייט פֿון די געוועבן וואָס מען וויזט אייך. איר פֿילט אַז הענט פֿון גאָטפֿאָרכטיקע האָבן זיי געמאַכט, אַז די וואָס האָבן זיי געוועבט און אויסגעשטיקט האָבן דאָס געטאָן מיט גרויס ליבע און ערפֿורכט צו דעם באַשאַפֿער. פּונקט ווי זיי וואָלטן מיט דעם תּפֿילה געטאָן צו גאָט, פּונקט ווי זיי וואָלטן אין דעם אַריינגעלייגט אַלע זייערע וואונטשן פֿאַר זיך, זייערע קינדער און דעם גאַנצן כּלל ישׂראל.

זיי זיינען אַלע געמאַכט פֿון דעם טייערסטן געוואַנט און זיינען אויסגעשטיקט מיט גאָלדענע, זילבערנע און זיידענע פֿעדעם. דער עיקר, עס איז אין זיי פֿאַראַן אַ סך פֿאַנטאַזיע, גרויסע קינסטלערישקייט. איר זעט אויף זיי ניט קיין פֿיגורן. דאָס וואָלט געווען ניט ייִדישלעך. איר זעט אָבער אויסערגעוויינטלעך שיינע בלומען, געמעלן, וואָס נאָר די רייכסטע מענטשלעכע פֿאַנטאַזיע קען צוטראַכטן און עס ווילט זיך אויף זיי קוקן און קוקן.

יעדע שול האָט געשטרעבט צו האָבן וואָס מער פּרוכתן צוגעפּאַסט פֿאַר יום־טובֿדיקע געלעגנהייטן. אַזוי האָט די ספֿרדישע שול אין פּראָג פֿאַרמאָגט 365 פּרוכתן — איין פּרוכת פֿאַר יעדן טאָג פֿון יאָר, אַחוץ פּרוכתן פֿאַר די שבתים און יום־טובֿים. אַזוי איז אויך געווען מיט די אַנדערע הייליקע געוואַנטן ווי תּורה־מענטעלעך אד״גל. פּונקט ווי אין די אַלטע צייטן, פֿלעגן ייִדן ברענגען מתּנות אין בית־המקדש, אַזוי האָבן זיי שפּעטער באַטראַכט פֿאַר זייער הייליקער פֿליכט צו געבן מתּנות דער שול, וואו מען האָט געדאַוונט.

פונקט ווי ייִדן האָבן נאָכן טויט געוואָלט פאַראייביקן זיך און זייערע מעשים מיט אויפשריפטן אויף מצבות, האָבן זיי נאָך מער געוואָלט זיך פאַראייביקן דורך מתנות וואָס זיי האָבן געבראַכט דער שול ווי לאַנג זיי האָבן נאָך געלעבט. זיי האָבן אויך געוואוסט אַז אַ מתנה מיט זייער נאָמען אויסגעקריצט אויף אַ זילבערנעם חפץ, אָדער אויסגעהעפט אויף געוואַנט, וועט הייבן זייער אָנזען.

די פּרוכתן זיינען געווײנטלעך געווען מתנות פון פאַרמעגלעכע ייִדן אָדער פון חברות, פאַראיינען, צווישן זיי אויך באַלמעלאָכישע. יעדער פאַר־מעגלעכער ייִד האָט זיך באַמיט געבן דער שול אַ פּרוכת, ווייל אַ פּרוכת איז פאַר אַלעמענס אויגן און אַלע קענען לייענען דעם נאָמען פון דעם געבער און אויך באַוואונדערן די שיינקייט פון דער מתנה. מיט אַ פּרוכת האָט מען געקענט גאָר שטאַרק זיך אַרויסשטעלן. דעריבער וואָס רייכער איינער איז געווען, אַלץ אַ טייערערן פּרוכת האָט ער געשאָנקען דער שול.

פון די אויפשריפטן אויף די געוואַנטן, אויף וועלכע דער בייטראָגער ווערט אָפט געלויבט אין הויכע מליצהדיקע רייד, קען מען אויסגעפינען אַ סך וועגן די פרויען און מענער וואָס האָבן באַרייכערט די שול מיט זייערע מתנות. די מתנות זיינען פאַרשיידנאַרטיק, זיי דערציילן וועגן דעם געשמאַק, כאַראַקטער און דער עקאָנאָמישער פּאָזיציע פון די מנדבים. ווען איר קוקט אויף די מתנות באַקענט איר זיך מיט די גרויסע מענער און פרויען וואָס האָבן פיגורירט אין דער ייִדישער געשיכטע פון בעהמען און מעהרען, מיט די ערשטע ייִדישע אַדלדיקע, מיט די מעיאָרס פון די געטאָס, מיט די הויפּטן פון די ייִדישע קהילות אין די טשעכישע לענדער. איר באַקענט זיך אויך מיט די רבנים, פּרנסים, דינים. אויך מיט די באַלמעלאָכעס וואָס האָבן אויסגעשטריקט די פּרוכתן, מיט די סופרים וואָס האָבן געשריבן די ספרי־תורות. אַלע מינים באַלמעלאָכעס זיינען פאַרטראָטן מיט מתנות. איר געפינט אויך „אַנאָנימע" מתנות, פון מענער און פרויען אין די שטעט און שטעטלעך פון בעהמען און מעהרען וואָס האָבן ניט אָנגעגעבן זייער נאָמען, זייער פּאָזיציע און זייער באַרוף.

מען האָט אָפט געגעבן וואָס מען האָט נאָר פאַרמאָגט. מיר געפינען — באַזונדער צווישן די מתנות פון דעם פאַרגאַנגענעם און היינטיקן יאָרהונ־דערט — אַפילו אויסגעצירטע האַנטעכער, אָדער אַלטע חתונה־קליידער, אויב מען האָט ניט געהאַט עפּעס בעסערס צו געבן. אַזוי אַז די אוצרות גע־וואַנטן, איצט צונויפגענומען אונטער איין דאַך, גיבן אונדז אַ קלאָר און אַלזייטיק בילד פון דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין טשעכיע. זיי באַקענען אונדז ניט נאָר מיט די פאַרמעגלעכע, מיט די רבנים און גרויסע מענטשן, נאָר אויך מיט די פאָלקס־מענטשן.

זיכער באַגעגנט איר אָפטער די נעמען פון די רייכע פאַמיליעס ווי מייזל, באַסעווי, הורוויץ און נאָך אַנדערע. איר באַגעגנט אָבער אויך אַנ־דערע נעמען.

אַט זעען מיר פֿאַר זיך אַ ספֿר־תּורה־מענטעלע. אויף דעם איז אַ בילד פֿון אַ פּריציש הויז וואָס באַלאַנגט צו דער פֿאַמיליע פֿון דעם פּראַגער דאָקטער גומפּערץ. אַרום דעם הויז זיינען באַצייכנט מצבֿות פֿון דאָקטוירים אויף דעם אַלטן בית־עולם און עס ווערן אויסגערעכנט די מתּנות וואָס יידישע דאָקטוירים האָבן געגעבן פֿאַרשיידענע שולן.

זאָל דאָ באַמערקט ווערן אַז דער גומפּערץ איז געווען דער איינציקער דאָקטער אין דער פּראַגער געטאָ צווישן די יאָרן 1729־1748. די געטאָ האָט יעמאָלט געציילט צען טויזנט איינוואוינערס.

און אָט איז אַ תּורה־מענטעלע פֿון נאָך אַ דאָקטער, געמאַכט פֿון רויטן סאַמעט מיט גאָלדענע ראַנדן פֿון אַלע זייטן און מיט אַ העברעאישער אויפֿ־שריפֿט, אויסגעהעפֿט מיט גאָלדענע און זילבערנע פֿעדעם. די אויפֿשריפֿט דערציילט: אַ מתּנה פֿון אַברהם, דער זון פֿון יעקבֿ בראַנדעס און זיין ווייב רייזל, די טאָכטער פֿון נתן עפּשטיין, אַ דאָקטער, (יאָר 1721). און אָט איז אַ ספֿר־תּורה־מענטעלע געגעבן ניט פֿון קיין גבֿיר, נאָר פֿון אַ סופֿר. דאָס מענטעלע איז געמאַכט פֿון זיידענעם בראָקאַד מיט בלומען־באַצירונגען. מיט זילבערנע פֿעדעם איז אויף דעם אויפֿגעשריבן אין העברעאיש: אַ מתּנה פֿון שעפּטל, דער זון פֿון לייב אָשר דער סופֿר, אַליין אויך אַ סופֿר, געמאַכט פֿון זיין ווייב הינדל, די טאָכטער פֿון ליפּמאַן לייטמירעץ, 1724.

דער עלטסטער פּרוכת — און מען האַלט אַז ער איז דער עלטסטער אין דער וועלט — איז געמאַכט פֿון סאַמעט און דעקאָרירט מיט פֿאַרביקע זיידענע שטיקערייען. דער פּרוכת איז געגעבן געוואָרן פֿון אַ וועבער־פֿאַ־מיליע דער אַלט־נייער שול. אָנגעהויבן אים וועבן האָבן אין יאָר 1590 שלמה פּערלשטיקער, אַ זון פֿון אַברהם, וואָס איז אומגעקומען פֿאַר זיין פֿאַלק און זיין גאָט און שלמהס ווייב גאָלדע. פֿאַרענדיקט דעם פּרוכת האָט זיין זון פּנחס מיט זיין ווייב גאוטעל אין דעם יאָר 1592.

אין איינער פֿון די שולן, מיר געדענקען ניט גענוי אין וועלכער, האָבן מיר אויך געפֿונען אַ וועלט מיט יידישע ספֿרים — מען זאָגט איבער דרייסיק טויזנט. צווישן זיי אַ סך זעלטענע ספֿרים און אַלטע כּתבֿ־ידן.

אונדזער שפּאַציר איבער דער אַמאָליקער יידישער געטאָ — וואָס איז איצט אַ מוזיי — האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אונדזער באַזוך אין דער ספֿרדי־שער שול.

אין די עטלעכע טעג איז אונדז אויסגעקומען אַ סך צו זען און אויך אַ סך איבערצולעבן. עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען מיר האָבן זיך פּלוצעם אַריבערגעטראָגן אין דעם ווייטן אַמאָל, עס זיינען געווען מאָמענטן ווען עס האָט פֿאַר אונדז פֿון דאָס ניי אויפֿגעלויכטן דאָס אַמאָליקע יידישע לעבן, דער אַמאָליקער יידישער לעבנס־שטייגער, ווען קוקנדיק אויף די פֿאַרשיי־דענע עקספּאָנאַטן אין מוזיי האָט זיך אונדז געדוכט אין אונדזער געדאַנק, אַז מיר זיצן גאָר ביי אַ יום־טובֿדיקן יידישן טיש, אַז מיר זעען פֿאַר זיך

דאָס פרומע ליכטיקע פּנים פון דער ייִדישער מאַמען, און דעם ייִדישן טאַטן וואָס איז דורכגעדרונגען מיט ערפורכט און גאָטפאָרכטיקייט.

און פּלוצעם האָבן מיר זיך אַריבערגעטראָגן אין דער בייזער גרויזאַמער צייט פון היטלער ימח שמו. מיר האָבן דערזען פאַר זיך ייִדישע ליידן, ייִדישע ווייטאָגן און אויך ייִדישן אויסדויער און ייִדישע העלדישקייט, אויף צעלאָכעס די פּייניקערס.

אָבער אַלץ וואָס מיר האָבן געזען איז געווען וועגן אַן אַמאָל וואָס איז שוין מער ניטאָ. מיר האָבן אויף אונדזער באַזוך אין טשעכיע געזען אַ רייכן ייִדישן נעכטן, אָבער מיר האָבן ניט געזען קיין מאָרגן. עס איז שיין צו קוקן אויף דער זון וואָס גייט אונטער, עס מוז אָבער ווערן טרויעריק ווען איר טראַכט, אַז זי וועט שוין מער קיין מאָל ניט אויפגיין.

מיר האָבן געזען פאַר זיך די גרעסטע ייִדישע קאָלעקציע אויף דער וועלט. אָבער פאַר דער קאָלעקציע האָבן די ייִדן פון טשעכאָסלאָוואַקיע געצאָלט אַ צו גרויסן און צו טייערן פּרייז. געווען מאָמענטן ווען אונדזער האַרץ איז געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו דער רעגירונג וואָס היט אָפּ אַזוי זאָרגעוודיק אָט די גרויסע קאָלעקציע, וואָס האָט אַוועקגעגעבן אַזוי פיל מי און געלט דעם מוזיי אויפצושטעלן, כאָטש אין דעם אופן ווי די עקס־פּאָנאַטן זיינען אַראַנזשירט און אין די באַגלייטנדיקע אויפשריפטן רייסט זיך גאַנץ אָפט דורך אָפן, אָדער פאַרשטעלטערהייט, קאָמוניסטישע פּראָ־פּאַגאַנדע. געווען מאָמענטן ווען אונדז האָט זיך געדוכט אַז דער אינטערעס פון דער רעגירונג פאַר דעם מוזיי איז צוליב דער גרויסער הכנסה וואָס זי קריגט אַריין יעדער יאָר. (דער מוזיי ווערט ברייט פּובליצירט, ער ציט צו טוריסטן. האָבן אים דאָך היי־יאָר באַזוכט 350,000 פּערזאָן). מיר האָבן אין די מאָמענטן געפילט אַז ייִדישע הייליקייטן, באַשפּריצט מיט ייִדיש בלוט, טאָרן ניט זיין קיין הכנסה־קוואַל פאַר קיינעם ניט. מיר פלעגן אָט דעם געדאַנק וועלן פאַרטרייבן פון זיך. אָבער מיר פלעגן זיך באַלד דער־מאָנען אַז ביי דעם ביסעלע ייִדן וואָס איז פאַראַן אין פּראָג איז נאָך אַלץ ניט אויסגעלאָשן די שרעק וואָס איז אויף זיי אָנגעפאַלן אין די טעג פון דעם פאַבריצירטן סלאַנסקי־פּראָצעס, אַ פּראָצעס פון וועלכן עס האָט גע־שמעקט מיט אַנטיסעמיטיזם און וועלכער איז געווען דורכגעדרונגען מיט העצע קעגן ציוניסטן, געמיינט ייִדן, מיט העצע קעגן מדינת ישראל. וואָס איז געשען איין מאָל, קאָן דאָך געשען אַ צווייט מאָל.

אָבער איין געדאַנק האָט אונדז ניט געגעבן קיין רו: מעג אָט די גרויסע קאָלעקציע, מעגן אָט די גרויסע ייִדישע אוצרות פאַרבלייבן אין אַ לאַנד וואו יעדער סימן פון ייִדישן לעבן וועט מיט דער צייט פאַרשווינדן? וואָלט זי זיך ניט געדאַרפט געפינען דאָרטן, וואו ייִדן לעבן און שאַפן? אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָדער נאָך בעסער אין ישראל? וואָלט ניט דאָס וועלט־ייִדנטום געדאַרפט אויסלייזן אָט די גרויסע אוצרות און זיי ברענגען צו ייִדן? וועט דאָס געשען?

דער שפּאַציר איבער דער אַמאָליקער פּראָגער יידישער געטאָ האָט אָנגעפּילט מיין האַרץ מיט טרויער און אומעט און אויך מיט בענקשאַפט. עס האָט אויך באַווירקט מיין יידישע פּערזענלעכקייט.

## די קינדער פון טערעזענשטאַט

ווען איך בין געווען אין דעם יידישן מוזיי פון פּראָג, האָב איך געזען אויסגעשטעלט צייכענונגען, וואָס קינדער האָבן געמאָלן אין צייט פון דער מלחמה אין דעם לאַגער טערעזענשטאַט און אויך געפונען פּאָעמעס וואָס זיי האָבן דאָרטן געשריבן. פאַרשטייט זיך אַז איך בין געוואָרן זייער בייגעריק און גענומען זיך נאָכפרעגן. עס האָט זיך מיר געוואָלט וויסן וואָס מער וועגן דעם.

ווייזט זיך אַרויס אַז אין אַרכיוו פון מוזיי געפינען זיך פיר טויזנט אַזעלכע צייכענונגען און מאַנוסקריפּטן פון עטלעכע הונדערט לידער. די קינדער האָבן געשריבן און געמאָלן אויף יעדער שטיקל פּאַפּיר וואָס איז זיי געקומען צו דער האַנט, וואָס די עלטערע האָבן געקענט קריגן פאַר זיי. זיי האָבן געמאָלן מיט בלייפעדער, מיט פאַרביקע קרייד, מיט וואַסער־קאָלירן און אויל. מען האָט שוין צונויפגעשטעלט עטלעכע אַלבומען פון מאָלערייען, און די לידער האָט מען פון טשעכיש איבערגעזעצט אין אַנדערע שפּראַכן, אויך אין ענגליש.

די דייטשן האָבן מיט אַלע איינצלהייטן און מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן ווי אומצוברענגען די יידן. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין געטאָס כדי מען זאָל קענען האַלטן אַן אויג אויף זיי, כדי קיינער זאָל זיך ניט קענען אויסבאַהאַלטן. מען האָט געטאָן אַלץ דעם יידן צו צעטומלען, ער זאָל ביז דער לעצטער מינוט ניט וויסן וואָס פאַר אַ ביטערן שיקזאַל מען האָט פאַר אים צוגעגרייט. ווען עס זיינען פאַרטיק געוואָרן די קרעמאַטאָריעס מיט די קאַלך־אויוונס און מען האָט גענומען אַהין טראַנספּאָרטירן יידן, האָט דער דייטש, ימח שמו, צו באַרואיקן יידן גענומען פאַרשפּרייטן פאַרשיידענע ליגנערישע קלאַנגען. ווען מען האָט יידן מיט זייערע פרויען און קינדער פאַרשפּאַרט ווי בהמות אין די פראַכט־וואַגאָנען האָט עס געהייסן אַז צוליב מלחמה־נויטן פירט מען זיי אַריבער אין אַנדערע געגנטן: יידן פון וויין קיין מינסק.

אָדער: מען דאַרף דעם יידן אויף פאַרשיידענע אַרבעטן. די דייטשישע אַרמיי נייטיקט זיך אין שניידערס, איז זאָלן אַלע שניידערס מיט זייערע פאַמיליעס זיך מעלדן אין אַ געוויסן אָרט. האָט מען זיך רואיק געמאָלדן. דערנאָך האָט מען געלאָזט וויסן אַז מען דאַרף אַנדערע מינים בעלי־מלאָכות. יידן וואָס האָבן ניט געקענט קיין מלאָכה, האָבן גענומען זיך עס לערנען. אַזוי האָבן יידן זיך געלאָזט אַריינגאַרן אין די קאַלך־אויוונס.

מען האָט ביי ייִדן אויך געזוכט שאַפֿן די זיכערקייט, און ייִדן אַליין האָבן זיך עס איינגערעדט, אַז ווי לאַנג מען אַרבעט פֿאַר דעם דייטש איז מען זיכער מיטן לעבן. ווי אַזוי וועט ער ווייטער קענען פֿירן מלחמה אָן ייִדישער שקלאַפֿן־אַרבעט? מען האָט אויך געזוכט צו צעטומלען דעם ייִדן און נאַרן די וועלט דורך איינשטעלן צייטווייליקע לאַגערן. אַזאַ לאַגער איז אין טשעכאָסלאָוואַקיע געווען אין טערעזין, דרייסיק מייל פֿון פּראַג. אַמאָל איז טערעזין געווען אַ פֿעסטונג, שפּעטער איז עס געוואָרן אַ מיליטערישער לאַגער מיט באַראַקן און אַרום אים איז אויפֿגעקומען דאָס שטעטל טערע־זענשטאָט.

טערעזין איז געלעגן אין צענטער פֿון אייראָפּע. די היטלעריסטן האָבן געוואָלט אַז דאָרטן זאָל זיין אַ מוסטער־קעמפּ וואָס מען זאָל קענען, ווען נייטיק, ווייזן אויסלענדער. זיי האָבן דעם קעמפּ אָנגערופֿן ייִדישע געטאָ. די היטלעריסטן האָבן געוואָלט וואָס לענגער באַהאַלטן פֿון דער וועלט זייערע גרויזאַמע מעשׂים. אויב מיגלעך ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. אַז זיי וועלן אַרויס די זיגערס און אויפֿשטעלן, ווי זיי האָבן געחלומט, זייער טויזנטיאָריקע הערשאַפֿט, אין דעם האָבן זיי ניט געצווייפֿלט. נאָכן זיג וועלן זיי דאָך זיין די גערעכטע און זיי וועלן ניט דאַרפֿן זיך שעמען. האָבן זיי דאָך געהאַלטן אַז דער וואָס האָט די מאַכט איז אויך גערעכט.

אין אָנהייב האָט מען אין טערעזין געבראַכט ייִדן פֿון בעהמען און מעהרען. שפּעטער אויך פֿון אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. פֿון דאָרטן פֿלעגט מען זיי שיקן אין פֿאַרשיידענע פֿאַרניכטונג־לאַגערן, באַזונדער קיין אוישוויץ. אויסערלעך האָט טערעזין געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ רואיקער, פֿרידלעכער שטאָט. אין דער אמתן איז איר יעדער איינוואוינער געווען פֿאַרמשפּט צו שטאַרבן. די וואָס האָבן אָט די פֿאַסטקע פֿאַרטראַכט, האָבן געוואוסט וויפֿל יעדער איינעם איז באַשערט נאָך צו לעבן. די וואָס מען האָט געבראַכט אַהער אין די איבערגעפּאַקטע, פֿאַרזיגלטע פֿראַכט־וואַגאָנען, נאָך דעם ווי זיי האָבן איבערגעלעבט טעג פֿון באַליידיקונגען און פּייניקונגען, האָבן ווייניק וואָס געוואוסט וואָס עס דערוואַרט זיי. אַנדערע האָבן געגלייבט דעם מערדער אַז זיי איז דאָ באַשערט איבערצולעבן די מלחמה אין זיכערקייט. אַנדערע זיינען געקומען אין טערעזין שוין צעבראָכענע און דאָך האָט דאָרטן אויפֿגעלעבט ביי זיי אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג, אַז אפשר וועט זיי דאָך געלינגען אויסצומיידן דעם ביטערן שיקזאַל. די ווידער וואָס האָבן גוט געוואוסט, אַז טערעזין איז ניט מער ווי אַ צייטווייליקע סטאַנציע, האָבן דאָך געטאָן אַלץ אויפֿצוהאַלטן זיך און זייערע פֿאַמיליעס. עס איז אין נאַטור פֿון מענטשן זיך ניט אונטערצוגעבן, זיך אָנצוכאַפּן אַפֿילו אָן אַ שטרוי, ווען מען טרינקט זיך.

אַלעמענס זאָרג איז געווען דאָס קינד. האָט מען אין געהיים אָנגעפֿירט מיט אַ קינדער־שול אין טערעזין. דאָרטן האָט מען מיט די קינדער געזונגען, געטאַנצט און זיי געלערנט. דאָרטן האָבן די קינדער געשריבן לידער, פּאָע־

מעס און געמאָלן בילדער. פון די פופצן טויזנט קינדער, וואָס זיינען דורכ־געגאַנגען דעם לאַגער אין טערעזין, זיינען געבליבן לעבן ניט מער ווי הונדערט. עס זיינען פאַרבליבן פון די אומגעקומענע זייערע מאָלערייען און לידער, אין וועלכע זיי האָבן אויסגעדריקט זייערע שטימונגען און געפילן, אין וועלכע זיי האָבן דערציילט וואָס זיי האָבן געזען, אין וועלכע זיי האָבן געשפּיגלט זייערע פאַנטאַזיעס און חלומות.

די קינדער, וואָס מען האָט געבראַכט אין טערעזין, זיינען נאָך פריער דורכגעגאַנגען אַ סך באַליידיקונגען, ווי נאָר די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט מיט זייערע אַרמייען. מען האָט זיי אַוועקגעשיקט פון דער שול, וואו זיי האָבן געלערנט. זייערע מוטערס האָבן געמוזט אָננייען אויף זייערע קליידער די געלע לאַטע מיט אַ מגן־דוד אין מיטן. זיי האָבן ניט געטאָרט זיך שפּילן מיט אַנדערע קינדער אין גאַס, אין פּאַרק. די אייגענע שטוב, פון וועלכער עס פלעגט אַמאָל זיך טראָגן אַזוי פיל וואַרעמקייט, איז פּלוצעם איינגעהילט געוואָרן אין טרויער, איז אָנגעפילט געוואָרן מיט שרעק. יעדע פרייד האָט פון איר זיך אָפּגעטאָן. אין די רייד פון די עלטערע האָט שטענדיק זיך געפילט אַ ציטער. די לופט אַרום האָט אָנגעזאָגט עפּעס שלעכטס. דאָך האָבן די קינדער געפילט אַז זיי זיינען ביי זיך אין דער היים, אונטער דעם שוץ פון טאַטע־מאַמע, אַרומגערינגלט מיט זייער ליבע.

אָבער ווען מען האָט די קינדער, צוזאַמען מיט די עלטערן, צונויפ־געפּרעסט אין דער געטאָ פון טערעזין אין איבערגעפּאַקטע באַראַקן, אין ענגע בוידעם־שטיבעלעך, ווען זיי האָבן געדאַרפט אויף אַלע פיר אַרויפ־קריכן אויף דער צווייטער און דריטער נאַרע, אָדער שלאָפן אויף אַ שטיי־נערנעם, צי ערדענעם דיל, האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ בייזע רעאַליטעט, וואָס האָט געשראָקן. די געפילן וואָס זיינען ביי זיי אויפגעקומען דריקן זיי אויס אין פרימיטיווע צייכענונגען, אין פרימיטיווע אָבער רירנדיקע לידער. זאָגט אַ קינד אין דעם ליד „טערעזין״ (מיר גיבן איבער אין אַ פרייער איבערזעצונג).

ווען עס קומט אַ ניי קינד
קומט אויס אַלץ גאָר אַזוי פרעמד.
וואָס ? איך דאַרף ליגן אויף דער ערד ?
עסן שוואַרצע קאַרטאָפליעס ? ניין ! ניט איך !
איך דאַרף דאָ בלייבן ? דאָ איז דאָך שמוציק !
דער דיל — אַי, קוק, שמוץ. איך שרעק מיך !
און איך דאַרף אויף דעם שלאָפן ?
איך וועל דאָך ווערן שמוציק.

דאָס קינד פאַרענדיקט דאָס ליד מיט די ווערטער :

דאָ אין טערעזין איז דאָס לעבן אַ גיהנום.
און ווען איך וועל גיין צוריק אַהיים דאָס וויס איך ניט.

**אַ יִנגל פון פופצן יאָר, וועלכער איז אומגעקומען אין אוישוויץ אין 1944, שרייבט אין פּראָזע: מיר האָבן זיך צוגעוואוינט זיך צו שטעלן אין אַ ריי זיבן אין דער פרי, צוועלף בייטאָג און זיבן אין אָוונט. מיר שטייען אין אַ לאַנגער ריי מיט אַ טעלער אין האַנט, אין וועלכן מען גיסט אונדז אַריין מיט אַ טיפער בלעכענער לעפל אַ ביסל וואַרעמלעכע געזאַלצענע וואַסער, אָדער וואַסער וואָס האָט דעם טעם פון קאַווע, אויב ניט גיט מען אונדז אַ פּאָר קאַרטאָפליעס. מיר האָבן זיך צוגעוואוינט ניט צו שלאָפן אין אַ בעט, צו סאַלוטירן יעדן וואָס טראָגט אַ מונדיר, דאָ ניט גיין אויף די טראָטואַרן, דאָ ווידער גיין אויף די טראָטואַרן. מיר האָבן זיך צוגעוואוינט, מיר־ניט, דיר־ניט, צו קריגן אַ פּאַטש, אַ קלאַפּ, אָדער גלאַט געטייט צו ווערן. מיר האָבן זיך צוגעוואוינט צו זען ווי מענטשן שטאַרבן אין זייער אייגענעם אָפּפאַל, צו זען צונויפגעהויפטע קאַסטנס מיט טויטע קערפּערס, צו זען קראַנקע ליגן אין שמוץ און אָפּפאַל, צו זען ווי הילפלאָז עס זיינען די דאָקטוירים. מיר האָבן זיך אויך צוגעוואוינט צו זען ווי פון צייט צו צייט קומען דאָ אַ טויזנט אומגליקלעכע באַשעפעניש און פון צייט צו צייט גייען אַנדערע טויזנט אומגליקלעכע באַשעפענישן אַוועק פון דאָ . . .**

**אַן אַנדערער שרייבט אין זיין ליד:**

אין יעדן אויג ברענט די דערוואַרטונג
אין יעדען אויג איז די פראַגע „ווען״?
היינט אָוונט בין איך געגאַנגען איבער דער גאַס פון טויט
אויף איין וואָגן האָבן זיי צונויפגענומען די טויטע.
דעמאָלט
אַ וואָך נאָך דעם סוף
וועט אַלץ דאָ זיין ליידיק
אַ הונגעריקע טויב וועט קלאַפּן מיטן שנאָבל צו געפינען ברויט.
אין מיטן גאַס וועט שטיין
אַ ליידיקער שמוציקער טויטן־וואָגן.

**אַ יִנגל פון פערצן יאָר שרייבט:**

איך בין אַמאָל געווען אַ קליין קינד
מיט דריי יאָר צוריק.
דאָס קינד וואָס האָט געבענקט נאָך אַנדערע וועלטן.
אָבער איצט בין איך מער ניט קיין קינד,
ווייל איך האָב זיך אויסגעלערנט פיינט האָבן.
איך בין אַ דערוואַקסענער איצט,
איך ווייס וואָס עס מיינט שרעק.
אָבער ווי עס זאָל ניט זיין
איך גלייב אַז היינט שלאָף איך בלויז

אַז איך וועל זיך אויפכאַפּן ווידער אַ קינד
און אָנהייבן לאַכן און שפּילן זיך.
ערגעץ־וואו, דאָרט ווייט אַוועק
שלאָפט זי די קינדהייט.
אויפן וועג צווישן דיביימער
שטייט אָט דאָס הויז
וואָס איז אַמאָל געווען מיין שטאָלץ און פרייד.
דאָרטן האָט מיין מוטער מיך געבראַכט אין דער וועלט
איך זאָל קענען וויינען.

**די קינדער פון טערעזין האָבן אין זייער פאַנטאַזיע געזען זייער אַמאָ־ליקע היים מיט די שיינע פאַרהאַנגען אויף די פענצטער, ווי דאָס קעצעלע לעקט מילך פון טעצל. די בענקעניש נאָך דער אַמאָליקער היים קומט צום אויסדרוק אין אַ סך לידער. שרייבט אַן אַנאָנימער דיכטער פון געטאָ (די האַנטשריפט איז אַ קינדערשע):**

איך וואוין שוין אין דער געטאָ מער ווי אַ יאָר
אין טערעזין, דער פינצטערער שטאָט
און ווען איך דערמאָן מיר אָן מיין אַלטער היים, דער טייערער,
ליב איך זי מער ווי איך האָב זי געליבט אַמאָל.
אַך היים, היים,
פאַרוואָס האָט מען מיך אָפּגעריסן פון דיר?
דאָ שטאַרבן די שוואַכע אַזוי גרינג ווי אַ פעדער.
און ווען זיי שטאַרבן, שטאַרבן זיי אויף אייביק.
איך וואָלט געוואָלט ווידער גיין צוריק אַהיים.
איך נעם יעמאָלט טראַכטן וועגן זיסע פרילינג־בלומען.
פריער, ווען איך האָב געלעבט אין מיין היים
האָט זי מיר קיין מאָל ניט אויסגעזען אַזוי טייער און שיין.
איך געדענק איצט יענע גאָלדענע טעג,
אָבער אפשר וועל איך דאָרטן באַלד גאָר זיין צוריק.
מענטשן גייען איבער דער גאַס
דו זעסט אויף יעדן וועמען דו באַגעגנסט
אַז דאָ איז אַ געטאָ
אַן אָרט פון שלעכטס און שרעק.
דאָ איז ווייניק צו עסן און אַ סך נויט.
יעדע סעקונדע — אַ שרעק צו לעבן.
אָבער קיינער דאַרף ניט פאַרצווייפלען
די וועלט דרייט זיך און צייטן בייטן זיך.
אָבער מיר האָפן אַלע אַז די צייט וועט קומען
ווען מיר וועלן ווידער גיין אַהיים.
איצט ווייס איך ווי טייער זי איז
און אָפט געדענק איך זי.

דער טאָן פון גלויבן און האָפענונג גייט דורך דורך אַ סך לידער. שרייבט אַ צעניאָריקע אין אַ ליד: „עס הענגט אָפּ ווי מען קוקט אויף דעם".

די גאַנצע ברייטע וועלט ווערט געפירט
מיט אַ חשבון, מיט גערעכטיקייט
דאָס העלפט אפשר זיסער מאַכן דעם ליידנדיקערס פּיין און ווייטאָג.

און ער האָפט דער אַזוי יונגער דיכטער, אַז צום סוף וועט די גערעכטיקייט זיגן.

שרייבט אַלענאַ סינקאָוואַ, וועמען מען האָט געבראַכט אין טערעזין אין עלטער פון זעכצן יאָר.

איך וואָלט געוואָלט אַוועקגיין אַליין
דאָרטן וואו עס זיינען דאָ אַנדערע, פיינערע מענטשן.
ערגעץ־וואו אין דעם ווייטן אומבאַקאַנטן.
דאָרטן וואו קיינער טייט ניט דעם צווייטן.
אפשר אַ סך אונדזערע אַ טויזנט שטאַרק
וועלן דערגרייכן דעם ציל
און אפשר גאָר גיך.

אַלענאַ איז נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען אַ לעבעדיקע אין פּראָג, וואו זי איז געבוירן געוואָרן.

די קינדער אין טערעזין האָבן שטענדיק געזען פאַר זיך דעם טרויער פון לעבן אַרום. זיי האָבן געהערט רייד פול מיט שרעק. זיי האָבן געהערט ווילדע געשרייען פון די עס־עס־לייט. זיי האָבן אויך געהערט דאָס שטילע געבעט פון די עלטערע, אַ געבעט וואָס האָט גערופן צום הימל אפשר וועט פון דאָרטן קומען די רעטונג. אין זייערע גאָר פרישע קינדער־יאָרן האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט דער גרעסטער גרויזאַמקייט. זיינען זיי געוואָרן אַלט פאַר דער צייט. מען פילט עס אין זייערע לידער. אָבער דאָך זיינען זיי פאַרבליבן קינדער. זיי האָבן אין געוויסע מאָמענטן אָן אַלץ פאַרגעסן און געלעבט אין זייער אייגענער וועלט פול מיט פאַנטאַזיעס. זיי האָבן אויך ניט פאַרגעסן זיך צו שפּילן. זיי האָבן זיך געשפּילט אויף די הויפן פאַר די באַראַקן, אויף די הויפן פון די הייזער. זיי האָבן אַפילו געקענט, ווען די וואַך האָט ניט געזען, אַרויפקריכן אויף די פאָרטיפיקאַציעס פון דער פעסטונג, איינאָטעמען אין זיך פרישע לופט און זיך אַרומקוקן אויף דער וועלט אַרום.

אויף מיין רייזע האָט איינער, וואָס האָט געלעבט אין היטלערס אַ קעמפּ, מיר געזאָגט: זיי האָבן געקענט אַלץ פון אונדז צונעמען, אָבער ניט דעם הימל און די זון. אַוודאי האָבן זיי דאָס ניט געקענט צונעמען ביי די קינדער. די קינדער האָבן געזען די שיינקייטן הינטער די טויערן פון דער פעסטונג. זיי האָבן געזען די גרינע לאָנקעס און די בלויע בערג. זיי האָבן

געזען די בהמות אויפן פעלד, די פייגל און די פלאַטערלעך און די וועגן וואָס פירן ווייט, ווייט . . . דאָס איז אַלץ געווען הינטער די מויערן. זיי האָבן אויף דעם געקענט קוקן פון ווייטן דורך די פענצטער פון די באַראַקן און פון די פעסטונג־פאָרטיפיקאַציעס.

אין זייער פאַנטאַזיע — אויך פון דעם האָט היטלער זיי ניט געקענט באַרויבן — האָבן זיי אויך געזען פרינצעסינס מיט קרוינען אויפן קאָפּ, מכשפים, צויבער־לייט, לצים, אינסעקטן מיט מענטשלעכע פנימער. זיי האָבן אין זייער פאַנטאַזיע געלעבט אין אַ וואונדערלאַנד, וואו מען קען אַלץ קריגן פאַר גאָרנישט — קיכעלעך, צוקערקעס, שאָקאָלאַד, מילך און זיסע געטראַנקען.

דאָס, וואָס זיי האָבן געזען אין דער נאַטור אַרום און אין זייער פאַנ־טאַזיע, האָבן זיי אויסגעדריקט אין זייערע לידער און, באַזונדער אין זייע־רע מאָלערייען.

אמת, אויך אין זייערע מאָלערייען דערציילן זיי וועגן דער טרויעריקער ווירקלעכקייט. זיי מאָלן די באַראַקן, פענצטער מיט גראַטעס, מענטשן מיט אַ טויטן אויף אַ טראָג־בעטל, ווי מען שטייט אין ריי נאָך עסן, עס־עס־לייט, פּראַכט־וואַגאָנען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, אָבער מער פון אַלץ מאָלן זיי בלעטער, ביימער, בלומען, פייגל, הויכע בערג, פיגורן פון יינגלעך, מיידלעך, גאָרטנס, לאַנקעס, פלאַטערלעך, קינדער טאַנצן, קינדער שפּילן זיך אין פּאַרק. אויך אין זייערע לידער זינגען זיי וועגן בלומען און פייגל. אָבער אין די לידער קומט אַלע מאָל צו אַ טאָן פון טרויער און אומעט. שרייבט אַ פערצניאָריקער אין זיין ליד: „דער גאָרטן“:

אַ קליינער גאָרטן
שמעקעודיק און פול מיט רויזן
אַ שמאָלער וועג
און אַ קליינער יינגל גייט אויף אים,
אַ קליינער יינגל, אַ זיסער יינגל
ווי יענער וואַקסנדיקער בליעכץ.
ווען דער בליעכץ וועט זיך צעבליען
וועט דער קליינער יינגל מער ניט זיין.

אָט דער דאָזיקער פּאָרגעפיל איז געווען אַ באַרעכטיקטער. כמעט אַלע קינדער זיינען פאַרצערט געוואָרן פון די פלאַמען פון די קאַלך־אויוונס אין אוישוויץ. אָבער אַ סך פון זיי האָבן אַרויסגעוויזן אין לעצטן מאָמענט גרויס העלדישקייט. וועגן דעם אין ווייטערדיקן קאַפּיטל.

# העלדישע ייִדישע קינדער

מיר האָבן דערציילט אַז אין טערעזענשטאַט, טשעכיע, האָבן די היטלעריסטן אויפגעשטעלט אַן איבערגאַנג־לאַגער אויף צו באַרואיקן די ייִדן און צו נאַרן די וועלט. ביסלעכווייז און שטילערהייט האָט מען די ייִדישע געפאַנגענע פון דאָרטן געשיקט ווייטער קיין אוישוויץ, וואו עס האָט אויף זיי געוואַרט דער טויט אין די גאַז־קאַמערן. אַ קינד פון טערעזענשטאַט האָט אין זיינעם אַ ליד געשריבן: „פון צייט צו צייט קומען אַהער אַ טויזנט אומגליקלעכע נפשות. פון וואו?... און גייען פון דאָ אַוועק אַנדערע טויזנט אומגליקלעכע נפשות. וואוהין?...

אין לויף פון פיר יאָר פלעגט מען אָן אַן אָפּשטעל ברענגען אין פראַכט־וואַגאָנען קיין אוישוויץ ייִדן פון פאַרשיידענע טיילן פון אייראָפּע. לאַנגזאַם האָבן זיך געשלעפּט די וואַגאָנען איבערגעפּאַקט מיט ייִדן ווי הערינג אין אַ פעסל. די וואַגאָנען זיינען געווען פאַרהאַקט און פאַרקלאַפּט. עס איז קוים געווען לופט צו אָטעמען. טעג האָבן די געפאַנגענע ניט געקראָגן קיין שפּייז און וואַסער. פלעגן זיי ביים אָנקומען אַרויסקריכן פון די וואַגאָנען צעבראָכענע שאַרבנס, שאָטנס פון אַמאָליקע מענטשן. עס פלעגן זיי באַגעגענען עס־עס־לייט צוזאַמען מיט אַן עס־עס דאָקטער. דער דאָקטער פלעגט וואַרפן אַ בליק אויף די אומגליקלעכע נפשות און מיט דעם אָנווייז פון זיין גראָבן פינגער באַשטימען: מי יחיה ומי ימות — ווער זאָל לעבן און ווער זאָל שטאַרבן. ווער עס זאָל, ווי לאַנג עס איז נאָך דאָ אַ טראָפּעטשקע כוח, ווייטער שקלאַפּן איידער ער ווערט פאַרגאַזט און ווער עס זאָל באַלד פאַרגאַזט ווערן. עס פלעגן יעמאָלט זיך אָפּשפּיגלען האַרצרייסנדיקע סצענעס. מענער פלעגן ניט קענען צוזען ווי מען נעמט זיי צו פון זייערע פרויען, מוטערס — פון זייערע קינדער און קינדער פון זייערע עלטערן.

אָבער איין מאָל, אין אַ קאַלטן, אומעטיקן אָקטאָבער־טאָג פון 1943, איז געשען עפּעס אויסטערליש. עס איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט טשעכישע ייִדן פון דעם לאַגער אין טערעזין. איז אָנשטאָט זיי צו צעטיילן ווי געוויינטלעך אויף צוויי גרופּעס, ווער עס זאָל גיין באַלד צום טויט און ווער עס זאָל פאַרבלייבן צייטווייליק לעבן, האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין ביר־קענוי, גלייך לעבן אוישוויץ. אין אַ לאַגער וואָס די דייטשן האָבן אָנגערופן „פאַמיליען־קעמפּ", ווייל אין דעם קעמפּ האָט מען די פאַמיליעס ניט צעטיילט, ווי דאָס האָט זיך געפירט אין אוישוויץ, נאָר זיי געהאַלטן צוזאַמען. זעקס חדשים האָבן 3,860 ייִדן פון טשעכיע געלעבט אין רו און זיכערקייט, אין אַ ניט רעאַלער וועלט אין פאַרגלייך מיט די גרויזאַמקייטן וואָס פלעגן יעדע מינוט פון טאָג פאָרקומען אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אַרום זיי. וואָס איז דאָ געשען? ערשט נאָך דער מלחמה האָט מען אויסגעפונען פון וואַנען עס האָט זיך גענומען די צייטווייליקע היטלעריסטישע „גוטסקייט" צו די ייִדן פון טערעזין. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אין יענער

צייט האָבן די נאַציס געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט די אַלירטע אויסצובייטן ייִדן אויף לאַסט־אויטאָמאָבילן און אַנדערע וויכטיקע אינדוסטריעלע פּראָדוקטן. האָט מען געשאַפן דעם „פּאַמיליען־קעמפּ“ צו ווייזן דער וועלט ווי גוט מען באַהאַנדלט די געפאַנגענע ייִדן.

צו יענער צייט האָבן זיך אויך געפירט פאַרהאַנדלונגען וועגן אויסטוישן פאַר אַ וויכטיקער קאָמפּענסאַציע די אונגאַרישע ייִדן. האָט מען צוגעגרייט אַן אַלבום בילדער אונטער דעם נאָמען: „דאָס אַריבערפירן די ייִדן פון אונגאַרן“. מען האָט געשיקט קיין אוישוויץ־בירקענוי פאָטאָגראַפן, וואָס האָבן געדאַרפט צושטעלן בילדער וואָס זאָלן באַווייזן ווי פריינדלעך מען באַהאַנדלט די ייִדן. איר געפינט אין דעם בילדער־אַלבום פאָטאָגראַפיעס וואָס ווייזן ווי עס קומען אָן די פראַכט־וואַגאָנען. די עס־עס־לייט עפענען די טירן פון די פלאָמבירטע וואַגאָנען. די ייִדן שטייגן אַרויס. לאַגער־געפאַנגענע אין געשטרייפטע פּידזשאַמעס נעמען ביי זיי צו די געפּעק. די עס־עס־לייט ווייזן אַרויס פריינדלעכקייט צו די אָנגעקומענע און באַרואיקן זיי אַזוי אַז די געפאַנגענע, ניט ווי סנדיק וואָס עס דערוואַרט זיי, שמייכלען אַריין אין דער קאַמערע. ניטאָ קיין איין פאָטאָגראַפיע וואָס זאָל ווייזן וועלכע ניט איז שרעק. אָנשטאָט פאָטאָגראַפיעס פון באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס עס־עס־לייט מיט זייערע בלוט־הינט, זעט איר בילדער פון מוטערס מיט קינדער מיט געזונטע פּנימער און אויך יונגע מענער וואָס דער דאָקטער האָט זיי באַשטימט צו שקלאַפן־אַרבעט. איר געפינט ניט אין אַלבום קיין איינציק בילד פון די קרעמאַטאָריעס, פון די קליידער־צימערן, פון די גאַז־קאַמערן און שייטער־הויפנס. אוישוויץ לויט דעם אַלבום איז געווען אַן אמתע אידיליע.

זאָל דאָ באַמערקט ווערן אַז די געפאַנגענע אין אוישוויץ האָבן אין געהיים גענומען פילמען וואָס ווייזן דאָס אמתע פּנים פון דעם לאַגער מיט אַלע דייטשישע שוידערלעכקייטן. די פילמען געפינען זיך איצט אין פּראָגער ייִדישן מוזיי.

ווען פון אַלע פאַרהאַנדלונגען האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן, ווייל קיין איינער פון די אַלירטע איז ניט געווען גרייט צו העלפן היטלערן אויפצוהאַלטן די מיליטערישע מאַשין זיינע, האָבן די דייטשן באַשלאָסן צו ליקווידירן דעם „פּאַמיליען־קעמפּ“. אַ פּאָר טעג איידער זיי האָבן דאָס געטאָן, האָבן זיי געצוואונגען די איינוואוינערס פון קעמפּ אַרויסצושיקן באַגריסונג־קאַרטלעך צו זייערע קרובים און פריינד. די נאַציס האָבן קיין מאָל ניט פאַרגעסן, איידער זיי זיינען באַגאַנגען אַ מיאוסקייט, פריער אָפּצונאַרן די דרויסנדיקע וועלט. און אפשר איז דאָס צווינגען אַרויסשיקן די קאַרטלעך געווען אַ פּאָרעם פון איזדעקעווען זיך איבער די קרבנות זייערע, אַ טייל פון זייער פּלאַן צו פאַרשאַפן דעם ייִדן וואָס מער ליידן?

די עקזעקוציע איז געווען באַשטימט אויף דעם 9טן מערץ, 1944, זעקס מאָנאַטן נאָך דעם ווי די טערעזינער זיינען אָנגעקומען אין בירקענוי. די אונטערגרונט־אָרגאַניזאַציע אין אוישוויץ האָט וועגן דעם זיך דערוואוסט

באַצייטנס און געלאָזט וויסן די איינוואוינערס פון „פּאַמיליען־קעמפּ״. האָבן זיי זיך צוגעגרייט צו אַן אויפשטאַנד, ווען דער מאָמענט וועט קומען. זיכער וואָלט דאָס ניט געראַטעוועט זייער לעבן. זיי וואָלטן אָבער געראַטעוועט זייער כבוד און דערביי זיך אָפּגערעכנט מיט אַ צאָל עס־עס־לייט. עס וואָלט מסתמא זיי אויך געלונגען צו פאַרברענען די הילצערנע באַראַקן פון קעמפּ. די געפאַנגענע האָבן געקראָגן דעם נייטיקן ברען־שטאָף און אַלץ איז געווען גענוי צוגעגרייט. אָבער די עס־עס־לייט איז געלונגען מיט פאַלשע רייד צו איבערצייגן די יידן אַז זיי דאַרפן זיך ניט שרעקן, ווייל אייגנטלעך פירט מען זיי אַריבער אין אַ צווייטן אַרבעט־לאַגער. די מערהייט האָט אָט די פאַר־שפּרעכונג אָנגענומען פאַר גוט־געלט. עס האָט זיך געוואָלט גלייבן ווי לאַנג עס איז געווען די מינדסטע האָפענונג זיך צו ראַטעווען איידער צו ריזיקירן אַ קאַמף וואָס, ווי יעדער איינער האָט געוואוסט, וועט זיין אַ פאַרלאָרענער.

די זון איז אַרויס אין מזרח דאָס לעצטע מאָל פאַר די דריי טויזנט אַכט הונדערט און זעכציק יידן, מענער, פרויען און קינדער. מען האָט זיי אויפגעוועקט פינף אין דער פרי; און זיי האָבן געזען אַז זייערע באַראַקן זיינען אַרומגערינגלט פון עס־עס־לייט מיט מאַשין־ביקסן אין די הענט. ס'איז געווען צו שפּעט צו שטעלן אַ וועלכן ניט איז ווידערשטאַנד. און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אַרויסמאַרש. מען האָט זיי אַרויסגעפירט ביסלעכווייז אין קליינע גרופּעס כדי מען זאָל קענען באַלד אָפּשטעלן יעדער פרואוו צו רעוואָלטירן.

פריער האָט מען אַרויסגעפירט די קינדער. די זון האָט געוואָרפן אירע ליכטיקע שטראַלן אויף דעם לעצטן גאַנג פון זעקס הונדערט יידישע יינג־לעך און מיידלעך פון בעהמען און מעהרען. זיי האָבן ניט געוואוסט וואוהין מען פירט זיי. אָבער דאָס אומרואיקע געוויין פון די מאַמעס האָט זיי אָנ־געפילט מיט שרעק. ווען דער געוויין איז פאַרשוואונדן אין דער ווייט, האָבן זיי דערזען פאַר זיך קוימענס פון וועלכע עס גייט אַ געדיכטער רויך. האָבן זיי גענומען פאַרשטיין. זיי האָבן געהערט דערציילן אין לאַגער וועגן די גאַז־אויוונס. אָבער זיי האָבן זיך ניט פאַרלאָרן. באַלד האָבן זיך פאַר זיי געעפנט שווערע טויערן. זיי זיינען אַריין אין די קליידער־צימערן וואו מען האָט זיי באַפוילן זיך אויסצוטאָן. נאַקעטע האָט מען זיי דערנאָך געפירט ווייטער, פון וואו קיינער פלעגט שוין צוריק ניט קומען. די וואַך האָט פאַר־האַקט הינטער זיי שווערע אייזערנע טירן און געבליבן וואַרטן אויף זייער סוף.

אָבער פלוצעם איז געשען עפּעס וואָס די וואַך האָט ניט דערוואַרט. אַ קינד האָט גענומען זינגען. און באַלד האָט דאָס איינציקע קול זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ כאָר פון זעקס הונדערט. די וואַך איז געשטאַנען אַ צעטומלטע. דוכט זיך דאָס איר? איז דאָס אַ חלום? ניין! די אַלע קינדער אינעווייניק זינגען! זיי גייען פון דער וועלט מיט געזאַנג. ווער איז דאָס געווען דער מוטיקער העלדישער יינגל, אָדער מיידל, וואָס האָט דאָס געזאַנג אָנגעהויבן, וועט קיינער קיין מאָל ניט וויסן.

פון אינעווייניק, פון דעם פאַרשפּאַרטן קאַמער, פון דעם קאַמער וואָס איז געווען פול מיט טייטלעכן גאַז, איז געקומען דער קלאַנג פון טשעכישן נאַציאָנאַלן הימן: „וואו איז מיין לאַנד". ביסלעכווייז זיינען די שטימען געוואָרן שטילער און שטילער. אויפן אָרט פון געזאַנג איז אויפגעקומען אַ דערדריקנדיקע שטילקייט.

אַזוי זיינען אומגעקומען די קינדער פון טערעזענשטאַט, די וואָס האָבן געמאָלן בילדער פון זון־אויפגאַנג, געשריבן לידער וועגן פלאַטערלעך, גע־בענקט נאָך זייער אַמאָליקער היים און געהאָפט נאָך ווען ניט איז צו זיין פריי.

***

יעדער יאָר, אין דעם טאָג פון דעם 9טן מערץ, קומען זיך יידן אין פּראָג צונויף אין דער שול אויף דער ירושלים־גאַס מזכיר צו זיין די נשמות פון די העלדישע, הייליקע יידישע קינדער, צו דערמאָנען איינע פון די גרעסטע און רירנדיקסטע העלדישקייטן פון אונדזער צייט.

ווען אין דעצעמבער 1945 האָט זיך קאָנסטיטואירט דער ראַט פון די יידישע געמיינדעס אין בעהמען און מעהרען, האָט ער באַשלאָסן אַז דער 9טער מערץ זאָל זיין דער געדענק־טאָג נאָך די אַכציק טויזנט טשעכישע יידן וואָס גיריקע נאָך מענטשלעך בלוט, נאָך יידיש בלוט, האָבן זיי אומ־געבראַכט. ער האָט באַשלאָסן אַז דעם יאָרצייט נאָך אַלע דערמאָרדעטע יידן זאָל מען האַלטן דעם 9טן מערץ, אין דעם טאָג, ווען עס זיינען פאַרגאַזט געוואָרן די דריי טויזנט אַכט הונדערט זעכציק, אין דעם טאָג ווען די נאַציס האָבן מיט ליגנס און פאַלשע שמייכלען אַריינגענאַרט אין די גאַז־קאַמערן יידישע מענער, פרויען און קינדער פון טערעזענשטאַט און אויפ־געדעקט אין פולער מאָס זייער חיהש פנים; אין דעם טאָג ווען די זעקס הונדערט קינדער האָבן מיט זייער געזאַנג באַוויזן זייער אומדערשראָקנקייט, האָבן מיט זייער געזאַנג סימבאָליש זיך געשטעלט קעגן דער שוידערלעכס־טער מאָרד־מאַשין וואָס די וועלט האָט ווען געזען, אָט די העלדישע יידישע קינדער האָבן אויפגעהאַלטן דעם כבוד פון אַלע יידן, אויך אונדזער כבוד. זאָל זייער אָנדענק אויך לעבן אין אונדזערע הערצער.

***

אין דעם טאָג פון 9טן מערץ קומען זיך אין פּראָג צונויף דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן ניט נאָר אין שול, נאָר אויך אויף געדענק־פאַרזאַמ־לונגען. ד"ר רודאָלף אילטיס האָט צו דעם 20סטן יאָרצייט, וואָס איז אויס־געפאַלן היי־יאָר, צוזאַמענגעשטעלט אַ ליטעראַרישן מוזיקאַלישן מאָנטאַזש פון פּאָעזיע, פּראָזע און מוזיק וואָס שילדערט דעם וועג פון די יידן קיין טערעזין און פון דאָרט אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ. ער האָט זיך דערביי באַניצט מיט די ווערק פון טשעכישע און טשעכיש־יידישע דיכטערס און אויך פון די יידישע דיכטערס: מרדכי געבירטיק און הערש גליק.

# יידישע צרות

## די פלאָג
## פון געמישטע חתונות

**אין** מיינע „רייזע־איינדרוקן“ האָט איך מיר גענויער אָפּגעשטעלט אויף טשעכאָסלאָוואַקיע, ניט ווייל דאָרטן איז געוועזן מיין ערשטע סטאַנציע אויף דער רייזע, נאָר ווייל אויף אַ קלענערער שטרעקע קאָן מען גיכער און קלאָרער באַמערקן זאַכן און געשעענישן.

אין דער קליינער טשעכאָסלאָוואַקיע האָט זיך פאַר מיר באַלד קלאָר באַוויזן דער גרויסער אומגליק, וואָס איז באַפאַלן אונדזער פאָלק אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס בילד איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס צוליב אַ צופאַל, ווייל ביי עמעצן פון די נאַצישע פירערס איז געבוירן געוואָרן אַ משונהדיקער געדאַנק, זיינען אין פראָג פאַרבליבן ניט־באַרירט יידישע אַלטערטימלעכקייטן און אין איין אָרט האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גוואַלדיקע קאָלעקציע וועגן דעם יידישן אַמאָל, וועגן יידישע פירונגען, יידישע מידות, געוואוינהייטן און דעם יידישן עטישן באַנעם, — אַ קאָלעקציע וואָס ווייזט אונדזער גרויסן בראָך און שרייט צו דער וועלט, דער וועלט וואָס איז פאַרבליבן גלייכגילטיק צו אונדזער שיקזאַל, וועגן דעם גרויסן פאַרברעכן וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אונדזער פאָלק אין מזרח־אייראָפּע.

אין מיניאַטור־פאָרעם האָב איך אויך דערזען אַז יידן זיינען ניט געגאַנגען צו דער שחיטה אונטערטעניקע ווי שעפסן. אמת, דער ווידערשטאַנד האָט געקראָגן זיין שטאַרקסטן און וואונדערלעכסטן אויסדרוק אין דער נאַכט פון פסח אין דער וואַרשעווער געטאָ. יידן האָבן אָבער אומעטום געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

זאָל דער לייענער זיך דערמאָנען וואָס איך האָב דערציילט וועגן טע־רעזענשטאַט. זאָל מען ניט שמייכלען, ווען איך וועל זאָגן אַז אַפילו דער ייד וואָס האָט אַזוי רואיק געקוקט אויף דעם דייטשישן אָפיציר, וואָס שניידט ביי אים אָפּ באָרד און פאות, האָט אויף זיין אופן זיך געשטעלט קעגן דעם רשע. ער איז ניט געווען קיין שרעקעוודיקער ייד.

איך האָב אויך געזען אין טשעכאָסלאָוואַקיע, אַז פאַר ייִדן אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער איז ניטאָ קיין צוקונפט. ניט פאַר דעם איינצל־נעם ייִד, ניט פאַר דעם ייִדישן כלל.

דאָס איז מיר געוואָרן אַלץ קלאָרער, ווען איך האָב פאָרגעזעצט מיין רייזע און געזען ווי ייִדן לעבן איצט און פילן זיך איצט אין פוילן, אונגאַרן, רומעניע און יוגאָסלאַוויע.

וועגן דעם דאַזיקן לעבן וועל איך דערציילן אין די וייטערדיקע קאַפּיטלען. איך וועל אויפנעמען פּראָבלעמען וואָס רירן אָן ייִדן אין אַלע דער־מאָנטע לענדער, פּראָבלעמען וואָס פאַרבינדן זיי אַלעמען. איך וועל אויך דערציילן וועגן די אייגנטימלעכקייטן אין יעדער לאַנד באַזונדער.

ווען איך האָב אין מיינע דערציילונגען וועגן טשעכאָסלאָוואַקיע גערעדט מער — אמת, ניט אין גאַנצן — וועגן אַ פאַרגאַנגן לעבן, וועגן אַ מוזיי, וועט מיר איצט אויסקומען זיך אָפּשטעלן מער אויף לעבעדיקע ייִדן, אויף אַ לעבן וואָס קומט היינט פאָר. וועל איך, כדי קיינעם ניט צו שעדיקן (זאָל מען געדענקען אַז די אַלע לענדער זיינען טאָטאַליטאַרע, דיקטאַטאָרישע לענדער), דאַרפן זיין מער אָפּגעהיט מיט מיין דערציילונג, אָפּט אַפילו מיט אַ וואָרט, מיט אַן אויסדרוק.

אין געוויסע פאַלן וועל איך אויסמיידן, כדי קיינעם ניט אַרויסצוגעבן, אַפילו אויף אַ ניט־דירעקטן אופן, צו דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם לאַנד, וואו איך האָב אָבסערווירט געוויסע סיטואַציעס, געוויסע שטימונגען. אַוודאי און אַוודאי וועט מיר אויסקומען אויסצומיידן צו דערמאָנען נעמען אַפילו דורך אַ וועלכן ניט איז אָנדייט. איך וועל אויך ניט אַלץ דערציילן.

מיר האָבן שוין באַמערקט, אַז די אַסימילאַציע אין אַלע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער איז גוואַלדיק שטאַרק. די וואָס זיי איז געלונגען צו קריגן אַרישע פּעסער אין צייט פון דער מלחמה און זיך צו ראַטעווען ווי פאַרשטעלטע אַריערס, זיינען פאַרבליבן אַריערס אויך נאָך דער מלחמה און זיך פאַרלוירן אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי לעבן אויך ווייטער פאַרשטעלט.

דער טייל פון דעם איבערגעבליבענעם נאָך־מלחמהדיקן רעשטל, וואָס איז ייִדיש־באַוואוסטזיניק און האַלט זיך עקשנותדיק ביי זיין ייִדישקייט, ווערט אָבער צעפּרעסן פון דער פּלאָג וואָס רופט זיך געמישטע חתונות.

אין אַ פרייטיק פרימאָרגן בין איך אָנגעקומען אין בעלגראַד, די הויפּט־שטאָט פון יוגאָסלאַוויע.

האָב איך געטראַכט, איך וועל גיין אין שול צו קבלת־שבת זיך טרעפן מיט ייִדן. איך האָב גענומען זיך נאָכפרעגן וואו עס געפינט זיך די שול. האָט מען מיר דערציילט, אַז פאַר דער מלחמה זיינען אין בעלגראַד געווען צוויי שולן. איינע אַ ספרדישע — אַן עלטערע — וואָס די דייטשן האָבן אויפגעריסן אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן געהאַלטן אין עוואַקואירן די שטאָט (זייער שנאה צו ייִדן האָט קיין מאָל ניט אָפּגעלאָזן, אַפילו ווען זיי

זיינען שוין געווען אויף צרות, אָדער אפשר איז זי גאָר דעמאָלט נאָך שטאַר־קער געוואָרן).

די צווייטע שול איז געווען אַן אַשכנזישע וואָס די דייטשן האָבן אין צייט פון דער אָקופּאַציע פאַרוואַנדלט אין אַ שאַנד־הויז. אויך די שול האָבן זיי שטאַרק צעשעדיקט. מען האָט זי צוריק אויפגעשטעלט און באַנייט מיט דער הילף פון דער יוגאָסלאַווישער רעגירונג און פון דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע“.

די שול געפינט זיך אין אַ גרויסן הויף. אַרום איר זיינען צוגעבויט שטיבלעך.

איך בין מיט מיין פרוי אָנגעקומען אין דער צייט, ווען מען שטעלט זיך געווייינטלעך דאַוונען מנחה. די שול איז געווען שטאַרק באַלויכטן. אָבער אינעווייניק האָבן מיר קיין לעבעדיקן מענטשן ניט געפונען. זיינען מיר אַרויס אין דרויסן און זיך געשטעלט אויף די טרעפּ פון שול.

פּלוצעם באַווייזט זיך פון ערגעץ וואו אַ יונגע פרוי מיט אַ קליין מיי־דעלע פון אַ יאָר אַכט. מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ לעבעדיקע, כוואַטסקע ווייבל. זי האָט אונדז גוט באַקוקט.

— אַמעריקאַנער? — גיט זי אַ פרעג אין דייטש — פון וואו? פון ניו־יאָרק?

— יע, ענטפערן מיר — און מיר ווילן וויסן ווי עס קומט וואָס קיינער איז נאָך ניטאָ אין שול, אַפילו ניט דער שמש.

— דער שמש בין איך — זאָגט זי מיט שטאָלץ. — איך גיב אַכטונג אויף דער שול, אויף דעם הויף, און בין דער שמש.

זי דערציילט אונדז אויך, אַז די דאַוונערס וואָס קומען אין שול זיינען אַלע אַלטע לייט. זיי וואוינען ווייט און עס דויערט לאַנג ביז זיי קומען. הייבט מען אָן דאַוונען שפּעט.

אויף אונדזער רייזע האָבן מיר יעדן וואָס מיר האָבן באַגעגנט, באַלד געפרעגט, ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט פון היטלערס חיהשע נעגל.

האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שמשטע שטאַמט פון אונגאַרן. זי איז געווען אין דעם שוידערלעכן לאַגער פון אוישוויץ. עס איז איר געלונגען צו אַנט־לויפן. זי האָט אַ לאַנגע צייט געוואַנדערט, געלעבט אין וועלדער. דורך פאַר־שיידענע וועגן און אומוועגן, און תמיד אין געפאַר, איז איר געלונגען צו קומען אין יוגאָסלאַוויע, וואו זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן טיטאָס פּאַרטיזאַנען. כמעט יעדער ייִדער, וואָס מיר האָבן באַגעגנט אין יוגאָסלאַוויע, האָט אונדז דערציילט, אַז ער האָט געקעמפט אין טיטאָס פּאַרטיזאַנען־אַרמיי.

— איר האָט אַ שיין, חנעוודיק טעכטערל — זאָגן מיר דער פרוי — לעבט אייער מאַן?

— זיכער — ענטפערט זי. ער איז איצט אויף דער אַרבעט.

מיר געפינען אויס אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ טערק.

זי באַרואיקט אונדז:

— איך בין ניט די איינציקע ייִדישע טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ ניט־ייִדן. דאָס איז דאָ אַ געוויינטלעכע זאַך.

מיר דערמאָנען זיך אָן דעם ייִדן, וועמען מיר האָבן באַגעגנט בייטאָג, בעת אונדזערע וואַנדערונגען איבער דער שטאָט און וועלכער האָט אונדז דערציילט וועגן זיינע דריי טעכטער, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט ניט־ייִדן און זיינען אַריין אין די הויכע פענצטער.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן אין שול זיך געגומען באַוויזן ייִדן. עס האָבן זיך צונויפגעקליבן פינף מענער, אַלע ספרדים, און אַכט פרויען. מיר האָבן זיך באַגריסט און באַקענט. אָן אַשכנזישע פרוי איז געווען די איבער־זעצערין. זיי האָבן אַלע גערעדט סערביש. פאַרשטאַנען אַ ביסל העברעאיש.

צווישן די פרויען איז געווען אַ יונג ווייבל. דערהערט אַז מיר זיינען אַמעריקאַנער, אַז מיר פאָרן אַרום איבער דער וועלט און אַז מיר זיינען אויך שוין עטלעכע מאָל געווען אין ישראל, ווענדט זי זיך צו אונדז אין אַ גוטן ענגליש (זי האָט די שפּראַך געלערנט אין שול):

— איר זענט גליקלעכע מענטשן, וואָס איר זענט געווען אין ישראל. איך האָף אַז איך וועל נאָך אויך אַמאָל באַזוכן דאָס ייִדישע לאַנד.

— טאַקע — זאָגן מיר איר — איר דאַרפט פאָרן קיין ישראל. אָבער פאַרוואָס נאָר אויף אַ באַזוך? פאַרוואָס זאָלט איר דאָרטן זיך ניט באַזעצן אויף שטענדיק? ביי אייך אין לאַנד זיינען דאָך פאַרבליבן אַזוי ווייניק ייִדן.

— איך קאָן זיך ניט באַזעצן, ענטפערט זי אין אַ שטילן טאָן. — מיין מאַן איז ניט קיין ייִד. ער איז אַ סערב און איך האָב מיט אים אַ זון.

— איך קום דאָ אָפט פּריוויטיק־צו־נאַכט — רעדט זי ווייטער — איך וויל זיין צווישן ייִדן. היינט אָוונט האָב איך מיטגענומען מיין שוויגער (זי וויזט אָן אויף אַן עלטערער פרוי) איר צו וויזן אַ ייִדישע קירך (זי האָט געניצט דאָס ענגלישע וואָרט „טשוירטש"). איך אַליין גיי פון צייט צו צייט אין דער סערבישער קירך.

אָט די פּראָבלעם פון געמישטע חתונות און דער רעזולטאַט, דער נשמה־קאַמף אין דעם ייִדן, אַ קאַמף וואָס גיט ניט קיין רו, האָבן מיר באַגעגנט אויף שריט און טריט אין אַלע לענדער וואָס מיר האָבן באַזוכט.

אונדזער באַגלייטערין אין בוקאַרעסט איז געווען אַ יונגע, חנעוודיקע מיידל פון אַ יאָר אַכצן. ווינטער לערנט זי אין אוניווערסיטעט און זומער איז זי אַ באַגלייטערין פאַר טוריסטן.

ווען זי האָט אונדז געוויזן אונדזער רייזע־פּלאַן, האָב איך געזען אַז ער נעמט אויך אַריין אַ באַזוך אין אַ קירך. האָב איך באַמערקט: אויך דאָ

פירט מען אונדז ווייזן אַ קירך ?! איך האָב זיי שוין גענוג אָנגעזען אויף מיינע רייזעס!

אויף מאָרגן, ווען זי איז געקומען נאָך אונדז, זאָגט זי שטיל צו מיין פרוי: „איר זייט דאָך ייִדן?״

און זי דערציילט אונדז אַז איר מוטער איז פון קישענעוו, און איז אַ ייִדישע פרוי. אין צייט פון דער מלחמה האָט איר מוטער פאַרלוירן איר גאַנצע פאַמיליע, אויסער צוויי שוועסטער, וועלכע האָבן באַוויזן באַצייטנס זיך צו באַזעצן אין ניו־יאָרק. איר מוטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסט, אַ רומענער.

— איך פיל מיך, אָבער — זאָגט זי — נענטער צו דער מוטער. זי דערציילט מיר גאַנץ אָפט וועגן איר פאַמיליע, אַז אַלע זיינען געווען גע־לערנטע מענטשן.

איך האָב צוויי שוועסטער־קינדער אין ניו־יאָרק — רעדט זי ווייטער. זיי לעבן אין לאָנג־איילענד. זיי זיינען געווען אונדז באַזוכן. זיי זעען אויס צו זיין זייער רייך. יעדערער האָט פיר קינדער, מוזן זיי דאָך זיכער זיין רייך! ביי אונדז קאָן מען זיך דאָס ניט דערלויבן. זיי האָבן אויך אַן אייגן הויז און אַן אויטאָמאָביל. זיי מוזן זיין גאָר רייך! — רופט זי אויס מיט באַגייסטערונג.

אָט אַזוי, וואו מיר האָבן זיך נאָר אַ ווענד געטאָן, האָבן מיר זיך אָנגע־שטויסן אויף געמישטע חתונות.

די פּראָבלעם איז באַזונדער אָנגעווייטיקט ביי די ייִדן אין פּוילן. דאָרטן, צוליב אַ סך סיבות, פילט זי זיך שטאַרקער און שאַרפער ווי אין די אַנדערע לענדער. שפּעטער וועלן מיר וועגן דעם דערציילן גענויער.

מיר דאַרפן אָבער געדענקען, אַז אַסימילאַציע, אָפּגעריסנקייט פון פאָלק, מיט איר באַגלייט־דערשיינונג געמישטע חתונות, פּלאָגט דאָס ייִדישע לעבן איבער דער גאַנצער וועלט.

אויך אונדז דאָ אין אַמעריקע. אָבער מיר לעבן אין אַ פריי לאַנד. איז אונדז גרינגער צו מאָביליזירן כוחות וואָס זאָלן זיך שטעלן קעגן.

אונדז איז גרינגער, באַזונדער אין אַמעריקע, זיך צו שטעלן קעגן, ווייל אונדזער צאָל איז דאָ גרויס, ווייל מיר לעבן אין גרויסע שטעט, קאָמ־פּאַקט, איין ייִד לעבן צווייטן.

מיר האָבן גענוג מיטלען און כוחות די פּלאָג צו באַקעמפן. עס דאַרף נאָר זיין דער ווילן, און ער איז דאָ. דער ייִדישער לעבנס־קוואַל איז דאָ ווייט ניט אויסגעטריקנט!

# די אַנטיסעמיטישע שלאַנג לעבט אומעטום

דער עראָפּלאַן פליט און פירט אונדז גיך פון איין לאַנד אין דעם צווייטן. אומעטום אין די קאָמוניסטישע לענדער פון מזרח־אייראָפּע הענגען איבער ייִדישע קעפּ געדיכטע כמאַרעס, וואָס פילן אָן מיט אומעט און שרעק ייִדישע הערצער.

אויף אונדזער רייזע פלעגן מיר שטענדיק הערן דערציילן אַז די אַט־מאָספער אין די סאַטעליטן־לענדער איז איצט אַ סך אַ פרייערע ווי אַמאָ־ליקע יאָרן, ווען אַט די לענדער זיינען געווען אין גאַנצן צוגעבונדן צו דעם נאַפּל פון סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס האָט זיי געבוירן. מען פלעגט אונדז מיט פרייד און פאַרלייכטערונג דערציילן אַז אינטעלעקטואַלן און שרייבערס ריידן איצט, ווען מען נעמט ביסלעכווייז זיך אָפּבינדן פון רוסלאַנד, אַ סך דרייס־טער און אָפענער ווי אַמאָל.

מיר נעמען אָן אַז דאָס איז טאַקע אַזוי. ווי פלעגן זאָגן ייִדן? אַז מען קלינגט, איז אַ חגא. מיר האָבן דאָס אָבער ניט באַמערקט אין ייִדישע קרייזן און ביי ייִדישע מענטשן, וואָס מיט זיי האָבן מיר אייגנטלעך זיך באַגעגנט און פאַרבראַכט. אויף ייִדישע פּנימער האָבן מיר געזען אומעט, טרויער און שרעק. אַ ייִדן אין די לענדער מוז דאָך זיין טרויעריק ווען ער פאַרגלייכט דאָס היינטיקע ייִדישע לעבן מיט דעם אַמאָל און דערמאָנט זיך די פּיין און ליידן וואָס ער איז אַליין דורכגעגאַנגען אין צייט פון דער מלחמה. אָבער שרעק? פון וואַנען נעמט זיך דער דאָזיקער געפיל? איז דאָס אַ געפיל וואָס איז פאַרבליבן פון די מלחמה־יאָרן, אַ געפיל פון וועלכן מען קען זיך נאָך אַליין ניט באַפרייען? אָדער איז דאָס אַ געפיל וואָס ווערט גענערט פון איצטיקן לעבן? די פראַגעס האָבן מיך באַאומרואיקט, און אין יעדער לאַנד וואו איך בין געווען, האָב איך מיך באַמיט קריגן אַן ענטפער אויף זיי.

זאָג איך אַמאָל מיינעם אַ פריינד אין פּראָג:

— איך האָב געהערט, אַז ביי אייך אין טשעכיע גופא זיינען צווישן דער באַפעלקערונג ניטאָ קיין אַנטיסעמיטישע שטימונגען. אויב יאָ, מערקט מען זיי נאָר אין סלאָוואַקיע. איז ווי קומט עס וואָס איך פיל דאָ, אין פּראָג, שרעק ביי ייִדן?

שמייכלט ער און זאָגט:

— האָט איר געהערט וועגן די פּראָצעסן וואָס מען האָט דאָ פון 1949 ביז סוף 1954 געפירט, דער עיקר, קעגן ייִדישע קאָמוניסטן?

— געהערט, זאָג איך.

— ווייסט איר, רעדט ער ווייטער, און זיין גאַנצער קערפּער ציטערט פון אויפרעגונג, וואָס פאַר אַן אַנטיסעמיטישע העצע עס האָט זיך געפירט אַרום דעם פּראָצעס פון רודאָלף שלאַנסקי, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן געווען

אַ פאַנאַטישער קאָמוניסט און האָט מיט ייִדן גאָרניט געוואָלט האָבן צו טאָן ?

— ,ווייסט איר, רעדט ער ווייטער מיט אויפרעגונג, אַז די גאַנצע פּרעסע אין טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט געגעבן אָנצוהערן אַז מענטשן פון ייִדישן אָפּ־שטאַם קענען גרינג ווערן פאַררעטערס אין די אינטערעסן פון קאַפּיטאַליזם, אַז „קאָסמאָפּאָליטישע" עלעמענטן, וואָס האָבן ניט קיין וואָרצלען אין לאַנד און וואָס שטאַמען פון ציוניסטישע רייען, זיינען געוואָרן אַגענטן פון דער אַמעריקאַנער אַגרעסיע און זיך אַריינגעכאַפּט אין זיצאָרט פון דער רעגירונג.

— און ווייסט איר, רעדט ער גיך און מיט ביטערקייט, אַז דער פרע־מיער־מיניסטער אַליין, אַנטאָנין זאַפּאָטאָצקי, האָט אין יענער צייט אויף אַ קאָנ־פערענץ פון נאַציאָנאַלן פראָנט געזאָגט, אַז זיין רעגירונג וועט ניט טאָלערירן יעדע דרויסנדיקע אַריינמישונג. מעג זי קומען פון וואַשינגטאָן אָדער לאָנדאָן, פון רוים אָדער ירושלים, וואָס איז געווען אַן אָנדייט אויף שלאַנסקיס ייִדישן אָפּשטאַם. האָט די קאָנפערענץ שטאַרק אַפּלאָדירט דעם פּרעמיער און זי איז געוואָרן ממש ווילד ווען ער האָט געזאָגט אַז רעאַקציאָנערן האָבן געמאַכט אַ פאַרשווערונג אומצוקערן די נאַציאָנאַליזירטע פאַבריקן צו ייִדישע און אַנדערע קאַפּיטאַליסטן.

— יע, איך ווייס דאָס אַלץ, זע איך צו באַרואיקן מיין פריינד. איך האָב וועגן דעם געלייענט, זאָג איך אים, אין די אַמעריקאַנער צייטונגען. מיר האָבן אויך געוואוסט אַז דער ייִד, אין דעם פאַל דער ייִדישער קאָמוניסט, איז געווען ניט מער ווי דאָס כפרה־הענדל אויף אָפּצוציען דעם צאָרן פון פאָלק. דאָס פאָלק איז געווען אומצופרידן וואָס זיין לאַנד איז געוואָרן אַ רוסישער סאַטעליט, וואָס זיין רעגירונג איז נאָר אַ שפּילצייג אין די הענט פון רוסלאַנד. עס איז געווען אומצופרידן וואָס מיט דעם נייעם רעזשים איז געפאַלן דער פריערדיקער העכערער לעבנס־סטאַנדאַרד.

— מיר האָבן אויך געלייענט, אַז די באַפעלקערונג האָט אַרויסגעשטעלט אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד קעגן דער רעגירונג. מען פלעגט אָפט ניט קומען צו דער אַרבעט, אָדער פאַרשווענדן צייט ביי דער אַרבעט. מיר האָבן געלייענט אין אַמעריקע, אַז עס זיינען אַפילו פאָרגעקומען ספּאָנטאַנע סטרייקס, וועלכע מען האָט באַלד גרויזאַם דערשטיקט.

— און ווייסט איר, רעדט צו מיר ווייטער מיין פריינד מיט אַ שטילן ציטער, אַז די אַנטי־ייִדישע העצעס האָבן געפירט צו אָנפאַלן אויף ייִדן, באַזונדער אין סלאָוואַקיע און מען האָט פאַרגאָסן ייִדיש בלוט, און . . . זיין שטים ווערט צאָרנדיק, מען האָט די פּאָגראָמען אויסגעטייטשט ווי אַן אויס־דרוק פון אַ געזונטן „קלאַסן־אינסטינקט" ?

ער פרעגט מיך :

— קענט איר זיך פאָרשטעלן אין וואָס פאַר אַ שרעק עס האָבן די אַלע יאָרן געלעבט דאָס הייפל ייִדן וואָס איז אין טשעכאָסלאָוואַקיע איבערגעבליבן

נאָך דער מלחמה? איז וואָס וואונדערט איר זיך וואָס ביי ייִדן אין פּראָג איז פאַראַן אַ געוויסע מורא? ס'איז דאָך ניט מער ווי צען יאָר נאָך די געשעענישן. דער ביטערער טעם פון יענע יאָרן ליגט אונדז נאָך אין מויל מיר זאָלן עס קענען פאַרגעסן.

— און וואו איז די זיכערקייט, שרייט ער אויס, אַז די זעלביקע מעשה זאָל זיך ניט איבערחזרן אַ צווייט מאָל?!

— אמת, רייס איך אים איבער, אָבער אויף וויפל איך ווייס פאַרנעמען ייִדן מער ניט קיין וויכטיקע פּאָזיציעס אין אייער רעגירונג, אָדער אין וועלכע ניט איז רעגירונג־אַנשטאַלטן.

צעלאַכט זיך מיין פריינד און זאָגט:

— מען וועט שוין, ווען מען וועט דאַרפן, געפינען אַ תירוץ צו מאַכן דעם ייִדן פאַר דעם כפּרה־הענדל.

איך טראַכט ביי זיך: מיין פריינד איז גערעכט. אַזוי איז געווען אונטער די אַמאָליקע צאַרן, אַזוי איז ביי די היינטיקע קאָמוניסטישע צאַרן אין יעדער לאַנד. עס האָט זיך גאָרניט ניט געביטן. האַלטן דאָך די נייע הערשערס אַז יעדער מיטל באַרעכטיקט דעם ציל ווי עס שטייט געשריבן אין זייער „קאָ־ראַן", ווי עס האָט געלערנט לענין, זייער נביא.

נאָך עפּעס קומט מיר אויפן געדאַנק. ייִדישע פיינד פלעגן אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער אונדז שטענדיק זאָגן: אייער צאָל צווישן אונדז איז צו גרויס מיר זאָלן אייך קענען פאַרטראָגן. ייִדן אַליין האָבן גענומען טראַכטן אַז זייער גרויסע צאָל רופט טיילווייז אַרויס דעם אַנטיסעמיטיזם. איז געקומען דער נאַצישער טייוול און פאַרקלענערט די צאָל ייִדן אין יע־דער לאַנד צו אַ קליין הייפעלע אין פאַרגלייך מיט פריער. אָבער די אַנטי־סעמיטישע שלאַנג לעבט ווייטער, פאַרשפּרייט ווייטער איר סם.

אומעטום אויף אונדזער רייזע האָבן מיר זיך אויף דעם אָנגעשטויסן.

# פוילן

## אויבן
## האָט געשמייכלט די זון

**ווען** איך בין געפאָרן איבער די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער און באַגעגנט אַ ייִדן, האָט זיך מיר תמיד אָפּגעדוכט, אַז דער ייִד איז ניט קיין דאָאיקער, אַז ער קומט גאָר פון אַן אַנ־דער וועלט. אויב ניט, איז ווי אַזוי האָט ער זיך געראַטעוועט, וואָס איז געווען דער כישוף־שפּרוך, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעווענדט פון זיך די קויל פון דעם דייטש, די פלאַמען פון די קאַלך־אויוונס?

אָט די פראַגעס פלעג איך שטעלן יעדן ייִד וואָס איך פלעג נאָר באַגעגענען, איך פלעג ניט מיד ווערן זיי צו שטעלן און הערן די ענטפערס. דורך אַלע ענטפערס איז דורכגעגאַנגען איין שטריך: ס'איז אָפּגעהאַנגען פון אַ צופאַל, מער פון אַלץ פון איינפאַלן, אָדער קאַפּריזן, פון די וואָס האָבן געהערשט איבער ייִדישע לעבנס. אַ פרומער, גאָטפאַרכטיקער ייִד וואָלט געזאָגט: ווער קען וויסן גאָטס וועגן, ווער ווייס וואָסערע געדאַנקען ער האָט אַריינגעגעבן דעם רשע, דעם וואָס האָט געקענט באַשטימען, ווער עס זאָל לעבן און ווער עס זאָל שטאַרבן? עס וואָלט געווען אַ צו לאַנגע און צו טרויעריקע געשיכטע צו דערציילן די פאַרשיידענע „ניסים" וואָס עס זיינען געשען מיט ייִדן. דעם לייענער פון אַ ייִדישער צייטונג זיינען זיי אין אַ גרויסער מאָס באַקאַנט.

אַ צווייטע פראַגע וואָס האָט מיך אינטערעסירט איז געווען ווי אַזוי ייִדן האָבן אויפגענומען דאָס אָנקומען פון די דייטשן? איך ווייס אַז ווען דער שונא דערנענטערט זיך צו אַ שטאָט, פאַלט אַן אַ שרעק אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג, ייִדן און ניט־ייִדן. איך האָב דאָס דאָזיקע געפיל איבערגעלעבט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען די דייטשן האָבן גענומען זיך דערנענטערן צו מיין שטאָט האָט אַלעמען אַרומ־גענומען אַ גוואַלדיקער פּחד. ווער עס האָט נאָר געקענט האָט זיך אויפ־געהויבן און געלאָפן אָן צו טראַכטן וואוהין.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך גרעסער איז געווען די שרעק פון די ייִדן אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן גענומען

אַריינדרינגען קיין פּוילן. מען איז געלאָפן. אָבער ניט אַלע האָבן דאָך גע־האָט די מיגלעכקייט צו אַנטלויפן, ניט אַלע האָבן באַוויזן זיך אַריבערצו־כאַפּן אויף דער רוסישער זייט. איז וואָס האָבן דערוואַרט די פאַרבליבענע ייִדן? האָבן זיי זיך טאַקע געריכט אויף דער גרויסער קאַטאַסטראָפע? האָבן זיי דערוואַרט אַז דער דייטש וועט טאַקע דורכפירן זיין ציל אויסצו־ראָטן דעם ייִדן?

כמעט אַלע האָבן געענטפערט אין איין קול: ניין, מען האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט אַז עס קומט אַזאַ גרויסער חורבן. מען האָט געטראַכט: אונ־טער דעם דייטשיש־נאַציסטישן אוניפאָרם קלאַפּט דאָך געוויס אַ מענטשלעך האַרץ. ווי אַזוי קען אַ מענטש באַגיין גרויזאַמע מאָרדן קעגן אומשולדיקע? ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרויסשיקן אין די פאַרניכטונג־לאַגערן, האָבן ייִדן זיך געלאָזט נאַרן — זיי האָבן זיך אַליין אויך איינגערעדט — אַז מען שיקט זיי אויף אַרבעט. די אילוזיע האָט דער דייטש אָנגעהאַלטן ביז דעם לעצטן מאָמענט. ביים אַריינפאָר אין די פאַרניכטונג־לאַגערן האָט דער ייִד תמיד געזען אַ גרויסע אויפשריפט: „אַרבעט מאַכט פריי". ער האָט אויך געזען ווי עס גייט אַ רויך פון הויכע קוימענס. איז דאָך דאָס זיכער דער רויך פון פאַבריקן. איך האָב אויף דעם טייל ווייז זיך שוין אָפּגעשטעלט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל.

דערציילט מיר אַ פריינד אין פּוילן:

— ערשט אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָב איך דערפילט ווי שטאַרק עס איז ביי אַ מענטשן דער ווילן צו לעבן. אַפילו, ווען דער מלאך־המות שטייט שוין לעבן אייך, גלייבט זיך אייך נאָך אַלץ נישט, איר וואַרט נאָך אַלץ אַז אַ „נס" וועט אייך ראַטעווען.

— ווען מען האָט אונדז שוין איינגעשפּאַרט אין געטאָ, רעדט ווייטער מיין פריינד, האָט זיך אונדז אַלץ ניט געגלייבט אַז מיר וועלן די גרענעצן פון דער געטאָ ניט קענען אַריבערטרעטן, אַז ווי נאָר מיר וועלן שטעלן אַ פּאָר טריט אויף יענער זייט פון דער געטאָ, וועט אויף אונדז וואַרטן דער טויט.

איך באַמערק אַז אויף מיין פריינדס פּנים באַוויזן זיך אַלץ אָפטער נערוועזע צוגן. איך קען אויף זיין פּנים לייענען די ווייטאָגן פון יענע פינצ־טערע טעג, זאָג איך אים:

— גענוג! איר לעבט צו פיל איבער ווען איר דערמאָנט זיך אָן יענער שוידערלעכער צייט. לאָמיר בעסער וועגן דעם ניט רעדן.

איך פּרוּאוו פאַרפירן אָן אַנדער געשפּרעך. עס קלעפּט זיך ניט.

**

אין צימער וואו מיר זיצן ווערט אַ געשפּאַנטע שטילקייט וואָס האַלט אָן עטלעכע מינוט. ביסלעכווייז קומט מיין פריינד צו זיך און ער זעצט פאָר מיט אַ שטילער ציטערדיקער שטים די איבערגעריסענע דערציילונג.

— דער הונגער, זאָגט ער, איז אין געטאָ געווען דער גרעסטער מלאך־המות. אין געטאָ זיינען געווען דריי מינים ייִדן, אָדער, אויב איר ווילט דריי קלאַסן ייִדן. אַזעלכע וואָס האָבן נאָך געהאַט מיט וואָס צו קויפן עסן און וואָס זיי פלעגט געלינגען ווי עס איז צו קריגן עסנוואַרג. אַזעלכע וואָס זיינען געבליבן אָן אַ גראָשן און ניט געקענט קריגן קיין עסן. זיי האָט גיך אַריינגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס דער מלאך־המות. אָבער ער האָט פריער זיך געשפּילט מיט זיי. ער האָט זיי געלאָזט שטאַרבן מיט אַ לאַנגזאַמען, פּיינלעכן טויט. זיי זיינען אין זייערע קאַמערן געלעגן באַוועגלאָז אין ווי־טאָגן און ניט געקענט שטאַרבן. אָט דאַכט זיך קומט ער דער טויט, דער באַפרייער. אָבער באַלד באַהאַלט ער זיך ווידער ערגעץ וואו אויף אַ וויל. אַ קאַץ און מויז שפּיל.

דער דריטער מין זיינען געווען ייִדן וואָס האָבן געשמאַכט פון הונגער, נאָר ווי עפּעס דורך אַ נס האָבן זיי זיך נאָך געקענט האַלטן אויף די פיס. פלעגן זיי זיך אַרומדרייען איבער דער געטאָ און אָנוואַרפן אַ שרעק אויף יעדן איינעם. זיי פלעגן שטיין אין מיטן גאַס און זיך שאָקלען הין און צוריק. פון וויטן פלעגט זיך אויסדוכטן ווי זיי זאָגן אַ תפילה און זיינען אַריינגעפאַלן אין גרויסן עקסטאַז. ווען איר פלעגט צוגיין נענטער און דער־זען די פּיינלעכע גרימאַסן אויפן פּנים און דעם ברענענדיקן הונגער אין די אויגן, האָט איר פאַרשטאַנען אַז עס שאָקלען זיי גרויסע איבערמענטשלעכע ווייטאָגן.

אַנדערע פלעגן זיך אַראָפּבייגן און אויסברעכן עפּעס גרינס, אַ ברעכן מיט גרינע ווערעם. נאָך אַנדערע פלעגן זיך אָנשפּאַרן אָן די ווענט, פאַר־וואונדערט אַז זיי האָבן נאָך עפּעס כּוח. אַלע, אַלע האָבן אויסגעשטרעקט די הענט און געבעטלט, געבעטלט עקשנותדיק, אָן אָפּלאָז. זיי האָבן קיי־נעם ניט געלאָזט דורכגיין. זיי זיינען ניט מיד געוואָרן בעטלען. מיט ביינער־דיקע פינגער האָבן זיי געקלאַפּט אין טיר און פענצטער. זיי האָבן זיך איינגעשפּאַרט די נשמה זאָל זיי ניט פאַרלאָזן, אין דער האָפענונג אַז עמעצער וועט זיך דאָך דערבאַרעמען. זיי האָט זיך ניט געגלייבט אַז זיי וועלן שטאַרבן פון הונגער. דאָס איז דאָך ניט מיגלעך! אין דער לעצטער רגע וועט געשען אַ נס . . .

***

איך ווייס, אַז עס איז שווער צו לייענען אָט די שורות. מיר איז נאָך שווערער זיי צו שרייבן. בין איך דאָך געפאָרן קיין פּוילן, ווי איך האָב שוין דערציילט, אַז „אין מיין נשמה זאָל טיפער אַריינדרינגען דער ווייטאָג פון מיינע אומגעקומענע ברידער", איך זאָל כאַטש אין געדאַנק איבערלעבן דאָס וואָס מיינע צוויי שוועסטערס, וואָס היטלער האָט זיי פאַרגאַזט און פאַרברענט אין זיינע קאַלך־אויוונס, האָבן אויף אַן אמת איבערגעלעבט.

ייִדן האָבן באַשטימט אַ טאָג, תשעה באָב, דער ביינטער טאָג פון חודש אָב, זיך צו דערמאָנען אין דעם חורבן פון בית־המקדש, וואָס דאָס איז ביי

זיי געווען פֿאַרבונדן מיט זייער פֿאַרטריבן ווערן פֿון זייער אייגן לאַנד אין אַ לאַנגן גלות. אָבער ניט נאָר אין דעם טאָג פֿון תשעה באָב האָבן זיי דערמאָנט זייער געשיכטלעכן חורבן, נאָר זיי פֿלעגן אים דערמאָנען טאָג־טעגלעך אין זייערע געדאַנקען און אין זייערע תפֿילות.

אויך מיר, די היינטיקע ייִדן, די ייִדן פֿון מיין דור אַוודאי, די וואָס זיינען מיט אַלע זייערע געפֿילן, מיט אַלע זייערע רמח אברים (רעמאַך איי־ווּרים) געווען צונויפֿגעבונדן מיט די אומגעקומענע זעקס מיליאָן, טאָרן ניט פֿאַרגעסן דעם גרויסן חורבן, וואָס דער דייטש האָט אויף אונדז גע־בראַכט. פֿאַרגעסן וועלן מיר ניט, אויב מיר וועלן זיך אָבער און ווידער איבערדערציילן וועגן די ווייטאָגן פֿון אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס די דייטשן האָבן פֿאַרפּייניקט און פֿאַרגאַזט.

איך קער זיך אום צו דעם געשפּרעך מיט מיין פֿריינד.

— דער ווילן צו לעבן, דערציילט ער, איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט ניט מורא געהאַט אַרויסצוגנבענען זיך פֿון דער געטאָ און זען צו פֿאַרקויפֿן די פּאָליאַקן וואָס מען האָט נאָר געהאַט מיט זיך. מען האָט אַפֿילו געוואָגט זיך אַריינצושלייכן אין די שטילע נעכט אין פֿויערישע דער־פֿער, וואו מען האָט אָדער געהאַנדלט, אָדער געבעטלט, אָדער גאָר געגנבעט. מען האָט געוואוסט אַז מען קען אַריינפֿאַלן און יעמאָלט קומט דער טויט. אָבער מען האָט אויך געוואוסט אַז אויב עס וועט געלינגען, וועט מען קענען לעבן לענגער.

מען האָט אַפֿילו באַהאַלטן, ווען עמעצער פֿלעגט שטאַרבן. דער טויט איז דאָך געווען אַ געוויינטלעכע זאַך. האָט מען געלאָזן ליגן די טויטע קער־פּערס כדי מען זאָל דערווייל קענען קריגן די ברויט־פּאָרציע פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם. די קערפּערס זיינען געלעגן אַזוי לאַנג ביז דער געשטאַנק האָט זיך צו ווייט פֿאַרשפּרייט און מען האָט שוין מער ניט געקענט אויס־באַהאַלטן.

איך רייס איבער מיין פֿריינד און פֿרעג אים:

— אויף וואָס האָבן ייִדן געהאָפֿט, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי געקלאַמערט אין לעבן?

איך ווייס אַז מיין פֿראַגע איז געווען אַ נאַאיווע — אָבער איך האָב זי דאָך געפֿרעגט.

אַ ביטערער און צו דער זעלביקער צייט אויך איראָנישער שמייכל באַווייזט זיך אויף מיין פֿריינדס פּנים:

— מען האָט געהאָפֿט, זאָגט ער, אַז סוף־כּל־סוף מוז קומען אַ רעטונג. ווען מען פֿלעגט זען גאָר הויך פֿליען אַן עראָפּלאַן, האָט זיך געדוכט אַז אָט, אָט וועט מען פֿון דאָרטן אַראָפּוואַרפֿן בלעטלעך וואָס וועלן אָנזאָגן, אַז עס קומט באַלד די רעטונג און ווי אַזוי זי וועט קומען. מען האָט געלעבט מיט חלומות. מען איז געווען זיכער אַז שלעכטס קען ניט זיגן אויף אייביק, אַז היטלער וועט פֿריער, שפּעטער מוזן פֿאַרלירן.

עס טרעט ווידער אַריין אַ שטילקייט אין דעם צימער וואו מיר זיצן. נאָך אַ לאַנגן שווייגן גיט מיין פריינד אַ טיפן זיפץ און זאָגט:

— איר ווייסט אין אָט דער אַטמאָספער האָט מען געבוירן קינדער, האָבן זיך אָנגעהויבן נייע לעבנס. אויף די גאַסן, איבער וועלכע עס האָט פראַנק און פריי שפּאַצירט דער מלאך־המות, האָבן זיך געשפּילט און געלאַכט קליינע קינדער און פון אויבן האָט צו זיי געשמייכלט די זון.

## שותפים אין מאָרד

**מען** שטעלט זיך אָפּט די פראַגע:
פאַרוואָס האָט דער דייטש זיינע פאַרניכטונג־לאַגערן אויפגעשטעלט גראָד אין פּוילן. אויף דעם איז מיר אויסגעקומען נאָך אין אַמעריקע צו הערן פאַרשיידענע ענטפערס: היטלער האָט ניט אויפגעבויט די גאַז־קאַמערן און קאַלך־אויוונס אין דייטשלאַנד גופא, ווייל ער איז ניט געווען זיכער ווי אַזוי זיינע דייטשן וועלן זיך צו דעם באַציען; דייטשלאַנד געפינט זיך אין צענטער פון אייראָפּע. האָט ער ניט געוואָלט, ווי לאַנג די מלחמה האַלט אָן, אַז די וועלט זאָל צו פיל וויסן וועגן זיינע פאַרברעכנס קעגן יידן.

די אָפיציעלע ווערסיע איז דאָך געווען, אַז מען שיקט יידן אויף אַר־בעט, אָדער צוליב מלחמה־מאָטיוון פירט מען זיי אַריבער אין נייע וואוינ־ערטער. דער אָנשטעל איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז יידן פון עסטרייך, צוםביישפּיל, האָט מען אַריינגעפירט אין פּוילן אין באַקוועמע פּאַסאַזשיר־צוגן. פּוילן איז ווייטער פון דער מערב־וועלט. אמת, נאָענט צו רוסלאַנד. אָבער היטלער האָט גוט געוואוסט אַז דאָרטן הערשט — אין הינזיכט פון אויס־מאָרדן אומשולדיקע מענטשן — זיין רבי סטאַלין, און אַז איין מערדער דערציילט ניט אויף אַ צווייטן. דער עיקר, ער האָט דערוואַרט, אַז די פּוילישע באַפעלקערונג וועט, אין דער גרויסער מערהייט, סימפּאַטיזירן מיט דער אויסראָטונג פון די יידן. זיכער ניט רעוואָלטירן קעגן דעם.

האָט דעריבער מיך שטאַרק אינטערעסירט, ווען איך בין געקומען אין פּוילן, אויסצוגעפינען וואָס עס איז געווען די אמתע באַציאונג פון די פּאָליאַקן צו היטלערס פאַרניכטונג־לאַגערן. מיין נייגיר איז באַזונדער גע־שטיגן, ווען פון אַלע זייטן האָט מען מיר אין פּוילן דערציילט מעשיות וועגן דעם ווי יעדער פּאָליאַק באַרימט זיך מיט דעם אַז ער האָט געראַטע־וועט יידן פון טויט. מען האָט מיר אַפילו דערציילט, אַז ווען אַ פּאָליאַק ווערט באַשולדיקט אין עפּעס אַ פאַרברעכן און וויל ווייזן, אַז ער איז גאָר אַ פיינער מאַן דערציילט ער אין געריכט ווי אַזוי ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר יידן אין צייט פון דער מלחמה. די פראַגע איז נאָר ווי אַזוי קומט עס, אַז עס זיינען דאָך אומגעקומען זעקס מיליאָן יידן?

פון פאַרשיידענע געשפּרעכן מיט ייִדן האָב איך אויסגעפונען:

דאָס איינציקע גוטס וואָס מען קען זאָגן וועגן די פּאָליאַקן — פאַר־שטייט זיך אַז עס זיינען אַלע מאָל און אומעטום דאָ אויסנאַמען — איז אַז זיי וואָלטן אפשר אַליין ניט באַגאַנגען אַזעלכע קאַלטבלוטיקע, שווידערלעכע מאָרדן ווי די דייטשן, אָבער זיי זיינען געווען צופרידן וואָס עמעצער אַן אַנדערער טוט פאַר זיי די מיאוסע שטיקל אַרבעט. זיי האָבן זיך צוגעקוקט און געשמייכלט אין וואָנצע (זייער אייגענער, ניט אין היטלערס): ענדלעך וועלן זיי פּטור ווערן פון דעם ייִדן. דאָס איז דאָס בעסטע וואָס מען קען זאָגן וועגן זיי.

אין דער גרעסטער מערהייט האָבן זיי ניט נאָר סימפּאַטיזירט מיט דעם דייטשס מעשים, נאָר זיי האָבן אים אַרויסגעהאָלפן. זאָגט מיר איינער:

— דער דייטש האָט ניט אַלע מאָל דערקענט דעם ייִדן. פלעגט דער פּאָליאַק אָנווייזן אויף ייִדן. דער פּאָליאַק פלעגט „דערשמעקן“ דעם ייִדן הינטער די גרעבסטע ווענט, און אין די טיפסטע קעלערן. אַ צופרידענער פלעגט דער פּאָליאַק נאָך דעם זיך צוקוקן ווי דער דייטש פירט אַוועק דעם ייִדן, אָדער דערשיסט אים גלייך אויף אָן אָרט. פלעגן ייִדן זיך באַהאַלטן אין וועלדער, פלעגן די פּויערים זיי אויסגעפינען און לאָזן וויסן דעם דייטש.

דערציילט מיר אַ צווייטער:

— ניט נאָר זיינען די פּאָליאַקן געווען צופרידענע צוקוקערס, ניט נאָר האָבן זיי אומדירעקט מיטגעהאָלפן אין דער אויסמאָרדונג פון די ייִדן, נאָר זיי זיינען אויך געווען אין אַ גרויסער צאָל פאַלן דירעקטע מיטבאַטייליקטע אין די מאָרדן.

באַזונדער, זאָגט ער, זיינען זיי געווען אַקטיוו אין פאַרכאַפּן וואָס מער ייִדיש האָב־און־גוטס. אַלץ איז ביי זיי געווען אָנגעלייגט, אַפילו בריוו און פאָטאָגראַפיעס. פון טליתים האָט מען זיך געמאַכט פאַרהאַנגען און טיש־טעכער. אונדזערע ספרים זיינען געלעגן אין זייערע לאַטרינעס. פלעגן פּויערים הערן, אַז אַ שטעטל איז אויסגעליידיקט פון ייִדן, פלעגן זיי באַ־פאַלן דאָס שטעטל ווי אַ היישעריק, זוכן און נישטערן אומעטום און צוריקפירן פולע וועגענער אָנגערויבטע ייִדישע זאַכן, אָפט ניט מער ווי שמאַטעס. זיי האָבן קיין זאַך ניט אויסבראַקירט. עס פלעגט אויך טרעפן אַז זיי פלעגן צעהאַקן אויף האָלץ, ווי לאַנג דער דייטש האָט געלאָזן, אַ ייִדישע שטוב. פלעגן די דייטשן דערקלערן אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט מען אַקציאָנירן ייִדיש פאַרמעגן, פלעגן פון אַלע זייטן קומען אין שטעטל אויף פורן גאַנצע משפחות פּויערים, אָנגעטאָן יום־טובדיק. אָפט פלעגט טרעפן, אַז עס פלעגט ווערן אַ געשלעג צווישן די פּויערים, צוליב ייִדישן פאַרמעגן, צווישן די וויניקער „מזלדיקע“ און די מער „מזלדיקע“, וועמען עס איז געלונגען אַריינצוקריגן מער פון ייִדישן האָב־און־גוטס.

— האָבן אַלע פּאָליאַקן זיך אַזוי אויפגעפירט? — טו איך אַ פרעג.

— זיכער זיינען געווען אויסנאַמען, קומט אַן ענטפער. אַ סך פּאָליאַקן האָבן געטאָן אַלץ צו ראַטעווען ייִדן, כאָטש מען האָט מיט דעם איינגעשטעלט דאָס אייגענע לעבן. דער דייטש האָט ניט געשאַנעוועט דאָס לעבן פון אַ פּאָליאַק וואָס האָט אויסבאַהאַלטן אַ ייִדן, אָדער אים געהאָלפן אויף וועלכן ניט איז אַנדער אופן. אָבער, זאָגט קאַטעגאָריש און מיט זיכערקייט מיין מיטשמועסער, די גוואַלדיקע מערהייט, די גרויסע מערהייט פון פּויליש פאָלק, האָט דירעקט, אָדער אומדירעקט געהאָלפן דעם דייטש אין דער ייִדישער אויסראָטונג.

דערציילט מיר אַ דריטער, און וואָס מער ער רעדט אַלץ מער טרויער און ווייטאָגדיקער פאַרדרוס באַווייזט זיך אויף זיין פּנים:

— ייִדן פלעגן זוכן רעטונג אין די טיפענישן פון די וועלדער. מיט דער צייט זיינען די וועלדער פול געוואָרן מיט פּאַרטיזאַנען, אָדער די „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" געשטיצט פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן. האָבן ייִדישע הערצער זיך אָנגעפילט מיט גלויבן און האָפענונג. דער ייִד האָט זיך געפרייט וואָס די פּאַרטיזאַנען־אַרמיי וואַקסט מיט יעדער טאָג, וואָס זי פּאַלט אַלץ דרייסטער אָן אויף דעם דייטש און דער דייטש הייבט אָן אַלץ מער מורא האָבן פאַר איר. אַוודאי איז דעם ייִדנס האַרץ פול געוואָרן מיט האָפענונג, ווען די „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" האָט דערקלערט אַז זי נעמט אונטער איר שוץ דעם ייִדן. אָבער ווען אַ ייִד האָט זיך געוואָלט שטעלן אין אירע רייען כדי צו קעמפן קעגן דעם דייטש, האָט ער געקראָגן אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג.

נאָך ערגער: עס פלעגט ניט איין מאָל טרעפן, אַז אַ קויל פון פּוילישע פּאַרטיזאַנען פלעגט אָפּשניידן דאָס לעבן פון אַ ייִדן, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד. שטילערהייט, אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, פלעגן פּוילישע פּאַרטיזאַנען אויף דער אָנווייזונג פון די פּויערים אומברענגען ייִדן אין זייערע באַהעלטענישן.

ווען איך האָב איין מאָל אין אַ שמועס, גלאַט אַזוי אַ פרעג געטאָן, צי די פּאָליאַקן האָט גאָרניט באַאומרואיקט דער געוויסן, האָט מען מיך אָנגעקוקט מיט חוזק וואָס איך האָב גאָר אַזאַ פראַגע געשטעלט און געענטפערט אין אַ טאָן פון סאַרקאַזם:

— געוויסן ?! פאַר זיי זיינען דאָך די ייִדן געווען דאָס זינדיקע פאָלק, וואָס וויל ניט אָנערקענען קריסטוסן ווי גאָטס זון, דער דערלייזער. פיינדשאַפט צו דעם ייִדן איז דאָך געווען אַ טייל פון זייער קאַטעכיזם. מען האָט די פיינדשאַפט דאָך איינגעזייגט מיט דער מאַמעס מילך. אַז ייִדן האָבן דערמאָרדעט קריסטוסן האָט מען דאָך געהערט יעדן זונטיק אין קאָשציאָל, דאָס האָט דאָך געלערנט די קאַטוילישע רעליגיע. פאַר גאָט האָט דער פּאָליאַק ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבן. אין דער גרויסער ייִדישער קאַטאַסטראָפע האָט ער געזען גאָטס פינגער. דער דייטש, דער מערדער, און ער, דער אַרויסהעלפער אין מאָרד, זיינען דאָך ניט מער ווי אַ געצייג אין

גאַטס הענט. צונעמען ייִדיש פאַרמעגן איז גאָר אַ מצווה. דאָס איז דאָך און אַלטע געשיכטע. אַזוי אַלט ווי דאָס קריסטנטום גופא. מיט זיין עקסעס־טענץ פאַרלייקנט דער ייִד קריסטוסעס געטלעכקייט. דאַרף מען דעם ייִדן אומברענגען.

האָט דען דער געוויסן באַאומרואיקט די בישאָפן און גלחים פון דער שפּאַניש־קאַטוילישער אינקוויזיציע, ווען זיי האָבן אין די אינקוויזיציע־קאַמערן מערדערלעך געפּייניקט דעם ייִדן, ווען זיי האָבן ייִדן געברענט אויף שייטער־הויפנס? האָט דער געוויסן געפּייניקט די פאַנאַטישע קרייצפאַרערס? האָט דער געוויסן געפּייניקט די פאַרשיידענע פּאָגראָמשטשיקעס אין לויף פון הונדערטער יאָרן?

עס זיינען געווען פּאָליאַקן, וואָס זיינען געווען אומרואיק. ניט ווייל דער געוויסן האָט זיי געפּלאָגט. עס איז ביי זיי געווען די מורא וואָס די ציווילייזירטע וועלט וועט וועגן זיי זאָגן נאָך דער מלחמה, אויב דער דייטש וועט פאַרלירן. אויף דעם האָט דער פּאָליאַק דאָך געהאָפּט. ער האָט גוט געוואוסט אַז אַ דייטשישער זיג וועט זיין זיין אייגענער סוף.

פּלוצעם צעלאַכט זיך מיין פריינד הויך אויפן קול און זעצט פאָר:

— אין האַרצן פון פּאָליאַק איז פאָרגעקומען אַ קאַמף: פון איין זייט האָט ער געוואָלט דער דייטש זאָל אומברענגען אַלע ייִדן, עס זאָל ניט פאַרבלייבן אַפילו קיין איינער וואָס זאָל קענען דערציילן דער וועלט וואָס פאַר אַ געטרייער שותף ער, דער פּאָליאַק, איז געווען אין אויסמאָרדן דאָס ייִדישע פאָלק; פון דער צווייטער זייט פלעגט דער געדאַנק, אַז אָט, אָט און עס וועלן מער קיין ייִדן ניט זיין, אָנוואַרפן אויף אים אַ מורא. ער האָט זיך געשראָקן, אַז יעמאָלט וועט דער דייטש זיך נעמען צו אים. האָט דאָך דער דייטש ניט איין מאָל גערעדט וועגן די נידעריקע פעלקער פון „אָסט"־אייראָפּע, וואָס זיינען ניט ווערט צו טרעטן אויף דער ערד און דאַרפן מאַכן „לעבנסרוים" פאַר „דאָס העכערע דייטשישע פאָלק".

אַ קליינע „טרייסט" — אויב מען קען עס אָנרופן טרייסט — איז אונדז געבליבן: דער וואונטש פון דעם פּאָליאַק, אַז עס זאָלן ניט פאַרבלייבן ייִדישע עדות, וואָס קענען דערציילן, איז ניט דערפילט געוואָרן.

האָט דאָס טאַקע אים דערצאָרנט. ער האָט זיינע אויגן ניט געגלייבט, ווען ער האָט נאָך דער מלחמה געזען, אַז ייִדן לעבן נאָך אַלץ אויף דער וועלט. האָבן זיך אָנגעהויבן שטילע אָנפאַלן אויף ייִדן און מאָרדן, וואָס האָבן אָפּט זיך פאַרענדיקט מיט אָפענע פּאָגראָמען. די פּאָליאַקן האָבן, צום ביישפּיל, אויסגעפונען אַז אין דעם שטעטעלע טשעלאַדזש זיינען פאַרבליבן לעבן צוויי ייִדן. האָבן די גויים דאָס ניט געקענט פאַרטראָגן און זיי געטייט. באַקאַנט איז דער פּאָגראָם וואָס איז אין 1945 פאָרגעקומען אין קראָקע.

ייִדן אין פּוילן קענען ביז היינט ניט פאַרגעסן דעם קיעלצער פּאָגראָם אין יולי 1946. אין דעם יאָר האָבן ייִדן זיך אומגעקערט קיין קיעלץ פון די נאַצי־לאַגערן, פון די באַהעלטענישן אין די וועלדער און פון סאָוועט־

רוסלאַנד — צוזאַמען אַ הונדערט ייִדישע נפשות. פלוצעם האָט זיך פאַר־שפרייט אַ קלאַנג, וואָס עס האָט געשטאַמט פון דעם דאָרטיקן בישאָפ, אָדער זיינע משרתים, אַז ייִדן האָבן געטייט אַ פוילישן ייִנגל (דעם ייִנגל האָט מען שפּעטער געפונען). אַ צעווילדעוועטער המון איז באַפאַלן די ייִדן מיט פלעקער און אייזנס. אַזוי זיינען אויף אַ שוידערלעכן אופן דערמאָרדעט גע־וואָרן עטלעכע און פערציק ייִדן, צווישן זיי פיצלעך קינדער. שפּעטער האָט אַ מיליטערישער געריכט פאַרמשפּט פינף פאָגראָמשטשיקעס צום טויט און עטלעכע אויף תפיסה.

דער פאָגראָם האָט אויפגעטרייסלט דעם ייִדישן ישוב. מען האָט מאַסנ־ווייז גענומען לויפן פון פוילן. די גרענעצן פון פוילן קיין עסטרייך זיינען יעמאָלט נאָך געווען אָפן. דער פאָגראָם האָט איבערגעלאָזן אַן אומזיכער געפיל ביי דעם ייִדן. דאָס האַלט אָן ביז איצט און האָט אין אַ גרויסער מאָס געפירט צו דעם, באַזונדער ווען ניט־פריינדלעכע געפילן באַגעגנט דער ייִד גאָר אָפט נאָך היינט אין פוילן, אַז כאָטש נאָך דער מלחמה זיינען אײן צייט שוין געווען דאָרט 150 טויזנט ייִדן, זיינען היינט דאָרטן דאָ ניט מער ווי דרייסיק טויזנט.

זאָל אויך פאַרצייכנט ווערן אַז די געשעענישן אין קיעלץ האָבן אין אַ געוויסן זין אויך דערשלאָגן די ליבעראַלע פוילישע אינטעליגענץ. איר פאָר־שטייער ביי דער מאַסן־לוויה פון די דערמאָרדעטע האָט דערקלערט אַז דער קיעלצער פאָגראָם האָט אויף אייביק באַדעקט מיט שאַנד דאָס פוילישע פאָלק.

אָנפאַלן און ראַיאָטן קעגן ייִדן האָבן אין פוילן אָנגעהאַלטן ביז אין די ווייטע פופציקער יאָרן, און עס האָבן זיך געפאָדערט אויסערגעוויינטלעכע פאָליצייאישע מיטלען, זיי זאָלן אויפהערן. אָבער דער פוילישער אַנטיסע־מיטיזם איז פאַרבליבן ביז היינט און וועגן דעם וועלן מיר נאָך דערציילן.

## די פיינדשאַפט צו דעם ייִדן
## לעבט ווייטער

**ביי** מיר אין האָטעל־צימער אין וואַרשע איז געזעסן אַן אָנגעזעענער ייִדישער ליטעראַט פון נאָך־פאַר־די־מלחמה־יאָרן. אַ זייער אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט.

מיר האָבן געשמועסט וועגן היינטיקן ייִדישן לעבן אין פוילן און אַזוי אַרום זיינען מיר געקומען אויף דער טעמע אַנטיסעמיטיזם און אַסימילאַציע. אין לויף פון אונדזער געשפּרעך דערציילט ער מיר אַ מעשה וואָס האָט געטראָפן אין שטוב פון אַ ייִדישן פּראָפעסאָר אין וואַרשעווער אוניווער־סיטעט. אין די מלחמה־יאָרן האָט דער איצטיקער פּראָפעסאָר געלעבט אין רוסלאַנד און פון דאָרטן האָט ער, ווי אַ סך אַנדערע ייִדן, פאָלקס־מענטשן

און אינטעלעקטועלן, מיטגעבראַכט אַ רוסישע פרוי. זייער מיידעלע, ווען עס האָט דערגרייכט דעם שול־עלטער, האָט אָנגעהויבן זיך לערנען אין אַ פּאָלק־שול, וואָס געפינט זיך אין אַריסטאָקראַטישן טייל פון וואַרשע, דאָרטן וואו עס וואוינט גאָמולקאָ און די אַנדערע קאָמוניסטישע פּני.

איין טאָג קומט דאָס מיידעלע אַהיים מיט אַ געוויין:

— זי וועט מער אין שול ניט גיין!...

— וואָס איז, וואָס האָט געטראָפן? — פרעגן טאַטע־מאַמע.

מען באַליידיקט מיך אין שול. קינדער שרייען מיר נאָך: „זשידואווקאַ".

די מאַמע פון קינד, די רוסישע פרוי, איז אויף מאָרגן אַוועק אין שול מיט אַ טענה:

— ווי איז דאָס מיגלעך אַז אין אַ שול, וואָס געפינט זיך אין אַ געגנט וואו עס וואוינט די קאָמוניסטישע פירערשאַפט, זאָלן קינדער אַרויס־ווייזן אַנטיסעמיטישע נייגונגען?

די פאַרוואַלטערין פון דער שול האָט איר פאַרשפּראָכן אַז זי וועט די זאַך געניי אויספאָרשן און איר לאָזן וויסן וואָס עס איז באמת פאָרגעקומען.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער קריגט די מוטער אַ טעלעפאָן פון דער שול־פאַרוואַלטערין, אַז זי זאָל צו איר אַריבערקומען. ווען די מוטער איז אַריינגעקומען אין אָפיס פון דער פאַרוואַלטערין, באַגעגנט זי זי מיט אַ שמייכל און זאָגט איר:

— דו ווייסט ווער עס איז דער גאַנצער אָנפירער פון די אַנטיסע־מיטישע באַנעמונגען קעגן דיין קינד? דו ווילסט דאָך עס זיכער וויסן?

— געוויס! ענטפערט די מוטער.

צו איר גרויסער פאַרוואונדערונג רופט די שול־פאַרוואַלטערין אָן אַ נאָמען פון אַ ייִדישן קאָמוניסט. זיין ייִנגל האָט עס געהעצט די אַנדערע קינדער קעגן איר מיידעלע.

די מוטער האָט דעם ענין ניט אָפּגעלאָזן. באַזונדער האָט איר פאַר־דראָסן, וואָס איר טאָכטער האָט אויסגעפונען ווער איר ייִדישן טאַטן אַזוי פּלוצעם און אויף אַזאַ באַליידיקנדיקן אופן.

גלייך דעם זעלביקן טאָג, אין די נאָך־מיטאָג־שעהן, איז זי אַוועק צו די עלטערן פון דעם ייִנגל. זי האָט געטראָפן נאָר די מוטער. דער פאָטער איז ניט געווען אין דער היים. מיט אויפרעגונג האָט זי דער מוטער דערציילט וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט איר טעכטערל אין שול און ווער עס איז געווען דער הויפּט־שולדיקער.

— יוזעק, האָט די מוטער פון דעם ייִנגל גענומען רופן. עס איז אַרויס־געקומען אַ קליין ייִנגעלע.

— זאָג מיר נאָר, ווענדט זיך זיין מוטער צו אים, איז אמת אַז דו באַליידיקסט ייִדישע קינדער, העצסט קעגן זיי און זאָגסט אונטער אַנדערע קינדער זיי זאָלן זיי רופן „זשיד"?

— אמת, ענטפערט דער יינגל. וואָס איז דען?

—ווייסטו ניט, זאָגט די מוטער, אַז דו אַליין ביסט אויך אַ יידישער יינגל?

— איך?! — ווערט דער יינגל פאַרוואונדערט. פון וואַנען זאָל איך דאָס וויסן? ניט דו און ניט דער טאַטע האָבן מיר אַמאָל דערציילט וועגן דעם.

ביידע מוטערס זיינען געבליבן שטיין פאַרגליווערט, אָן לשון. אייגנט־לעך זיינען זיי דאָך ביידע געווען די שולדיקע. יעדע פון זיי האָט דאָך געקענט זיין אין דער זעלביקער ראָלע.

— אָט האָט איר אַן ענטפער, זאָגט צו מיר מיין פריינד, דער שרייבער, אויף אייערע פראַגעס. די מעשה וואָס איז גענומען פון לעבן און וואָס איז מיר גוט באַקאַנט, ווייזט ווי שטאַרק פאַרשפּרייט עס זיינען אַנטיסעמי־טישע שטימונגען און געפילן אין פּוילישן פאָלק און ווי גרויס עס איז ביי יידן דער דראַנג זיך צו אַסימילירן, צו פאַרלייקענען זיך אַליין, דעם אייגענעם אָפּשטאַם.

****

קומט צו מיר אין האָטעל אָפּנעמען אַ גרוס אַ ייד אין די אָנהייב פופציקער. ער איז אַ פרומער ייד. האָט זיך אויסגעוואָלגערט אין רוסישע טורמעס, און צוריקגעקומען אַ פיזיש צעבראָכענער, אָבער גייסטיק געזונטער. אַחוץ וואָס ער איז אַ למדן, איז ער אויך באַהאַוונט אין וועלטלעכע ענינים, גוט באַקאַנט מיט דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

די גאַנצע צייט וואָס ער פאַרברענגט אין מיין צימער איז ער נערוועז און אומרואיק. ער וואָלט געוואָלט שוין גיכער זיין ניט נאָר אויף יענער זייט טיר פון מיין האָטעל־צימער, נאָר אויסערן האָטעל, אין גאַס. ווען איך נעם מיט אים רעדן וועגן דער אַסימילאַציע צווישן יידן אין פּוילן, רופט ער מיט אויפרעגונג אויס: נאָר דאָס?! און וואָס איז, וואָס מען האָט חתונה מיט גויים, און וואָס איז, וואָס מען שמדט זיך אַליין, אָדער מען שמדט אָפּ די קינדער, אַבי אַרויסצורייסן פון זיך יעדן סימן פון יידישקייט!

דער ווילן זיך צו פאַרלייקענען ווערט ביי פּוילישע יידן גענערט פון די דערינערונגען וועגן דייטשישע גרויזאַמקייטן אין דער צייט פון דער אָקו־פּאַציע. דער פּויער, ווען ער ווערט אין כעס, ווען ער האָט עפּעס אַ קריוודע בטלט אויס אַלע בייזע חלומות אויפן יידנס קאָפּ, אָדער שילדט דעם יידן וואָס איז אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן, כאָטש ער זעט איצט ניט קיין יידן פאַר די אויגן, ער זעט זיי ניט אין די דערפער, אין די שטעטלעך און אויף די מערק ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. פיינט האָבן דעם יידן, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז דאָך אַ טייל פון דעם פּויערס קאַטעכיזם. דער ייד איז דאָך פאַר אים די פאַרקערפּערונג פון אַל דאָס בייז. אַזוי האָבן אים געלערנט אין לויף פון הונדערטער יאָרן זיינע רעליגיעזע און וועלטלעכע פירערס.

דער פּאָליאַק קען דעם ייִדן ניט פֿאַרגעסן. ער קען זיך ניט אָפּגעוואוינען פֿון דער אַלטער מידה זײַנער אין אַלץ צו באַשולדיקן דעם ייִדן. ווײַל אַ קינד ניט אַרײַנגיין אין טײַך זיך באָדן, וועט אַ פּאָליאַק באַלד זאָגן מיט אַ געלעכטערל, אָדער אָפּט מיט בייזקייט: ער שרעקט זיך פֿאַר וואַסער ווי אַ זשיד. די טראַמווייען אין וואַרשע זײַנען איבערגעפּאַקט, מען שטייט קאָפּ אויף קאָפּ, איינער שטופּט אַ צווייטן. פּלוצעם שטעלט דער טראַמוויי זיך אָפּ און מען פֿאַלט איינער אויפֿן צווייטן. הערט איר יעמאָלט אַ האַלב שיכורן אויסרופֿן: ווער הערשט איבער אונדז? דער ייִד צימערמאַן (ער מיינט דעם פּרעמיער־מיניסטער צעראַנקעוויטש, וועלכער איז אַ הונדערט פּראָצענטיקער פּאָליאַק) און די מאָסקאַליעס! דער עולם הערט און שווייגט. מעג דער טראַמוויי זײַן פֿול מיט מיליטער אָדער פּאָליציי־לײַט. קיינער רופֿט זיך ניט אָפּ, קיינער פּראָטעסטירט ניט.

צום לויב פֿון דער פּוילישער קאָמוניסטישער הערשאַפֿט מוז געזאָגט ווערן, אַז פֿון ערשטן טאָג האָט זי געזוכט צו באַקעמפֿן דעם אַנטיסעמיטיזם און די פֿאָראורטיילן קעגן ייִדן. אַפֿילו אין די יאָרן באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען אונטער סטאַלינס ווירקונג האָבן זיך אין די קאָמוניסטישע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער אָנגעהויבן אָפֿיציעלע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען, האָט די פּוילישע רעגירונג ניט מיטגעמאַכט די אַנטי־ייִדישע רוסישע פּאָליטיק, ווי דאָס האָבן געטאָן די רעגירונגען פֿון רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיע און אונגאַרן. אָבער דאָס פֿאָלק, אַלע זײַנע שיכטן, איז פֿאַרבליבן אַנטיסעמיטיש ביז הײַנטיקן טאָג.

דערציילט מיר איינער וואָס האָט מיטגעמאַכט די ערשטע יאָרן פֿון דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש:

— אין פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע עקאָנאָמישע אָרדענונג און צוזאַמען מיט איר דער פּראָצעס פֿון אינדוסטריאַליזאַציע. ייִדן האָבן געמוזט אויפֿגעבן זייערע טראַדיציאָנעלע באַשעפֿטיקונגען. זיי האָבן מער ניט געקענט זײַן הענדלערס, אָדער פּריוואַטע בעלי־מלאָכות. ווען זיי האָבן זיך באַמיט אַרײַנפּאַסן אין דער נײַער נאַציאָנאַליזירטער ווירטשאַפֿט, האָבן זיי, אַחוץ אַלערליי שוועריקייטן, באַגעגנט אין די פֿאַבריקן און אין די אַלגעמיינע אַרבעט־קאָאָפּעראַטיוון אַן אָפֿענע פֿײַנדשאַפֿט מצד די פּוילישע אַרבעטער. אַזוי איז געווען אויף אַלע געביטן פֿון לעבן. שוין אָפּגערעדט פֿון פֿיזישע אָנפֿאַלן, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין דערציילט. האָט דער ייִד, וואו ער האָט זיך ניט געווענדט, אומעטום באַגעגנט בייזע בליקן און גאָר אָפֿט באַליידיקונגען. אין די געשעפֿטן, וואו מען איז געשטאַנען אין ריי עפּעס צו קויפֿן, אין די אַרבעט־שטעלעס, אין די רעגירונגס־ קאַנצעלאַריעס; און דאָס ייִדישע קינד — אין דער אַלגעמיינער שול, וואו עס איז געקומען זיך לערנען.

— האָט זיך די לאַגע געענדערט, נאָך דעם ווי גאָמולקאָ איז געקומען צו דער מאַכט, נאָך דער, ווי מען רופֿט עס, אָקטאָבער־רעוואָלוציע פֿון 1956, ווען עס האָט אין פּוילן אויף אַ סך געביטן זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פֿון ליבעראַליזאַציע? — פֿרעג איך מײַן מיטשמועסער.

— ניין! ענטפערט ער. צוזאַמען מיט דער אַזוי גערופענער „ליבעראַלי־זאַציע" זיינען איינגעשטילטע אַנטי־ייִדישע שטימונגען פון דאָס ניי אַרויף־געשוואומען אויף דער אייבערפלאַך. עס איז געוואָרן אַ טענדענץ פּטור צו ווערן פון דעם ייִדן, ער זאָל זיך וואָס ווייניקער אָנזען. אין אַ סך פאַלן האָבן ייִדן פאַרלאָרן זייערע שטעלעס ביי דער רעגירונג און אין דער אינדוסטריע. קומט אַ ייִד זוכן אַרבעט, קריגט ער אַ זייער העפלעכן ענטפער אַז, ווען עס וועט זיין אַרבעט, וועט מען אים זיכער באַלד רופן. אַ פּאָליאַק ווערט אָבער באַלד אָנגעשטעלט. באַזונדער גיט מען אַכטונג אַז אַ ייִד זאָל זיך ניט אָנזען אויף הויכע פּאָזיציעס.

מיר ווילן נאָך צוגעבן: אין אַלע קאָמוניסטישע לענדער הערשט די טענדענץ צו באַזייטיקן דעם ייִדן פון פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס, פון פּאָזיציעס וואו ער קען זיך צו פיל אָנזען. אין אָנהייב, ווען די קאָמוניסטישע רעזשימען האָבן גענומען אויפקומען, זיינען די ייִדישע קאָמוניסטן, ווי געטרייע דינערס פון מאָסקווע, געזעסן אויבן אָן. שפּעטער, ווען די רעזשימען האָבן באַוויזן זיך איינצושטעלן, האָט מען אויף דעם אָדער אַנדער אופן גענומען פּטור ווערן פון דעם ייִדן. דער ייִד האָט אָפּגעטאָן זיינס און ער קען גיין. זאָלן בעסער „אייגענע" זיין אין דער פירערשאַפט. מיט דעם שטעלט מען אויך צופרידן די נאַציאָנאַלע געפילן. דאָס זעלביקע איז געשען אין פּוילן נאָך אָקטאָבער 1956. אין קאָמוניסטישן אַפּאַראַט זיינען פאַרבליבן ניט מער ווי צוויי ייִדן. עוגעניוש שיר, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט און אַרטור סטאַרעוויטש איינער פון די סעקרעטאַרן פון צענטראַל־קאָמיטעט. אַ סך ייִדן וואָס האָבן פאַרנומען הויכע שטעלעס, האָבן געמוזט דעמיסיאָנירן. אַזוי האָט געמוזט אַוועק איינער פון די פעיִקסטע פּוילישע דיפּלאָמאַטן סוכי־קאַץ, וועלכער איז געווען דער אַמבאַסאַדאָר אין אינדיע. ווי אין אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער זיינען ייִדן איצט באַזייטיקט פון דיפּלאָמאַטישן דינסט. אַ ייִד ווערט ניט אַריינגענומען אין אַ דיפּלאָמאַטישער שול. מען זעט אויך אַז ייִדן זאָלן ניט פאַרנעמען הויכע מיליטערישע פּאָסטנס. דאָס אַלץ ווערט געטאָן אויף אַ שטילן אופן. די „אָקטאָבער־רעוואָלוציע" האָט געזוכט וואָס מער אַנטקעגן צו קומען דעם ווילן פון פאָלק, פאַרשטייט זיך אין די ראַמען פון אַ דיקטאַטור, און דאָס פאָלק האָט ניט באַזונדער ליב דעם ייִדן. דאָך פירט די רעגירונג דורך דער פרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע אַ שטענדיקע קאַמפּאַניע קעגן אַנטי־ייִדישע פאַראורטיילן. פאַלט אָן עמעצער אויף אַ ייִדן, אָדער באַליידיקט אים און עס טרעפט אַז דער שולדיקער קומט פאַרן געריכט, ווערט ער שטרענג באַשטראָפט. איר לייענט וועגן דעם פון צייט צו צייט אין דער פּוילישער פרעסע.

אַזוי איז אונדז אויסגעקומען צו לייענען אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע" (דעם 22סטן אָקטאָבער, 1964) אַ מעשה, וואָס קלינגט זייער מעלאָ־דראַמאַטיש. געשען איז עס אין דער שטאָט ליגניץ, נידער־שלעזיע, אין דעם דאָרטיקן געריכט. דער זאַל פון געריכט איז געווען איבערגעפּאַקט מיט

מענטשן. פאַרן ריכטער איז געשטאַנען דער באַשולדיקטער האָראָשקעוויטש. די באַשולדיקונג איז געווען, אַז אין אַ שיכורן צושטאַנד האָט ער גענומען באַליידיקן צוויי יידן, וואָס זיינען געשטאַנען אין גאַס און גערעדט. ווען די יידן האָבן אים איגנאָרירט, האָט ער געוואָלט זיך וואַרפן שלאָגן. איינער פון די יידן, אַברהם מאָנעטאַ האָט גערופן אַ מיליציאָנער, וועלכער האָט דעם כוליגאַן אַרעסטירט. ווערט אין דער מעשה דערציילט אַז אויף אַלעמען אין געריכט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק דעם יידן מאָנעטאָס רייד, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין פוילן, אַז אין צייט פון דער אָקופּאַציע איז ער געווען אין היטלערס לאַגערן, וואו ער האָט פאַרלאָרן אַ פוס. אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם אַלץ איז ביי אים ניטאָ קיין נקמה־געפיל קעגן דעם כוליגאַן. מיט גרויס שפּאַנונג, ווערט דערציילט, האָבן אַלע אין געריכט־זאַל זיך צוגעהערט צו דער רעדע פון פּראָקוראָר. ער האָט גערעדט וועגן דעם אַז „יידן זיינען גלייכבאַרעכטיקטע בירגערס" און אַז „די נידערטרעכטיקע כוליגאַניש־אַנטיסעמיטישע פאַרברעכנס וועלן מיר אויסברענען מיט די וואָרצלען, כדי עס זאָל קיין זכר ניט בלייבן פון אַנטיסעמיטיזם צווישן פוילישן פאָלק".

דאָס געריכט האָט דעם באַשולדיקטן באַשטראָפט מיט אַ יאָר און צוויי חדשים טורמע.

אָבער הערט דעם קלימאַקס: „ביים אַרויסגאַנג פון געריכט־זאַל איז דער פאָטער פון דעם באַשולדיקטן צוגעגאַנגען צו אַברהם מאָנעטאַ און אים דערקלערט, אַז דער אורטייל איז אַ גערעכטער, אַז זיין זון האָט זיך דאָס פולשטענדיק פאַרדינט".

אַזעלכע מעשיות קומט אויס צו לייענען אין דער צייטונג פון צייט צו צייט. אַלע מאָל איז דער „העלד" אַ שיכור (אַניט וואָלט ער דאָך ניט אַרויסגעבראַכט עפנטלעך זיינע אַנטיסעמיטישע געפילן) און דער באַליי־דיקטער ייד איז גרייט צו פאַרגעבן. עס געפינט זיך תמיד אַ פּאָליאַק צווישן עולם, וואָס האַלט אַז די שטראָף איז אַ פאַרדינטע.

## זאָרג וועגן די קינדער
## ביי די יידן אין פוילן

**אין** פוילן זיינען פאַרבליבן זייער ווייניק יידן. ניט מער ווי אַ פינף און צוואַנציק טויזנט. זיי לעבן דאָרטן אין אַ ים פון ניט־יידן. אין גאַס, אין לעבן בכלל, שטויסט איר זיך דאָרטן ווען־ניט־איז אָן אויף אַ יידן. לעבן דעריבער יידישע קינדער, גאָר אָפט נאָך מער ווי די עלטערן זייערע, אין אַ ניט־יידישער סביבה. זיי זיינען נאָר איינצלנע זעמדעלעך אין דער גרויסער מאַסע ניט־יידישע קינדער. איז נאַטירלעך אַז זיי שפּילן זיך, גייען אין שול, פאַרברענגען מיט פוילישע קינדער.

דאָס פילט אַן די הערצער פון עלטערן מיט אומרו און שרעק וועגן דער ייִדישער צוקונפט פון זייערע קינדער. גרויס איז די שרעק אַז די קינדער וועלן זיך אין גאַנצן אָפּרייסן פון ייִדישן לעבן. נאָך מער — אַז געמישטע חתונות וועלן פאַרצערן די וואַקסנדיקע ייִדישע דורות. וועגן דעם זיינען באַזאָרגט אַלע ייִדן, וועלטלעכע און רעליגיעזע; אַלע ייִדן וואָס פאַרלייקענען ניט זייער ייִדישקייט, וואָס באַהאַלטן זיך ניט אונטער דער מאַסקע פון אַן אַריער־פּאָליאַק, מען זאָל ניט וויסן ווער זיי זיינען אין דער אמתן.

איך בין געווען שבת פרי — אויף מאָרגן נאָך מיין אָנקומען — אין דער איינציקער שול (סינאַגאָגע), וואָס איז נאָך דאָ אין וואַרשע, די נאָזשיקשול אויף טוואַרדע זעקס. פאַרבליבן איז זי, ווייל אין צייט פון דער מלחמה האָבן די נאַציס זי געניצט פאַר אַ פערדן־שטאַל. איך האָב דאָרט אָנגעציילט צוואַנציק מענטשן, צווישן זיי אויך פרויען. ניט מער ווי צוואַנציק מענטשן

— מוז דאָך דאָס אייך — באַזונדער די, וואָס האָבן געוואוסט, וואָס די אַמאָליקע וואַרשע איז געווען (און ווער האָט דאָס ניט געוואוסט?) אָנפילן מיט טרויער. די צאָל האָט דאָך צו אייך געשריען: זעט דעם גרויסן בראָך וואָס איז באַפאַלן דאָס ייִדישע פאָלק אין פוילן!

אָבער אין דער שול איז געווען אַ הייטערע שטימונג. די ייִדן וואָס זיינען דאָרטן געווען האָבן זיך געפילט געהויבן. וואָס איז געשען? „מען וועט דאָ היינט פראַווען אַ בר־מצווה", האָט מען מיר געזאָגט. איז אויך מיר געוואָרן גוט אויפן האַרצן. האָב איך דאָך זיך אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן טראַגיש־אומגעקומענע ייִדישע קינדער. האָב איך דאָך ביי די, וועמען איך האָב באַגעגנט, געטראָפן נאָר דערוואַקסענע, אַז ניט־ווילנדיק האָב איך גענומען זיך פרעגן: זיינען נאָך דאָ ייִדישע קינדער אין מזרח־אייראָפּע? דאָ הער איך גאָר, אַז מען וועט פראַווען אַ בר־מצווה, און איך וועל דעם בר־מצווה בחור זען מיט מיינע אויגן.

באַלד זיינען טאַקע אַריינגעקומען אין שול אַ יונגע אויסגעפּוצטע פּאָר מיט אַ ייִנגעלע. עס האָבן זיי ניט באַגלייט, ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן, זיידע־באָבע, פעטערס און מומעס. זעלטן הערט מען אין פוילן אַז עמעצער זאָל פאַרמאָגן אייגענע, נאָענטע.

ביים לייענען האָט מען דעם בר־מצווה בחור אויפגערופן צו דער הפטורה. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ לעבעדיק, באַוועגלעך, ספּריטנע ייִנגל, קליינגעוויקסיק, גאָרניט ווי אַ ייִדיש קינד אין אַמעריקע, אַ חנעוודיק, שוואַרץהאָריק ייִנגל מיט ברענענדיקע ייִדישע אויגן. ווען ער האָט גענומען לייענען די הפטורה מיט דעם ריכטיקן טראָפּ און מיט אַ געשמאַק שטימעלע, האָט זיך אַ רואיקייט און פרייד אויסגעשפּרייט אויף אַלעמענס פּנימער. עס האָבן געשטראַלט די פּנימער ניט נאָר פון טאַטע־מאַמע, נאָר פון יעדער איינעם וואָס איז געווען אין שול. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען לעבט איבער דעם גרעסטן תענוג, די גרעסטע פרייד. איך האָב געקוקט אויף די אַרומיקע. אין דער גרויסער מערהייט זיינען זיי געווען עלטערע מענטשן. איך האָב

געטראַכט: וועלכע געדאַנקען גייען איצט ביי זיי דורך? וואָס לעבן זיי איצט איבער? צי טויכן ניט פאַר זיי אויף די קינדער וואָס זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן און קאַלך־אויוונס, זייערע אייגענע קינדער און אייניקלעך וואָס מערדערס האָבן פאַרטיליקט מיט טייוולשער הנאה? צי זעען זיי ניט אין דעם חנעוודיקן יונגעלע מיט די טיפע, לעבעדיקע יידישע אויגן, זייער אייגן קינד, אַלעמענס קינד?

איך האָב אויך געטראַכט: ווי לאַנג עס וועלן זיין קינדער, וואָס קענען די יידישע אותיות, ווי לאַנג עס וועלן זיין קינדער, וואָס קענען לייענען די הפטורה, אָדער לייענען אַ בלאַט פּרק, שלום עליכם, וואָס וועלן קענען לייענען יידישע שאַפונגען מיט יידיש אותיות, אַזוי לאַנג וועלן לעבן יידן.

וועלן נאָך זיין אַזעלכע יידישע קינדער? צוויי געפאַרן לויערן אויף יידישע קינדער, די געפאַר פון אַסימילאַציע און די נאָך גרעסערע געפאַר פון געמישטע חתונות.ביידע האָבן זיך צעלייגט איבער דער גאַנצער יידישער וועלט, באַזונדער אָבער אין מזרח־אייראָפּע, וואו יידן זיינען צו שוואַך זיך אַנטקעגנצושטעלן.

גאַר גרויס וויטיק פאַרשאַפט זי די יידן פון פוילן. פאַרוואָס גראָד זיי? ווייל, ערשטנס, האָט די צוויי־פיסיקע היטלעריסטישע חיה שוין דאָרט פאַרצערט געגוג יידישע קינדער. צווייטנס, איז דער יידיש־באַוואוסטזיין ביי דעם רעשטל יידן אין פוילן שטאַרקער ווי ביי די יידישע רעשטלעך אין די אַלע אַנדערע לענדער.

דאָס אַמאָליקע יידישע פוילן איז געוועזן ניט נאָר גרויס אין צאָל, נאָר זי איז געווען דאָס האַרץ פון יידישן לעבן איבער דער וועלט. מען האָט געקענט זאָגן וועגן יידישן פוילן און ליטע אַז זיי באַשטראַלן דאָס יידישע לעבן איבער דער וועלט, אַז פון דאָרטן קומט די יידישע תורה, רעליגיעזע אָדער וועלטלעכע, און דרינגט אַריין אין אַלע לענדער פון דער יידישער צעשפּרייטקייט, אַפילו אין ארץ ישראל וואָס האָט זיך געבויט ווי אַ מדינה. פון מזרח־אייראָפּע זיינען דאָך אַהין געקומען די בויערס, די שאַפערס און די פירערס.

די שרעק פאַר געמישטע חתונות נעמט צו די רו ביי אַלע יידן אין פוילן, באַזונדער ביי די וואָס האָבן קינדער אין חתונה־עלטער. מען זאָגט עס ניט אַרויס עפנטלעך, מען שטיקט עס אין זיך און מען טראַכט און האָפט אַז ווינציקסטנס זאָלן עמיגרירן די קינדער, דער עיקר קיין ישראל. רעדן עפנטלעך וואָלט דאָך געמיינט, אַז מען גייט קעגן דער מדינה, וואו מען לעבט, קעגן דער מדינה וואָס האָפט דורך געמישטע חתונות צו פאַרענטפערן די יידישע פּראָבלעם.

וואו איר זאָלט זיך ניט אַ דריי טאָן אין פוילן, באַגעגנט איר זיך מיט געמישטע חתונות. אין די הויכע און אין די נידעריקע פענצטער. גאָמולקאַ אַליין האָט אַ יידישע פרוי. אַ יידישע פרוי איז די אלמנה פון זאַוואַדסקי, דער ניט לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט פון פוילן.

יידישע פּרויען האָבן אויך וויכאַ, דער אינערן־מיניסטער פון פּוילן און ווי־טאַשעווסקי, אַ וויכטיקער מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי. דער יידישער שאָפער, וואָס פירט אונדז אַרום איבער פּוילן, האָט אַ ניט־יידישע ווייב. ער פאַרענטפערט זיך פאַר אונדז, כאָטש מיר האָבן ביי אים ניט געפרעגט, מיט דעם וואָס יידישע מיידלעך ווילן ניט חתונה האָבן מיט אַזאַ פּשוטן מענטשן ווי ער איז.

מיר קומען באַזוכן אַ גרויסן יידישן מאָלער אין וואַרשע. זיינע טעמעס זיינען גאָר יידישע. מען זאָגט אונדז פריער אַז ער האָט זייער אַן אינטע־רעסאַנטע און געבילדעטע פרוי, זי איז אַ שרייבערין. מיר קומען אַריין צום מאָלער אין שטוב און עס באַגעגנט אונדז זיין פרוי. מיר דערקענען באַלד אַז זי איז ניט קיין יידישע. זי איז אַ רוסישע. ער האָט זיך מיט איר גע־טראָפן אין רוסלאַנד, וואו ער איז געווען פאַרוואָגלט אין דער צייט פון דער מלחמה.

אין אַ געוויסער שטאָט אין פּוילן קומט אונדז אויס צו זיין אין שטוב פון דאָרטיקן פאַרטרעטער פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד. עס עפנט אונדז די טיר אַ ניט־יידישע פרוי מיט אַ דאָרפישן אויסזען. טראַכט איך ביי זיך: מסתמא אַ דינסט. ווייזט זיך אָבער גיך אַרויס, אַז דאָס איז גראָד די פרוי פון דעם מאַן, צו וועמען מיר זיינען געקומען. באַלד ווייזט זיך אויך זיין גויאישע שוויגער. אויך ער איז געווען אין רוסלאַנד און דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ רוסישער פרוי.

אין דער שטאָט לובלין איז אונדז אויסגעקומען צו באַגעגענען אַ יידישע פרוי. זי איז געווען זייער נייגעריק צו הערן וואָס מער פון אונדז וועגן מדינת ישראל. ווען מיר האָבן זי געפרעגט פאַרוואָס זי וויל וויסן אַזוי פיל איינצלהייטן וועגן דעם לאַנד, האָט זי אונדז געענטפערט, אַז זי האָט אַ דערוואַקסענע טאָכטער און זי וואָלט דעריבער געוואָלט דאָרט זיך באַזעצן, ווערט זי זיין זיכער אַז די טאָכטער וועט חתונה האָבן מיט אַ יידן.

— איר לעבט דאָך אין אַ לאַנד, זאָגן מיר איר, וואו מען מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישן ייד און ניט־ייד. טאָ וואָס שרעקט איר זיך?

— אמת, ענטפערט זי, אין אָנהייב, ווי לאַנג די ליבע איז פריש, איז ניטאָ קיין אונטערשייד. אָבער שפּעטער, ווען עס קומט דאָס פאַמיליע־לעבן און מען געוואוינט זיך צו איינער צום צווייטן, טרעפט ניט איין מאָל, אַז דער מאַן רופט די פרוי „זשידאָווקאַ", און וואַרפט איר פאַר איר יידישן אָפּשטאַם.

— אויב אַזוי, איז וואָס איז דער אָפּהאַלט? — לאָזן מיר ניט אָפּ.

— מיין מאַן איז אַ וויכטיקער קאָמוניסט, ער איז אַ גרויסער אידע־אָליסט און איז געטריי פּוילן, קומט אַן ענטפער.

אין פּוילן באַגעגן איך זיך מיט מיינעם אַ פריינד, אַ געוועזענעם בונדיסט (איצט איז ער אַ קאָמוניסט). ער דערציילט מיר, אַז לויט די

באַדינגונגען אין פּוילן, פאַרדינט ער גאַנץ גוט, ער טוט אויך אינטערע־סאַנטע אַרבעט.

— איך האָב צוויי דערוואַקסענע טעכטער, זיפצט ער, און וואָלט דעריבער געוואָלט זיך באַזעצן אין ישראל.

— אין פּוילן, רעדט ער ווייטער, פילט מען זיך איינזאַם. קרובים און נאָענטע זיינען אומגעקומען. מיינע קינדער האָבן דאָ ניט קיינעם, אַחוץ מיך און מיין פרוי.

און ער דערציילט מיר אַז אין איין שיינעם טאָג איז די עלטערע טאָכטער זיינע געקומען אַהיים מיט אַ פּוילישן יונגן מאַן און אים פאָרגעשטעלט ווי איר חתן.

— ס'איז מיר און מיין פרוי, זאָגט ער, געוואָרן ביטער אויפן האַרצן. נאָר וואָס האָבן מיר געקענט טאָן? רייד האָבן מיר געוואוסט וועלן ניט העלפן. סטראַשען אַז מען וועט זיך פון איר אָפּזאָגן? ווי קען אַ מאַמעס אָדער טאַטעס האַרץ דאָס טאָן? אַחוץ וואָס מען וואָלט אונדז פאַרשריען פאַר יידישע שאָוויניסטן, און דאָס וואָלט זיכער געבראַכט צרות אויף אונדזערע קעפּ.

האָט אָבער געטראָפן, דערציילט ער ווייטער, אַ נס (מיט ייִדן טרעפן דאָך שטענדיק ניסים). דער יונגער־מאַן האָט אַליין אָפּגעלייגט צו ברענגען די כלה צו זיינע עלטערן. ווען זי איז איין מאָל צוגעשטאַנען צו אים, איז געקומען אַ קורצער און שאַרפער ענטפער: איך קען דאָס ניט טאָן. מיינע עלטערן וועלן דערקענען אַז דו ביסט אַ ייִדישע און וועלן מיך ניט לאָזן חתונה האָבן מיט דיר.

— אַזוי, זאָגט ער, איז געוואָרן אויס פון דעם שידוך. אָבער האָט איר אַ באַגריף ווי מיין טאָכטער האָט זיך געפילט באַליידיקט און וויפל זי האָט געליטן? און ווער ווייס, צי זי וועט אַמאָל ווידער ניט ברענגען אין שטוב אַ פּאָליאַק? און איך האָב דאָך נאָך אַ צווייטע טאָכטער. אָי, ווי נעמט מען זיי אַריבער קיין ישראל! — לאָזט ער אויס מיט אַ קרעכץ.

און אָט איז נאָך אַ מעשה מיט אַ פריילעכן סוף.

ביי אַ ייִדישן געלערנטן מיט אַ פילנדיק ייִדיש האַרץ, איז דאָ אַן איינציקע שיינע טאָכטער. ברענגט זי אין שטוב אַ חתן, אַ פּאָליאַק. ווערט דעם טאַטן אומעטיק. נאָר ווידער, וואָס קען מען טאָן? אַן אומגליק, וואָס שטייט ניט אַפילו אין דער תוכחה.

אָבער דאָס מאָל האָט דער בחור יאָ געוואָלט זיך ווייזן מיט דער כלה פאַר די עלטערן. ס'איז אָבער דער ייִדישער טאָכטער, וואָס האָט זיך אויפ־געהאָדעוועט אין אַ פריידנקערישער ייִדישער שטוב, אָן וועלכע ניט איז רעליגיעזע פירונגען, געוואָרן פינצטער אין די אויגן. זי האָט דערזען פאַר זיך אַ פרומע קאַטוילישע שטוב, באַהאָנגען מיט איקאָנעס און הייליקע

בילדער. עס האָבן זי באַגעגנט קרומע, פיינדלעכע בליקן. ווידער האָט אַ ייִדישע טאָכטער איבערגעלעבט שווערע שעהן און טרויעריקע טעג. דעם פאָטער איז אָבער געלונגען זי אַוועקצושיקן קיין ישראל אין אַ קיבוץ פון יונגע מענטשן. זי איז געפאָרן אויף אַ ווייל, זיך צו צעשטרייען. זי האָט אָבער דאָרטן געטראָפן איר באַשערטן און ווי דערציילט זיך ביים סוף פון די קינדער־מעשיות? — „און זיי האָבן געלעבט גליקלעך אייביק און אייביק".

אָבער ניט אַלע מאָל, ווי מיר האָבן שוין געזען, איז דער סוף אַ גליקלעכער.

מיינער אַ באַקאַנטער אין אַ שטאָט אין פוילן, האָט איין איינציקן זון. ווען ער האָט געדאַרפט אָנקומען אין אוניווערסיטעט, האָט מען אים צו־געשיקט אַ לאַנגן פראַגע־בויגן אויף אויסצופילן. ער האָט געבעטן דעם פאָטער ער זאָל אים העלפן ענטפערן אויף די פראַגעס. ווען עס איז גע־קומען צו דער פראַגע: צו וועלכן פאָלק ער געהערט, אַזוי דערציילט דער פאָטער, איז דער זון געבליבן שטיין. עס איז אים ניט געווען קלאָר ווי צו ענטפערן. דער פאָטער האָט ניט געוואָלט אונטערזאָגן און עס איז געבליבן, אַז דער זון וועט טראַכטן וועגן דעם און שפּעטער אַריינשטעלן דעם ענטפער.

עס איז אַוועק אַ צייט, פרעגט דער פאָטער דעם זון ווי אַזוי ער האָט געענטפערט אויף דער פראַגע וועגן פאָלק־אָנגעהעריקייט.

וואָס האָב איך געזאָלט ענטפערן? זאָגט דער זון. עס איז דאָך נאַ־טירלעך אַז איך בין אַ ייִד. מיינע עלטערן זיינען דאָך ייִדן. איך האָב זיך דאָך געהאָדעוועט אין אַ ייִדישער שטוב, וואו עס איז שטענדיק אַריינגע־קומען אַ ייִדישע צייטונג, וואו מען האָט געלייענט ייִדישע ביכער און געהאַלטן ייִדישע יום־טובים. בין איך דאָך אַ ייִד.

עס איז געווען אַ צייט ווען דער פאָטער האָט געוואָלט מיט דער פאַמיליע עמיגרירן. אָבער מען פלעגט אים אַלץ אָפּזאָגן צו געבן אַ פּאַס אויף אַרויסצופאָרן. ענדלעך איז דער פּאַס אָנגעקומען. ער דערציילט עס דעם זון. ער האָט געהאָפט אַז אויך דער זון וועט זיין צופרידן. אָבער דער זון ענטפערט אים פעסט: „איך פאָר ניט. איך האָב אַ כּלה. זי איז אַ פּוילישע און וועט ניט וועלן פאַרלאָזן פוילן". איז שוין פאַרבליבן ווי דער זון האָט געוואָלט. מען האָט פוילן ניט פאַרלאָזן און מיין פריינד האָט איצט אַ פּוילישע שנור. ער זאָגט אַז זי איז אַ פיינע און וואוילע און ליבט שטאַרק זיין זון. איז דאָך דער סוף ווידער אַ גליקלעכער. איז ער?...

אָט אַזוי רירט אָן די פּראָבלעם געמישטע חתונות גאָר אַ סך ייִדישע היימען אין פוילן און טראָגט אַריין אומרו און טיפע זאָרג אין די הערצער פון ייִדישע עלטערן.

# אַ שמועס מיט די פירערס
# פון ייִדישן קולטור־פאַרבאַנד אין פּוילן

**אין** די קאָמוניסטישע לענדער פון מזרח־אייראָפּע, אין די אַזוי גערופענע פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, ווערן ייִדן ניט געשטערט אין זייער רעליגיעז־לעבן. די רעליגיעזע ייִדישע געמיינדעס זיינען אָפיציעל אָנערקענטע אינסטיטוציעס. אין אַ גרויסער מאָס ווערן זיי אויך סובסי־דירט פון די רעגירונגען. פונקט ווי די קריסטלעכע קירך, להבדיל, ווערן די ייִדישע רעליגיעזע געמיינדעס שטאַרק קאָנטראָלירט פון דער רעגירונג. אומעטום זיצן אירע פאַרטרעטערס וואָס האַלטן אַ וואַכזאַם אויג. אין די אַלע לענדער האָט מען ליקווידירט די ייִדישע וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, אַפילו ווען זיי זיינען געווען פון ריינעם קאָמוניסטישן מעטאַל. אין רומעניע איז פאַרבליבן דאָס ייִדישע טעאַטער. אין שייכות מיט דעם הונדערטיאָריקן יובילי פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטע־ראַטור איז דאָרטן ניט לאַנג צוריק דערשינען אַן אַנטאָלאָגיע („אויפשטייג"), וואָס שפּיגלט אָפּ דעם ביישטייער צו אָט דער ליטעראַטור פון די ייִדישע שרייבערס אין רומעניע. דאָס איז דאָס ערשטע בוך וואָס איז דאָרטן דערשינען נאָך אַן איבעררייס פון יאָרן. אָבער אויך אין רומעניע איז ניטאָ קיין אָפיציעלע ייִדיש־וועלטלעכע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיך זאָרגן וועגן די נויטן פון דעם ייִדיש־וועלטלעכן און ייִדיש־רעדנדיקן ייִדן. אויך דאָרטן איז די איינציקע רעפּרעזענטאַטיווע ייִדישע קערפּערשאַפט די רע־ליגיעזע געמיינדע. אין איר קאָנצענטרירן זיך אַלע ייִדישע טעטיקייטן.

אַן אויסנאַם איז דאָס היינטיקע פּוילן. דאָרטן איז פאַראַן אַ ועד הקהילות וואָס באַזאָרגט די רעליגיעזע ייִדישע נויטן און אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד וואָס זאָרגט זיך פאַר די וועלטלעכע ייִדישע קולטור־נויטן.

אָנגעהעריקייט צום פאַרבאַנד איז פרייוויליק. פאָרמעל איז ער ניט מער ווי אַ פּריוואַטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע. פּירט ער טאַקע אַ שטענדי־קע קאַמפּאַניע אַריינצוקריגן מיטגלידער. דאָך איז דער פאַרבאַנד ביי דער רעגירונג די אָפיציעלע ייִדישע קערפּערשאַפט. די רעגירונג ווייס אַז זי קען טרויען זיין פירערשאַפט, וואָס האַלט זיך תמיד ביי דער לעצטער ליניע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

ווען איך בין געווען שבת פרי אין וואַרשע אין דער איינציק־פאַרבלי־בענער שול, אין דער נאָזשיק־שול אויף טוואַרדע זעקס, און געשמועסט מיט די עלטערע ייִדן, וואָס איך האָב דאָרטן געטראָפן, האָבן זיי אַלע אין איין קול זיך געקלאָגט אויף דער פירערשאַפט פון די ייִדישע רעליגיעזע געמיינדעס אין פּוילן. ווען איך האָב געפרעגט: ווער באַשטימט די פירער־שאַפט? איז געקומען דער ענטפער:

— וואָס הייסט ווער? — נאָוואָגרודסקי!

אין אָנהייב האָב איך געטראַכט אַז דער נאָוואָגרודסקי מוז זיין זייער אַ וויכטיקע פּערזאָן. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען אַז מען מיינט מיט דעם נאָוואָגרודסקי 5, דאָס הויז וואו עס געפינט זיך די הויפּט־קוואַרטיר פון פאַרבאַנד.

ווען עס איז דורך מיינעם אַ פריינד צו מיר אָנגעקומען אַ פאַרבעטונג פון פּרעזידיום פון פאַרבאַנד איך זאָל קומען צו אַ ספּעציעלער זיצונג, וואָס זיי זיינען גרייט צו פאַררופן פון מיינטוועגן, האָב איך אָנגענומען. מיין באַדינג איז געווען, אַז דער שמועס זאָל זיך פירן נאָר וועגן יידישן לעבן אין פּוילן און אַז איך זאָל זיין דער פראַגע־שטעלער. זיי האָבן צוגעשטימט און איך בין געקומען צו דער זיצונג מיט אַ ריי צוגעגרייטע פראַגעס.

מיט דעם אויסנאַם פון אַ פּאָר, זיינען כמעט אַלע אָנוועזנדיקע אויף דער זיצונג געווען אַלטע, אויסגעפּראוואוטע און מען קען אויך זאָגן פאַנאַטישע קאָמוניסטן. געפירט מיט דער זיצונג האָט דער פאָרזיצער פון פאַרבאַנד לייב דאָמב, וועלכער איז אויך דער פאַרוואַלטער פון דעם פאַרלאַג „יידיש־בוך". שוין 34 יאָר ווי לייב דאָמב איז טעטיק אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פּוילן, פאַלעסטינע, פראַנקרייך און בעלגיע. צווישן די יאָרן 1925־1929 געפינט ער זיך אין פאַלעסטינע, וואו ער אָרגאַניזירט און פירט אָן מיט דער יידיש־אַראַבישער קאָמוניסטישער גרופּע „איחוד". ער ווערט אַרעסטירט פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט. ער שטייט בראָש פון דעם 12 טאָגיקן הונגער־סטרייק אין דער תפיסה־פעסטונג עכו אין יאָר 1928. שפּעטער קומט ער קיין פראַנקרייך וואו ער ווערט אַקטיוו אין דער יידישער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַלט ער אַריין אין רוסלאַנד. דאָרטן, ווי מען זאָגט עס איצט אין די קאָמוניסטישע לענדער, איז ער געווען איינער פון „די געליטענע פונעם פּערזאָנען־קולט". ער האָט יאָרן געשמאַכט אין סטאַלינס תפיסות און לאַגערן אין וויטן צפון. אין 1958 קומט ער צוריק קיין פּוילן, וואו ער ווערט טעטיק אין יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

געענטפערט אויף מיינע פראַגעס האָבן דער עיקר דוד ספאַרד, מיכל מירסקי און שמואל הורוויטש. דוד ספאַרד — אַ יידישער פּאָעט מיט אַן אוניווערסיטעט־בילדונג — האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו דער לינקער שרייבער־גרופּע אין פּוילן. איצט איז ער דער רעדאַקטאָר פון „יידישע שריפטן", די מאָנאַטלעכע אויסגאַבע פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעל־שאַפטלעכע פראַגעס. מיכל מירסקי איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ פאַנאַטישער, פאַרביסענער קאָמוניסט. ער האָט אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּרעסע באַרעכטיקט סטאַלינס באַשולדיקונגען קעגן די יידישע דאָקטוירים אין רוס־לאַנד. שפּעטער, נאָך סטאַלינס טויט, האָט ער עפנטלעך זיך געשלאָגן על חטא צוליב אָט דער שטעלונג זיינער. שמואל הורוויטש, וועלכער איז לויט דער פּראָפעסיע אַן אַדוואָקאַט, איז אויך אַ פיינער עסעאיסט אויף יידישע ליטעראַטור־ און קולטור־טעמעס. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ בונדיסט.

נאָך דער מלחמה איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״. שפּעטער, ביים סוף פון 1948, ווען די קאָמוניסטישע מאַכט האָט אויפגעלייזט דעם „בונד״ און אַלע אַנדערע יידישע פּאַרטייען, איז שמואל הורוויטש אַריבער צו די קאָמוניסטן.

אויף דער זיצונג זיינען געווען צען פּערזאָן. איך וויל נאָך אויסטיילן דעם איצטיקן סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד עדוואַרד רייבער. אַן אָפּשטאַמיקער פון גאַליציע איז ער אין יידישן לעבן פון פּוילן געווען אין גאַנצן אומבאַקאַנט. ער איז ווייט געווען פון יידישע קולטור־אינטערעסן. פון אַ קליין שטעטל אין נידער־שלעזיע האָט מען אים געבראַכט קיין וואַרשע, אים געמאַכט פאַר דעם פאַרוואַלטער פון די קאָאָפּעראַטיוון און ער איז געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד. מען זאָגט אַז די פּאַרטיי האָט אים אַריינגעשיקט „צו האַלטן אַן אויג״ אויף די אַנדערע מיטגלידער פון פּרעזידיום, כאָטש אין זייער געטריישאַפט איז דאַכט זיך ניטאָ וואָס צו צווייפלען. רייבער האָט די גאַנצע צייט פון שמועס געשוויגן. ער האָט נאָר אויסמאַרקירט צו זיצן פּונקט קעגן מיר, מיר געקוקט אין די אויגן און יעדער מאָל, ווען איך האָב גע־שטעלט אַ פראַגע וואָס איז אים ניט געפעלן, האָט אויף זיין פּנים זיך באַוויזן אויפרעגונג. אפשט איז ער געוואָרן רויט ווי צונטער, אָבער ער האָט געשוויגן.

ווי נאָר די זיצונג האָט זיך געעפנט און אויך שפּעטער אין לויף פון געשפּרעך האָב איך דערמאָנט דעם פּרעזידיום, אַז איך בין מיין גאַנץ לעבן געווען אַ קעגנער פון קאָמוניזם און אַז אין אַמעריקע בין איך ענג פאַרבונדן מיט אָרגאַניזאַציעס ווי דער אַרבעטער־רינג און דער „פאָרווערטס״ וואָס באַקעמפן קאָמוניזם. מיין דערקלערונג האָט קיין באַזונדערן איינדרוק ניט געמאַכט, ווייל זיי האָבן דאָס סיי ווי געוואוסט.

די פראַגעס, וואָס איך האָב געשטעלט האָבן געהאַט צו טאָן, מיט דעם בוי פון פאַרבאַנד און זיינע פאַרשיידענע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. געוויסע פראַגעס האָבן געצילט אויסצוגעפינען אויף וויפל די קולטור־טעטי־קייט פון פאַרבאַנד איז אויפריכטיק־ערלעך און צי עס איז פאַראַן ביי זיינע טוערס דער גלויבן אין אַ ווייטערדיקער יידישער צוקונפט אין פּוילן, אין דעם לאַנד וואָס זיין ערד איז דורכגעזאַפּט מיט יידישע טרערן, מיט יידיש בלוט, מיט יידישן וויי, וואָס זיינע פעלדער זיינען באַפּרוכפּערט מיט יידישן אַש און אייך דוכט זיך אַז פון אומעטום אין דעם לאַנד הערט זיך דער יאָמער־געשריי פון די פאַרפּייניקטע און פאַרגאַזטע יידן; צי עס איז פאַראַן אַ צוקונפט פאַר דעם יידן אין אַ לאַנד, וואָס זיין לופט איז נאָך איצט פאַר־אומרייניקט מיט שנאה צו אים?

איך האָב געוואָלט וויסן, צי אין אַ לאַנד, וואו יידן באַהאַלטן זייער אידענטיטעט, וואו יידן טראָגן צלמים זיך אַרויסצוגעבן ווי פרומע קאַטאָליקן, וואו יידן האָבן פאַרביטן זייערע נעמען אַזוי, אַז מען זאָל פאַר קיין פאַל ניט דערקענען זייער אָפּשטאַם, אָדער יידן לעבן מיט דעם געדאַנק צו עמיגרירן, צי אין אַזאַ לאַנד איז פאַראַן אַ וועלכע ניט איז יידישע צוקונפט?

אויף דעם איז געקומען — פאַרשטייט זיך אַז עס איז ניט מיגלעך אי־בערצוגעבן ווערטלעך — אומגעפער אַזאַ ענטפער:

קיין מאַסן־עמיגראַציע קען מער ניט פאָרקומען. עס קענען פאַרלאָזן נאָר איינצלנע. אַנטיסעמיטיזם איז אין לאַנד מער ניטאָ. אויב אַפילו עס ווייזן זיך אַנטיסעמיטישע האַנדלונגען, פאַרשווינדן זיי אויך ביסלעכווייז. די רע־גירונג באַקעמפט דעם אַנטיסעמיטיזם ניט נאָר פאָליציייאיש, נאָר נאָך מער דורך מאַסן־אויפקלערונג. דער אויפבוי פון סאָציאַליזם פאָדערט עס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן פאָראורטיילן און אַוודאי פיינדשאַפט צווישן פעלקער.

די פינף־און־צוואַנציק, אָדער דרייסיק טויזנט יידן, וואָס מען ווייס וועגן זיי, באַהאַלטן ניט זייער אידענטישקייט, ביי זיי איז פאַראַן אַ פאַרלאַנג און אַ ווילן זיך אויסצולעבן אין אַ יידישער קולטור־אַטמאָספער. זאָלן מיר זיך אומקערן צו זיי מיטן רוקן? אין פוילן זיינען פאַרבליבן יידישע נאָוועליסטן, פּאָעטן, עסעאיסטן און קינסטלערס וואָס ווילן זיין יידיש־שעפעריש. צי עס וועט זיין אַ יידישע צוקונפט? מיר גלייבן אין איר, אַרבעטן מיר פאַר איר. צוריק גערעדט, וואו און אין וועלכן לאַנד איז דען דאָ אַ פולע זיכערקייט אין אַ יידישער שעפערישער צוקונפט? וואו און אין וועלכן לאַנד זיינען יידן באַוואָרנט פון אַסימילאַציע?

אויב איך מאַך קיין טעות ניט האָט איינער זיך אויסגעדריקט אַזוי: אַלץ וואָס לעבט וויל לעבן. אונדזער פליכט איז אויפצוהאַלטן דאָס לעבן. מיר וועלן טאָן אַלץ, אַז אויף דער פוילישער ערד, וואו יידן האָבן הונדערטער יאָרן געשאַפן, זאָל ווייטער לעבן דאָס יידישע לשון. נאָך איינער האָט צו־געגעבן: די רעגירונג שטיצט מיט אַ פולער האַנט אונדזער קולטור־אַרבעט און דאָס איז אַ וויכטיקער בייטראַג צו אַ יידישער צוקונפט.

איך וויל באַמערקן: זיכער זיינען די פירערס פון קולטור־פאַרבאַנד ניט אין גאַנצן פריי פון אומרו און פון צווייפל. זיי באַאומרואיקט די פראַגע, וואָס עס שטעלט דער פּאָעט דוד ספאַרד, וועלכער איז דער וויצע־פּרעזידענט פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד, אין זיין פּאָעמע: „אַז איך וועל פאַרלאָזן די ערד דאָ".

ער וויל וויסן:

„ווער וועט צו להכעיס די מערדער
פון דורות די ליידן און פריידן
אין יידישן לשון באַשיידן"

ער וויל אויך וויסן:

„אַז איך וועל אַוועקגיין פון דאַנען —
ווער וועט די העלדן דערמאָנען,
ווער וועט די גריבער פאַרשיטן,
די הייליקע קברים פאַרהיטן —"

**און אויך:**

„און ווער וועט די גאָלדענע קייט ווייטער שמידן
פון גרויסע יום־טובדיקע ייִדן,
וואָס מיט נשמות צעפּלאַקערטע שפּאַנען —
אַז איך וועל אַוועקגיין פון דאַנען?

**דאָס זיינען דאָך פראַגעס וואָס באַאומרואיקן אויך אונדז דאָ אין אַמעריקע.**

**איך האָב דעם פּרעזידיום געשטעלט אַ צווייטע פראַגע: צי עס זיינען פאַראַן צווישן דער פירערשאַפט פון פאַרבאַנד „בייטראַליסטן", אַזעלכע וואָס טוען ייִדישע קולטור־אַרבעט היינט און זיי אינטערעסירט ניט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. איז דאָך, זאָג איך, אין אַמאָליקן „בונד" אַ גאַר קורצע צייט געווען אַזאַ ריכטונג. איז זי אויך פאַראַן ביי אייך?**

**אויף דעם איז געקומען דער ענטפער:**

**— ביי אונדז איז דער מין ניט פאַראַן. מיר זיינען אַלע פאַראינטערעסירט אין דעם מאָרגן פון דער ייִדישער קולטור, אין דעם אַז דער ייִדישער מאָרגן אין פּוילן זאָל זיין שעפעריש.**

**מען האָט נאָך צוגעגעבן:**

**— מיר זיינען טאַקע דאָ אין לאַנד קליין אין צאָל, קוואַנטיטאַטיוו שוואַך, אָבער דאָס שליסט ניט אויס מיר זאָלן מיט דער צייט ווערן שטאַרק קוואַ־ליטאַטיוו. מיר האָפן אויף דעם.**

**אויף די אַנדערע פראַגעס מיינע, וואָס האָבן צו טאָן מיט פאַרשיידענע אַספּעקטן פון ייִדישן לעבן אין פּוילן, וועל איך מיר אָפּשטעלן אין אַ וויי־טערדיקן קאַפּיטל.**

## ווער זיינען די טאָן־געבערס פון ייִדישן לעבן אין פּוילן?

**ווען איך בין געווען אין 1962 אויף אַ באַזוך אין רוסלאַנד, האָבן ייִדן מיר דערציילט, אַז אייגנטלעך האָט דאָרטן די ייִדישע שול זיך אַליין אויפגעלייזט. עלטערן האָבן פאַרלאָרן דעם אינטערעס אין איר, ווייל זי האָט די שילערס אירע ניט געגעבן קיין שום ייִדישע ווערטן. איז די צאָל שילערס אין דער ייִדישער שול מיט יעדער יאָר געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. האָט די מאַכט געהאַט אַ גוטן תירוץ, אויב זי האָט געדאַרפט אַ תירוץ, זי צו ליקווידירן: ייִדישע עלטערן ווילן ניט קיין ייִדישע שול.**

**האָב איך דעריבער אויף מיין באַגעגעניש מיט דעם פּרעזידיום פון ייִדישן קולטור־פאַרבאַנד, געפרעגט, צי די ייִדישע שול טיילט זיך אויס**

פון דער אַלגעמיינער פוילישער שול בלויז מיט דעם וואָס מען לערנט אין איר אויך יידיש? אָדער זי גיט אויך אַ גוטע יידישע דערציאונג און באַמיט זיך צו שאַפן ביי אירע תלמידים אַ וואַרעמען צובונד צום אייגענעם פאָלק? אויב ניט, האָב איך געזאָגט, וועלן דאָך אויך אין פוילן יידישע עלטערן פאַרלירן יעדער אינטערעס פאַר אַן אייגענער יידישער שול און זי וועט זיך צעפאַלן פון זיך אַליין. ווען איך האָב געשטעלט די פראַגע, האָב איך באַמערקט, אַז אַלע אָנוועזנדיקע מיטגלידער פון פרעזידיום ווערן אומגעדולדיק, און פון עטלעכע מיט אַ מאָל איז געקומען די קאַטעגאָרישע באַהויפּטונג, אַז אין פוילן איז די יידישע שול רייך מיט יידישן אינהאַלט. מען לערנט מיט די קינדער די יידישע געשיכטע פון אַלע צייטן און מען באַקענט זיי מיט דער יידישער ליטעראַטור וואָס ווערט געשאַפן אין דער גאַרער יידישער וועלט.

ישראל פעלהענדלער, דער אָנפירער מיטן יידישן שול־וועזן אין פוילן, האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ער האָט אין זיין טעקע אַ ריי קאָמפּאָזיציעס פון תלמידים, וואָס זאָגן עדות אויף זייער צובונד צום יידישן פאָלק און זייער אינטערעס פאַרן יידישן לעבן. אויב איך וויל קען ער זיי מיר פאָרלייענען, נאָר די קאָמפּאָזיציעס וועלן זיין געדרוקט אין דעם ספּעציעלן נומער פון „די יידישע שריפטן" וואָס גייט אַרויס צום 20סטן יאָרטאָג פון פוילנס באַ־פרייאונג.

— איר דאַרפט זיי טאַקע אָפּדרוקן, שוין צייט. פאַרנאַכלעסיקט דאָס ניט מער, טוט אַ זאָג מיכל מירסקי צו ישראל פעלהענדלער.

איך האָב, צום באַדויערן, ווייל עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט זיי צו לייענען, די קאָמפּאָזיציעס ניט געפונען געדרוקט ניט אין דעם ספּעציעלן נומער פון „די יידישע שריפטן", ניט אין די ווייטערדיקע נומערן ביז היינט־צו־טאָג.

איך האָב אָבער געפונען אין אַ באַריכט, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער וואַרשעווער צייטונג „פאָלקס־שטימע" וועגן די אַרויסלאָז־עקזאַמענס אין דער לאָדזשער פרץ־שול אין 1964, אַז די שילערס האָבן געשריבן „קאָמפּאָ־זיציעס" וועגן פרצן, שלום עליכמען. אויף איין קאָמפּאָזיציע וועגן פרצן האָט די לערערין באַצייכנט: „רייך אין אינהאַלט, גוט באַנומען די טעמע, לאָגיש. עס פילט זיך פיעטעט צו פרצן". איין שילער האָט געשריבן אויף דער טעמע: „מאָטיוון פון אַ נייעם לעבן אין פאָלקס־פוילן אין דער פּאָעזיע פון דוד ספאַרד, משה שקליאַר און קלמן סעגאַל" און ס'ווערט געזאָגט אַז דער שרייבער פון דער קאָמפּאָזיציע „רעדט מיט אַ סך געפיל און וואַרעמקייט וועגן אונדזער נאָך־מלחמהדיקער יידישער ליטעראַטור". הייסט עס, פיעטעט און וואַרעמ־קייט צו די שאַפונגען פון דער ליטעראַטור, אָבער ניט מער.

האָב איך באַשלאָסן אַז איך וועל אַריינקוקן אין די יידישע לערנביכער, וואָס ווערן געניצט אין דער שול. דאָס פּנים פון דער שול שאַפן דער לערער און די לערנביכער. זיי דערציילן גאַר אַ סך וועגן דער דערציאונג — אין

דעם פאַל דער ייִדישער — וואָס די שול גיט. האָב איך געבלעטערט די לערנביכער און געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז לויט זיי הייבט זיך אָן די אמתע ייִדישע געשיכטע מיט מענדעלע מוכר ספרים. וואָס שייך דער ייִדישער ליטעראַטור באַגרענעצט זי זיך דער עיקר מיט מענדעלע, י. ל. פּרץ, שלום עליכם, אַברהם רייזען, שלום אַש, די פּראָלעטאַרישע אַמעריקאַנער דיכטערס ווי ראָזענפעלד, באָווּשאָווער און אַ טייל שרייבערס פון סאָוועט־רוס־לאַנד ווי פּרץ מאַרקיש, איציק פעפער, לייב קוויטקאָ. אין דער שול בלייבט די ייִדישע ליטעראַטור שטיין ביי די פּוילישע ייִדישע פּאָעטן דוד ספאַרד, משה שקליאַר און קלמן סעגאַל. איר געפינט ניט אין די לערנביכער קיין אָנדייט אויף די וויכטיקסטע ווערק פון שלום עליכם, לאָמיר זאָגן, זיין „טביה דער מילכיקער"; איר געפינט אויך ניט אין זיי פּרצס „דריי מתנות", „די גאָלדענע קייט". אין אַלגעמיין ווערן אין די לערנביכער געבראַכט נאָר פּיצלעך און ברעקלעך פון די אויסגערעכנטע שרייבערס. איר געפינט ניט אין די לערנביכער קיין שום מאַטעריאַל, וואָס זאָל שאַפן ליבע צום פאָלק ישראל, וואָס זאָל דערציילן וועגן ייִדן אין אַנדערע לענדער אַפילו ניט אין סאָוועט־רוסלאַנד. זאָל אויך פאַרצייכנט ווערן אַז די לימודים־שפּראַך אין דער שול איז פּויליש. די סביבה, אין וועלכער דאָס קינד לעבט און פאַרברענגט, איז, ביי דער קליינער צאָל ייִדן, אַ פּוילישע. פּויליש איז די שפּראַך פון שטוב און גאַס. די עלטערן פון גאָר אַ סך קינדער קומען פון רוסלאַנד און די שטוביקע שפּראַך איז רוסיש. קלאָר וואָסערע שוועריקייטן עס באַגעגנט דער לערער פון ייִדיש. באַזונדער ווען די לימודים־שפּראַך אין דער ייִדישער שול איז פּויליש. ייִדיש און ייִדישע ליטעראַטור ווערט געלערנט פיר שעה אַ וואָך. ייִדישע געשיכטע לערנט מען אין פּויליש איין שעה אַ וואָך. אין אַלע אַנדערע פּרטים איז די ייִדישע שול ניט אַנדערש ווי די אַלגעמיינע פּוילישע שול.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן מיט אַ פּאָר תלמידים וואָס האָבן אין זומער פון 1964 פאַרענדיקט אַ ייִדישן ליציי (גימנאַזיע, אָדער מיטלשול). זיי האָבן מיך גוט פאַרשטאַנען, ווען איך האָב צו זיי גערעדט ייִדיש. זיי אַליין איז אָבער גאָרניט געווען גרינג זיך אויסצודריקן אין ייִדיש. זיי האָבן אַרויסגעוויזן קנאַפּע קענטענישן אין דער ייִדישער ליטעראַטור און נאָך ווייניקער אין ייִדישער געשיכטע. וועגן די ייִדן אין אַמעריקע ווייסן זיי נאָר איין זאַך, אַז זיי זיינען רייך. וועגן מדינת ישראל האָבן זיי אַ נעפּל־האַפטן באַגריף. זיי איז אַבסאָלוט ניט באַקאַנט די ייִדישע ליטעראַטור וואָס איז אויפגעקומען אין אַמעריקע. מ. ל. האַלפּערין, ה. לייוויק, למשל, זיינען פאַר זיי פּוסטע קלאַנגען. ווען איך האָב גערעדט מיט זייערע לערערס וועגן דעם, איז דער תירוץ געווען אַז די ווערק פון די היינטצייטיקע אַמעריקאַנער ייִדישע פּאָעטן און נאָוועליסטן קען מען ניט קריגן אין פּוילן. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן אַז דאָס ביסל וויסן, וואָס די תלמידים האָבן געהאַט וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור, האָבן זיי געקראָגן ניט אַזוי אין קלאַס פון דער

שול, נאָר אין קרייז פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור ביי דער שול. דער קרייז איז אַ פּריוואַטיקער. ניט יעדער תּלמיד מוז צו אים באַלאַנגען. איך האָב אָבער געפֿילט אַז די לערערס טוען אַלץ אַז וואָס מער תּלמידים זאָלן אָן דעם קרייז זיך אָנשליסן און אַז זייער ייִדיש־וויסן זאָל פֿאַרברייטערט און פֿאַרטיפֿט ווערן.

די גרויסע מעלה פֿון דער ייִדישער שול איז וואָס דאָס קינד געפֿינט זיך אין אַ ייִדישער סביבה. אין פּוילן איז דאָס ביז גאָר וויכטיק, ווייל, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, באַגעגנט דאָס ייִדישע קינד גאַנץ אָפֿט אין דער פּוילישער שול אַ פֿיינדלעכע באַציאונג צו זיך. אַט דער פֿאַקט וועט אַ סך מיטהעלפֿן אַז די ייִדישע שול זאָל זיך האַלטן.

אַ פֿראַגע וואָס האָט מיך אינטערעסירט בעת מיין צונויפֿטרעף מיט דעם פּרעזידיום פֿון פֿאַרבאַנד איז געווען וואָס איז זיין באַציאונג צו דער ייִדישער רעליגיע, צי ער פֿירט אַן אַטעאיסטישע פּראָפּאַגאַנדע און צי עס איז אמת, אַז דער פֿאַרבאַנד, אָדער ווי די ייִדן אין שול האָבן זיך אויסגע־דריקט, נאָוואָגרודסקי 5, באַשטימט די פֿירערשאַפֿט פֿון די רעליגיעזע קאָנ־גרעגאַציעס.

אויף דעם איז געקומען אַן ענטפֿער, אַז דער פֿאַרבאַנד איז אַן אויסגע־שפּראָכענע וועלטלעכע אָרגאַניזאַציע. רעליגיע איז פֿאַר אים אַ פּריוואַט־זאַך. ער פֿירט ניט קעגן איר קיין קאַמף. צווישן די מיטגלידער פֿון פֿאַרבאַנד געפֿינען זיך אויך רעליגיעז געשטימטע, אָבער דאָס איז זייער פּריוואַטער ענין, ווי לאַנג זיי זיינען איינפֿאַרשטאַנען מיט דער אַלגעמיינער טעטיקייט און צילן פֿון פֿאַרבאַנד. דער פֿאַרבאַנד זאָרגט זיך פֿריער פֿון אַלץ וועגן די קולטור־נויטן פֿון די מיטגלידער און זוכט אויפֿצוהאַלטן און צו אַנטוויקלען די ייִדיש־וועלטלעכע קולטור אין פּוילן. פֿאַר די רעליגיעזע נויטן פֿון די פֿרומע ייִדן זיינען פֿאַראַן ספּעציעלע קאָנגרעגאַציעס אָנערקענט פֿון דער רעגירונג. די פּוילישע קאָנסטיטוציע גאַראַנטירט געוויסנספֿרייהייט און טאָ־לעראַנץ פֿאַר גלייביקע און פֿרייזיניקע. די פֿרומע ייִדן האָבן זייערע קאָנ־גרעגאַציעס, בתּי־מדרשים, כּשרע יאַטקעס, רבנים, שוחטים, אַלץ אין וואָס זיי נייטיקן זיך. איי, זיי האָבן טענות קעגן זייער פֿירערשאַפֿט, אַז עס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אַזעלכע וואָס זיינען באמת גאָרניט פֿרום, נאָר זיי זוכן גיכער פּרנסה פֿאַר זיך, איז דער פֿאַרבאַנד אין דעם ניט שולדיק. שולדיק זיינען די פֿרומע ייִדן אַליין. לויט די סטאַטוטן דאַרפֿן פֿון צייט צו צייט פֿאָרקומען וואַלן אין די פֿאַרוואַלטונגען פֿון די קאָנגרעגאַציעס. קען מען יעמאָלט דערוויילן אַ נייע פֿירערשאַפֿט. ווען איך האָב שפּעטער דעם ענטפֿער איבערגעגעבן אין אַ געשפּרעך מיט פֿרומע ייִדן — האָבן זיי זיך צעשמייכלט און באַשטאַנען אויף דעם, אַז נאָוואָגרודסקי 5 באַשטימט די רעליגיעזע פֿי־רערשאַפֿט. זיי האָבן אַפֿילו אָנגערופֿן דעם געוועזענעם בונדיסט און איצטיקן קאָמוניסט סאַלאָ פֿישגרונד, ווי דעם קאָמיסאַר פֿון פֿאַרבאַנד אין ייִדישע רעליגיעזע קערפּערשאַפֿטן.

אגב, האָט איינער פון די אַנוועזנדיקע אויף דער זיצונג געמאַכט אַזאַ באַמערקונג: דער פאַרבאַנד איז פאַראינטערעסירט אין אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין ייִדישן לעבן אין פּוילן. ער קען דעריבער ניט זיין גלייכגילטיק צו יעדער געשעעניש, וואָס רופט זיך אָפּ דירעקט אָדער אומדירעקט אויף דער טעטיקייט פון פאַרבאַנד.

אין לויף פון געשפּרעך האָט מען מיר דערציילט אַז דער פאַרבאַנד זאָרגט זיך אין אַ געוויסער מאָס אויך פאַר די עקאָנאָמישע און מאַטעריעלע נויטן פון דעם ייִדן. דעריבער איז ער דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַ ריי אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון. ער העלפט אויך קראַנקע, נויט־באַדערפטיקע און אַלטע לייט. האָב איך דערציילט אַז איך האָב באַזוכט דעם וואַרשעווער ייִדישן מושב־זקנים וואָס דער פאַרבאַנד האָט די אויפזיכט איבער אים. דאָרטן האָבן די איינוואוינערס זיך פאַר מיר געקלאָגט אַז דאָס עסן איז ניט כשר, און איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס דאַרף מען ווי טאָן די רעליגיעזע געפילן פון די אַלטע לייט? האָט מען מיך אָנגעקוקט ווי איינער זאָגט: זעט וועגן וואָס דער ייִד איז באַאומרואיקט און מיר געענטפערט: עס איז ניט אונדזער אויפגאַבע זיך צו זאָרגן וועגן אַזעלכע זאַכן.

איך ווייס ניט ווי אַזוי, נאָר עס איז געקומען צו רייד וועגן דעם דענקמאָל וואָס מען האָט אַ קורצע צייט פאַר מיין קומען קיין פּוילן אַוועקגעשטעלט אין טרעבלינקע, און מען האָט גענומען דערציילן אַז די פּוילישע רעגירונג האָט אַ סך מיטגעהאָלפן אין דעם.

באַמערק איך: דער אַמעריקאַנער דזשאָינט האָט דאָך אויך צוגעטראָגן צו דעם דענקמאָל. איר קריגט דאָך שטיצע פון דזשאָינט אויך פאַר אַנדערע צוועקן. ווייסט איר אַז דער דזשאָינט ווערט אויך פינאַנסירט פון די שילומים־געלטער? וויבאַלד אַזוי ווי קומט עס אַז איר נעמט געלט ביים דזשאָינט? מיר איז אויסגעקומען צו לייענען אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" אַ ציטאַט פון אַן אַרטיקל פון הערש סמאָליער, וואָס איז געווען געדרוקט אין אייער „פאָלקס־שטימע" (הערש סמאָליער איז דער טעאָרעטיקער און טאָן־געבער פון פאַרבאַנד. אין צייט פון מיין באַזוך אין פּוילן איז ער ניט געווען אין לאַנד). אין דעם אַרטיקל האָט הערש סמאָליאַר געשריבן:

„מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט וואַרפט אָבער אָפּ די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן וועלכן עס איז בייטראָג און אין פאַראַ ס'איז ניט פאָרעם מיטלען וואָס שטאַמען פון היטלעריסטישע אָדער נעאָ־נאַצישע קוואַלן. די אַזוי גערופענע שילומים, די „ווידערגוטמאַכונג" דינט די רעוואַנשיסטן פון באָן אַלס לא יצלח געלט פאַר די פּאָליטיקער פון דער ייִדישער רעאַקציע. די דאָזיקע פּאָליטיקער פאַרשוויגן דעריבער די מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די היינטיקע באָנער הערשערס פאַר דער אויסראָטונג פון זעקס מיליאָן ייִדן". (די ציטאַט האָט געבראַכט י. שמולעוויטש אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען).

— האָט סמאָליאַר דאָס געשריבן? — פרעג איך?

— יע, קומט אָן ענטפער פון אַלע זייטן.

— אויב אַזוי, לאָז איך ניט אָפּ, ווי קומט עס וואָס איר האָט גענומען געלט ביים „דזשאָינט" פאַר דעם דענקמאָל אין טרעבלינקע און אויך פאַר אַנדערע צוועקן אייערע?

— מיר דאַרפן ניט, קומט אָן ענטפער, פרעגן ביים „דזשאָינט", וואו ער נעמט זיין געלט. מיר האָבן אַלע מאָל געהאַלטן אַז פון דער ייִדישער בורזשואַזיע מעג מען נעמען געלט, באַזונדער ווען עס גייט פאַר אַרבעטער־צוועקן.

— גוט, זאָג איך, האָט איר פאַרקוקט אָדער פאַרזען דעם פאַרשפּרעכן וואָס איר האָט זיך אַליין געגעבן ניט צו נעמען פון די שילומים־געלטער „אין וואָס פאַראַ ס'איז ניט פאָרעם", אָבער, זיינען דען די מזרח־דייטשן אויך ניט מיטפאַראַנטוואָרטלעך אין דער אויסראָטונג פון זעקס מיליאָן ייִדן? אויך די מזרח־דייטשן זיינען דאָך געווען נאַציס און מיטגעהאָלפן היטלערן אין די מאָרדן. האַלט איר אַז אין מזרח־דייטשלאַנד האָבן זיך צונויפגענומען אַלע מלאכים, אַלע אַנטי־נאַציס, און אַלע געוועזענע און איצטיקע נאַציס זיינען אַוועק קיין מערב־דייטשלאַנד?

אָט די פראַגע מיינע רופט אַרויס אַ פאַרלאָרנקייט אויף אַ קורצער ווייל. גאָר גיך הער איך אויסרופן:

— די מזרח־דייטשן זיינען אונדזערע חברים, חברים אין קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם און אימפּעריאַליזם, פאַר אַ סאָציאַליסטישער וועלט.

— די מזרח־דייטשן האָבן זיך אויסגעקויפט פון זייערע אַמאָליקע זינד וואָס זיי זיינען באַגאַנגען, אין אַ גרויסער מאָס צוליב דעם וואָס זיי האָט פאַרטומלט די נאַציסטישע פּראָפּאַגאַנדע, מיט דעם וואָס זיי לעבן אין אַ קאָמוניסטיש לאַנד. די וואָס זיינען געווען אין דער היטלעריסטישער פירערשאַפט אָדער זיינען פאַרבליבן איינגעשפּאַרטע נאַציס, זיינען אַנטלאָפן קיין מערב־דייטשלאַנד.

— דער מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליזם האָט געבוירן דעם נאַציזם. אין מזרח־דייטשלאַנד קען קיין נאַציזם ניט אויפקומען, ווייל דאָרטן איז אָפּגעשאַפט דער קאַפּיטאַליזם.

אָט די ענטפערס זיינען מיר ניט געווען ניי. איך האָב זיי געהערט גאַנץ אָפט אויף מיינע רייזעס איבער די קאָמוניסטישע לענדער. ס'איז שוין אַוועק 20 יאָר נאָך דער מלחמה. אָבער אין פּוילן און טשעכאָסלאָוואַקיע, באַזונדער, לעבט נאָך אַלץ די מורא אַז דער דייטש זאָל ווידער ניט אָנהייבן אַ מלחמה. פירט מען דאָרטן אַ שטענדיקע אַגיטאַציע קעגן מערב־דייטשלאַנד, זוכט מען צו פאַרשוואַרצן די באָנער רעגירונג. אַלע וואָס זיצן אין איר, אַריינגערעכנט דעם קאַנצלער עהרהאַרד, זיינען אַמאָליקע נאַציס. אָט אַזוי האָפט מען, וועט מען אויסמיידן דייטשלאַנד זאָל ווידער ניט אָנצינדן אַ פייער.

# דער ייִדישער קולטור־פֿאַרבאַנד
# און די רעליגיעזע קהילות אין פּוילן

**בעת** מיין באַגעגעניש מיט דעם פּרעזידיום פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פֿאַרבאַנד, האָב איך אויך געפרעגט ווי גרויס עס איז די מיטגלידערשאַפט פון פֿאַרבאַנד און ווי ווייט גרייכט זיין ווירקונג.

דער ענטפער איז געווען, אַז דער פֿאַרבאַנד פֿאַרמאָגט אַכט טויזנט צאָלנדיקע מיטגלידער און האָט 28 אָפּטיילונגען איבערן לאַנד. אין די אַלע שטעט פירט ער אָן מיט פֿאָלקס־קלובן. ער איז אין קאָנטאַקט מיט ייִדן אין יעדער שטאָט און שטעטל, וואו זיי געפינען זיך נאָר. ער אָרגאַניזירט אַפילו אַ קלוב אין אַ שטאָט, אָדער שטעטל, וואו עס וואוינען ניט מער ווי צוואַנציק ייִדישע פֿאַמיליעס. ער האָט איבערן לאַנד 25 קינדער־און יוגנט־קלובן; אין די יוגנט־קלובן אַליין זיינען אָנגעשלאָסן 1500 מיטגלידער. יעדער זומער פֿאַרברענגען אין זייערע קינדער־קאָלאָניעס, אָדער ווי מען רופט עס אין אַמעריקע קעמפּס, דריי טויזנט קינדער.

ייִדישע שולן זיינען פֿאַראַן אין זעקס שטעט: אין וואָראָצלאַוו, די אַמאָ־ליקע ברעסלוי, לעגניץ, וואַלבזשיך, דזשערזשאָניואוו און אין לאָדזש און שטעטשין (די ערשטע פיר זיינען די שטעט אין נידער־שלעזיע, וואו מען האָט דער עיקר באַזעצט די ייִדן וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין פּוילן פון רוסלאַנד. נידער־שלעזיע איז ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַ טייל פון דייטשלאַנד. ייִדן דאַרפן עס העלפן פּאָלאָניזירן אָט די פּראָווינץ. אין פֿאַל עס זאָל חלילה אויסברעכן אַמאָל אַ מלחמה — היינטיקע צייטן פירט מען דאָך דערוויל לאָקאַלע מלחמות — וועלן ייִדן זיין די ערשטע אין פייער). אין דריי שטעט — וואָראָצלאַוו, לאָדזש און לעגניץ — זיינען אויך פֿאַראַן ייִדישע מיטלשולן, אָדער ליציייען. אין אַלע ייִדישע שולן צוזאַמען לערנען 1600 שילערס.

די „פֿאָלקס־שטימע", אַ צייטונג וואָס גייט אַרויס פיר מאָל אַ וואָך און איז דער אָרגאַן פון פֿאַרבאַנד, האָט זעקס טויזנט אַבאָנענטן. דער פֿאַר־לאַג „ייִדיש־בוך" האָט 2,500 יערלעכע אַבאָנענטן. אַן אַבאָנענט צאָלט נאָר 50 פּראָצענט פון דעם קאָסט פון בוך. די ייִדישע קאָאָפּעראַטיוון טראָגן צו צום פֿאַרלאַג און די אַנדערע טעטיקייטן פון פֿאַרבאַנד 20 פּראָצענט פון די ריינע פֿאַרדינסטן. דעם דעפיציט, אויב ער איז פֿאַראַן, דעקט די רע־גירונג. דאָס זיינען די אָפיציעלע ציפערן.

לאָמיר איצט זען ווי גרויס עס איז די מיטגלידערשאַפט פון די רעלי־גיעזע קהילות און וואָס עס באַשטייט זייער טעטיקייט. דאָ גיב איך ווידער איבער אָפיציעלע ציפערן און פאַקטן ווי איך האָב זיי געקראָגן פון יצחק פרענקעל, דער פּרעזידענט פון דעם ועד הקהילות אין פּוילן. אָן אַלע קהילות זיינען אָנגעשלאָסן זיבן טויזנט מיטגלידער. ימים־נוראים קומען דאַוונען אין שול: אין לאָדזש — 800 ייִדן; אין וואָראָצלאַוו — 3,000; אין

וואַרשע — 500; אין קראָקע — 400. די רעגירונג גיט אַרויס פאַר די ייִדן יעדער יאָר אַ לוח. לויט דעם לוח פון 1963־1964 זיינען געווען אין גאַנץ פוילן צוואַנציק רעליגיעזע קהילות. יצחק פרענקעל האָט מיר אָנגע־צייכנט אויף דעם לוח אין וועלכע שטעט עס געפינען זיך חדרים, אָדער תלמוד־תורות. ווייזט זיך אַרויס אַז חדרים זיינען פאַראַן בלויז אין זיבן שטעט. עס איז שווער צו קריגן פאַר זיי תלמידים. פריוואַט האָט מען מיר דערציילט אַז ביי דעם איינציקן בית־מדרש אין וואַרשע איז פאַראַן אַ חדר מיט איין תלמיד, דער ייִנגל פון דעם קברן. די רעגירונג דעקט דעם געהאַלט פון די מלמדים אין די חדרים. מע פראַוועט אַלץ וויינ־יקער און וויניקער בר־מצוות. מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט" האָבן די קהילות אין פאַרשיידענע שטעט פון פוילן כשרע קיכן. יעדער טאָג עסן אין זיי אומגעפער פופצן הונדערט מענטשן. אין פוילן זיינען פאַראַן צוויי מצה־בע־קערייען.

די אָפיציעלע ציפערן וואָס שייך דער מיטגלידערשאַפט זיינען זייער אָפּטימיסטיש. לויט זיי קומט אויס, אַז פופצן טויזנט פון אַ ייִדישער באַ־פעלקערונג פון פינף־און צוואַנציק טויזנט — אין דער צאָל גייען דאָך אויך אַריין קינדער און יוגנטלעכע — זיינען פאַרבונדן מיטן אָרגאַניזירטן ייִדישן לעבן. אויפן גרונט פון ניט אָפיציעלער, אָבער מער פאַרטרויענער אינ־פאָרמאַציע, האָט דער פאַרבאַנד זיבן טויזנט מיטגלידער, די „פאָלקס־שטימע" פינף טויזנט אַבאָנענטן און אָן די רעליגיעזע קהילות זיינען אָנגעשלאָסן צוויי טויזנט מיטגלידער. ביז גאָר איבערטריבן איז די צאָל דאַוונערס אין די בתי־מדרשים אין די פּראַקטישע טעג. גלייביקע ייִדן האָבן מיר געזאָגט אַז, ווען אַ סך, קומען אין די טעג דאַוונען אין וואַרשע ניט מער ווי הונ־דערט ייִדן. צו יזכור קומען אַ פּאָר הונדערט. אַ סך קלענער איז אויך די אָנגעגעבענע צאָל דאַוונערס אין די אַנדערע שטעט.

דאָס רעליגיעזע ייִדישע לעבן אין פוילן, איז אָרעמער ווי אין די אַנדערע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס". אין פוילן זיינען ניטאָ צווישן די רעלי־גיעזע פירערס פערזענלעכקייטן וואָס רופן צו זיך אַרויס גרויס אָנזען. אַ רב איז פאַראַן נאָר אין לאָדזש און ווראָצלאַוו. עס איז געווען אַ רב אין וואַרשע, אַ מענטש אין גאָר טיפן עלטער, איז ער געשטאָרבן. די בתי־מדרשים אין גרעסטן טייל פון לאַנד האָבן די דייטשן פאַרברענט. שולן זיינען פאַרבליבן אין לאָדזש, וואַרשע, קראָקע און ווראָצלאַוו און אפשר אין נאָך אַ פּאָר שטעט. פאַר אַ ייִדישן רעליגיעזן לעבנס־שטייגער דאַרפן זיין רבנים, חזנים, שוחטים, מוהלים. עס דאַרף זיין ווער עס זאָל ניט נאָר פסקנען שאלות, נאָר ווער עס זאָל, דער עולם זאָל ניט פאַרגרעבט ווערן, לערנען מיט ייִדן אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות. עס דאַרפן זיין מלמדים פאַר די קינדער.

די ייִדן אין פוילן האָבן כמעט ניט קיין כלי־קודש. אין וואַרשע איז ניטאָ קיין שוחט. די עטלעכע שוחטים וואָס זיינען פאַרבליבן דאַרפן פאָרן

ווייטע שטרעקעס כדי ייִדן זאָלן קענען עסן כשרע פֿלייש. עס זיינען ניטאָ קיין ישיבות ניט נאָר אויף צוצוגרייטן רבנים, נאָר אַפֿילו די אַנדערע כלי־קודש. דערציילט מיר יצחק פֿרענקעל אַז אַ ברוקלינער רב (זיין נאָמען איז מיר באַקאַנט) איז געווען אַ פּאָר מאָל אין פּוילן און האָט מל געווען צוויי הונדערט ייִנגלעך, באַזונדער אַזעלכע וואָס זיינען געקומען פֿון רוס־לאַנד. דעריבער, אַזוי האַלט פֿרענקעל, קוקט די רעגירונג קרום אויף זיין ווייטערדיקן קומען קיין פּוילן, און שטעלט אים שוועריקייטן. דאָס לעצטע מאָל איז ער געווען אין פּוילן אויף אַ טראַנזיט־וויזע אויפֿן וועג צוריק פֿון אַן אַנדער קאָמוניסטיש לאַנד.

אין פּוילן קומען אויך ניט פֿאָר, ווי אין אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, געזעלשאַפֿטלעכע פֿייערונגען פֿון ייִדישע יום־טובים.

דאָס ערגסטע, די פֿרומע ייִדן האָבן ניט קיין צוטרוי צו די וואָס פֿירן אָן מיט די רעליגיעזע קהילות. דער קהילה־פֿירער איז פֿאַר זיי עפּעס אַ זייטיקער, ווי ער וואָלט גאָרניט געווען קיין אייגענער.

אַ סך רבנים זיינען קורץ נאָך דער מלחמה אַוועק קיין ישׂראל. מיט דעם דערקלערט מען דעם מאַנגל אין רעליגיעזע פֿירערס ביי ייִדן אין פּוילן. די טענדענץ צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד איז זייער שטאַרק ביי אַלע ייִדן אין פּוילן. עס האָבן עמיגרירט קיין ישׂראל אויך קאָמוניסטן, וואָס זיינען פֿריער געווען ביז גאָר טעטיק אין פֿאַרבאַנד. אין ישׂראל געפֿינען זיך איצט די דיכטער לייב אָליצקי, בונים העלער, הדסה רובין, דער נאָוועליסט יצחק טורקאָוו־גרודבערג, די וויסנשאַפֿטלערס, ד״ר נ. בלומענטאַל, ד״ר י. קערמיש און א. קופּער.

אָבער דער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַרבאַנד האָט נאָך ביז איצט אין זיינע רייען וויכטיקע פּערזענלעכקייטן וואָס זיינען פֿעאיק צו באַרייכערן דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן. דאָרטן לעבן און שאַפֿן היינט־צו־טאָג 16 ייִדישע נאָוועליסטן, פּאָעטן און ליטעראַטור־קריטיקערס. אַחוץ דעם ווירקן ייִדישע זשורנאַליסטן, קינסטלערס, מוזיקערס, געלערנטע אויף פֿאַרשיידענע געביטן. אַרום און אַרום קען מען זאָגן, אַז פֿופֿציק אינטעלעקטואַלן, אויסער די לערערס און אַקטיאָרן, זיינען אויף דעם אָדער אַנדער אופֿן פֿאַרבונדן מיט די טעטיקייטן פֿון קולטור־פֿאַרבאַנד. אַ ווירקנדיקער כוח וואָס העלפֿט פֿאָרמירן און באַווירקן דאָס לעבן זיינען די אינסטיטוציעס פֿון פֿאַרבאַנד: די צייטונג, דער מאָנאַטלעכער זשורנאַל, דער ביכער־פֿאַרלאַג, דאָס טעאַטער, די שולן, זומער־קעמפּס, די פֿאָלקס־קלובן מיט זייערע כאָרן, דראַמאַטישע און פֿאַרשיידענע קונסט־גרופּעס און די אַרבעט־קאָאָפּעראַטיוון. דער פֿאַרבאַנד שיקט אָפֿט אַרויס לעקטאָרן איבערן לאַנד, ער האָט די מיגלעכקייט צו רופֿן עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונגען (די פּריווילעגיע האָבן אין פּוילן בלויז קאָמוניס־טישע אינסטיטוציעס, סאַנקציאָנירט פֿון דער רעגירונג).

דער גרעסטער כוח פֿון פֿאַרבאַנד באַשטייט אין דעם וואָס די רעגירונג גיט אים צו אַ סך פּרעסטיזש. זי שטיצט אים ניט נאָר מאָראַליש, ניט נאָר

מיט דעם וואָס זי קוקט גינסטיק אויף זיינע טעטיקייטן, נאָר אין אַ גאָר גרויסער מאָס אויך פינאַנציעל. זי דעקט ניט נאָר זיינע דעפיציטן, נאָר באַגינסטיקט אים גאַנץ אָפט. אין פּוילן איז אַ גרויסער מאַנגל אין פּאַפּיר. די רעגירונג ניצט דאָס אָפט אויס קעגן שרייבערס וואָס דערלויבן זיך אַ געוויסע מאָס קריטיק. מען זאָגט זיך אָפּ דרוקן זייערע ווערק מיט דעם אויסרייד, אַז עס איז ניטאָ קיין פּאַפּיר. ביים קריגן פּאַפּיר ווערט די פּרעסע איינגעטיילט לויט דעם פאַרצוג און קוואַליטעט אין דריי קאַטעגאָריעס. די „יידישע שריפטן" די מאַנאַטלעכע אויסגאַבע פון פאַרבאַנד, באַלאַנגט צו דער ערשטער קאַטעגאָריע; „די פאָלקס־שטימע" צו דער צווייטער. אַ יידי־שער זשורנאַליסט קריגט דעם זעלביקן געהאַלט ווי אַ מיטאַרבעטער פון דער גרעסטער פּוילישער צייטונג „טריבונאַ לודאָוואַ", דער הויפּט־אָרגאַן פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אייגנטלעך איז דער פאַרבאַנד אַ באַשעפעניש פון דער רעגירונג. דער פאַרבאַנד איז אויפגעקומען אין 1950 נאָך דעם ווי די רעגירונג, אין איר רייין קאָמוניסטישן באַשטאַנד האָט אויפגעלייזט דעם פריערדיקן יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען די ערשטע צייט געווען פאַר־טראָטן אַלע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס און דער ציוניסט ד"ר עמיל זאָמערשטיין, איז געווען זיין פּאָרזיצער. נאָך דעם ווי מען האָט פאַרוועדט די עקסעסטענץ פון פאַרשיידענע יידישע פּאַרטייען איז דער צענטראַל־קאָ־מיטעט אַריבער אין גאַנצן אין קאָמוניסטישע הענט, און דער קאָמוניסט הערש סמאָליאַר איז געוואָרן זיין פּאָרזיצער. מען האָט דעם קאָמיטעט פונאַנדערגעלאָזן, לויט דער דערקלערונג פון הערש סמאָליאַר, כדי צו שאַפן אין יידישן לעבן אַ מער פּאַסיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרעם אויף צו באַ־קעמפן „די צעשטערנדיקע נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן אין יידישן לעבן" (געמיינט מסתמא די ציוניסטן און די וואָס האָבן געוואָלט עמיגרירן פון פּוילן).

די אויפגאַבעס פון פאַרבאַנד — ווי זיי זיינען געקומען צום אויסדרוק אין אָפיציעלע דערקלערונגען — האָבן געדאַרפט זיין אַריינצוציען די גאַנ־צע יידישע אַרבעטערשאַפט אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף פון די פּוילישע מאַסן פאַר שלום אויף דער וועלט און אין דורכפירן דעם זעקס־יאָריקן פּלאַן (דער פּלאַן וואָס האָט געדאַרפט אַרויספירן פּוילן אויפן וועג פון סאָציאַליזם) און . . . „צו דעמאַסקירן די יידישע מלחמה־צינדערס" (אַ פראַזע פון קאָמוניסטישן זשאַרגאָן, וואָס אין דעם פאַל האָט עס זיכער אַ פּוסטן קלאַנג). דער פאַרבאַנד האָט געזאָלט דערציען די יידישע באַפעל־קערונג אין גייסט פון פּוילישן פאָלקס־פּאַטריאָטיזם און פון פּראָלעטאַרישן נאַציאָנאַליזם, און באַקעמפן יעדן אויסדרוק פון יידישן בורזשואַזן נאַציאָ־נאַליזם, ווי ציוניזם און בונדיזם. עס קלינגט ממש איראָניש און עס איז חוזק געמאַכט פון דעם רעשטל יידן אין פּוילן, וואָס האָט קוים זיך געראַ־טעוועט פון די גאַז־קאַמערן און איז באַרויבט פון אַלץ וואָס ער האָט אַמאָל

פאַרמאַגט, ווען מען רעדט, אַז מען דאַרף ביי אים באַקעמפן „בורזשואַזע טענדענצן". עס איז אויך ממש אַ געלעכטער, ווען מען מישט צונויף דעם ציוניזם מיטן בונדיזם. ווי עס זעט אויס זיינען אַזעלכע רייד, ווי שוין געזאָגט, אַן אומפאַרמיידלעכער טייל פון קאָמוניסטישן זשאַרגאָן. זיי דאַרפן אויך וויַיזן, אַז מען איז קאָמוניסטיש־פּאַטריאָטיש.

אַ צווייטער טייל פון דער פּראָגראַם פון פאַרבאַנד איז „צו אָרגאַניזירן קולטור־און דערציאיונג־טעטיקייטן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין גייסט פון דער אידעאָלאָגיע פון דער פאַראייניקטער פוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי" (דער קאָמוניסטישער).

די ערשטע אויפגאַבע פון פאַרבאַנד „קאַמף פאַר שלום" האָט מען אין די אַנדערע „פּאָלקס־דעמאָקראַטיעס", וואו עס זיינען ניטאָ קיין וועלטלעכע יידישע קערפּערשאַפטן, אָנגעוואָרפן די רעליגיעזע קהילות. זיי מוזן דאָס טאָן כדי צו וויַיזן דער מאַכט זייער געטריישאַפט צו איר און זייער פּאַ־טריאָטיזם. אַחוץ דעם, וועלכער ייִד איז דען ניט פאַר שלום? דער רעלי־גיעזער ייִד האַנדלט אין דעם פאַל אין פולן הסכם מיט זיין אייגענעם געוויסן. אַי, ער מוז נאָכרעדן די פלאַפּלעריי וועגן אַמעריקאַנער אימפּעריאַ־ליזם וואָס טרייבט די וועלט צו מלחמה, איז פאַרפאַלן. וויכטיק איז דאָך די אינערלעכע כוונה.

אין פוילן האָט דער פאַרבאַנד גענומען אויף זיך אָט די אויפגאַבע, ניט ווייל אַזוי מאָנט די רעגירונג. ער טוט דאָס מיטן פולן האַרצן, ווייל אַזוי איז די ליניע פון דעם קאָמוניזם זיך אַליין אַרויסצושטעלן פאַר דער וועלט ווי די גרעסטע קעמפערס פאַר שלום און דערווייל האַלט מען אין בוזעם אָנגעגרייט אַ מעסער כדי ביי אַ גינסטיקן מאָמענט זיך אַרויפצוואַ־וואַרפן אויף דער פרייער דעמאָקראַטישער וועלט. ער פירט דורך די אויפ־גאַבע זיינע סיסטעמאַטיש אין דער פּרעסע זיינער און אין רופן דעם ייִדן צו מאַסן־דעמאָנסטראַציעס קעגן דעם נעאָ־פאַשיזם איבער דער וועלט, באַ־זונדער אין מערב־דייטשלאַנד.

עס ליגן פאַר מיר צוויי אויפרופן פון פאַרבאַנד, איינער „צו דעם גרויסן אַמעריקאַנער פאָלק". דער אויפרוף איז אַרויסגעגעבן אין נאָמען פון „דער פייערלעכער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין וואַרשע געווידמעט דעם 22סטן יאַרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ", אויך אין נאָמען פון די פוילישע ייִדן „אין פייער און פלאַם געפּרואווטע, פון גאַז־אויוונס אַנטרונענע" און ער ווענדט זיך אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק זאָל אָפּשטעלן די מלחמה אין וויעטנאַם. דאָרטן ווערט געזאָגט: „וויעטנאַם איז פון אונדז זייער וויַיט, אָבער גאָר נאָענט איז אונדז זיין וויַיטיק און אומגליק. ווער, ווי מיר, פוילישע ייִדן קאָנען אַזוי פילן און באַנעמען, וואָס עס זיינען אַזוינס צינד־באָמבעס און גאַזן?" דער צווייטער אויפרוף וועגן וויעטנאַם — אין נאָמען פון פאַרבאַנד אַליין — איז געווענדט צו די ייִדן „פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע". אין אים ווערט געזאָגט אַז „די אַמעריקאַנער

מיליטאַריסטן ווענדן אָן גאַזן קעגן דעם פרייהייט־ליבנדיקן פאָלק פון דרום־וויעטנאַם, ברענען לעבעדיקערהייט מיט נאַפּאַלאַם־באָמבעס קינדער און זקנים, פרויען, מענער פון דער וויעטנאַמער דעמאָקראַטישער רעפּובליק" און אַז „די דאָזיקע ידיעות האָבן אין אונדזער געדעכעניש ווידער אַרויס־גערופן דאָס גרויל־בילד פון די זעקס מיליאָן פאַרגאַזטע און פאַרברענטע ייִדישע מענער און פרויען, אַלטע לייט און פּיצלעך קינדער, וועלכע זיינען אויף דעם ווילדסטן אופן אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע קאַניבאַלן".

ווי עס זעט אויס פאַרשטייען ניט די געטרייע היטערס פון דער קאָ־מוניסטישער ליניע, אַז אַזעלכע אויפרופן פאַרשוועכן דעם אָנדענק פון די הייליק אומגעקומענע ייִדן.

# דער ווילן צו לעבן ביי ייִדן אין פּוילן

**אין** פּוילן האָב איך געהערט אַזאַ מעשה:

צוויי ייִדן זיינען געשטאַנען אין גאַס און גערעדט ייִדיש. גייט פאַרביי אַ שיכורער פּאָליאַק, ער הערט ווי ייִדן רעדן ייִדיש, גלייבט ער ניט זיינע אויערן. אין גרויס פאַרוואונדערונג נעמט ער רייבן די אויגן. ער וויל וויסן אויף וועלכער וועלט ער איז. ער איז דאָך געווען זיכער, אַז ייִדן זיינען שוין מער ניטאָ אויף דער וועלט. איז ניט נאָר לעבן זיי, נאָר עס לעבט אויך ייִדיש. פאַלט ער אַריין אין כעס און נעמט נאָכמאַכן און נאָכקרימען די ייִדן ווי זיי רעדן. האָבן די ייִדן אים צוריקגעענטפערט. איז געוואָרן אַ טומל, און עס איז אָנגעקומען אַ מיליציאַנט. ער האָט אַרעסטירט דעם פּאָליאַק פאַר זיין שלעכטער אויפפירונג, און געהייסן די ייִדן זיי זאָלן מיטגיין מיט אים צום ריכטער. די ייִדן האָבן דערקלערט דעם ריכטער, אַז זיי זיינען מוחל דעם פּאָליאַק, ווייל צוליב זיין שיכורן צושטאַנד איז ער ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע רייד. דער ריכטער האָט דעריבער בלויז אויסגערעדט דעם פּאָליאַק פאַר זיין ניט שיינער באַנעמונג וואָס פּאַסט זיך ניט פאַר אַ בירגער פון קאָמוניסטישן פּוילן און אים געלאָזן גיין אַהיים. אויפן וועג אַהיים האָט דער פּאָליאַק זיך דערוויל אויסגעניכטערט און ווען ער איז געקומען צו דער ווייב, האָט ער פאַר איר זיך באַקלאָגט:

— שיינע צייטן האָט פּוילן דערלעבט, מען טאָר שוין די שפּראַך פון די זשידעס אויך ניט אָנרירן.

יע, אין פּוילן זיינען נאָך דאָ ייִדן, און אויך איז ייִדיש ניט אונטערגעגאַנגען.

אויסגעזען האָט עס אַז דאָס ייִדישע וואָרט וועט אין פּוילן שוין קיין מאָל מער ניט קומען צום לעבן. פּונקט ווי עס זיינען אויף אייביק פאַרשטומט

געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן הונדערטער ייִדישע שרייבערס, ייִדישע וואָרט־קינסטלערס און מיליאָנען ייִדישע לייענערס.

אָנגעהויבן האָט זיך די אויפלעבונג פון ייִדיש גלייך באַלד ווי דער דייטש איז פאַרטריבן געוואָרן פון פוילן, אין די צייטן פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט (צענטראַל־קאָמיטעט). ווי נאָר ייִדן זיינען אַרויס פון אונטער די חורבות, אַרויס פון זייערע פאַרשיידענע באַהעלטענישן און דערזען דעם גרויסן חורבן אַרום זיך, איז נייטיק געווען אַז עמעצער זאָל צו די פאַרלאָרענע און פאַרצווייפלטע קומען מיט אַ טרייסטוואָרט, מיט אַ וואָרט פון דערמוטיקונג און בטחון. איז פריער אויפגעקומען אין דער שטאָט לובלין, וואו עס האָט זיך געפונען דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט, די ייִדישע ראַדיאָ־שעה. אָנגעפירט מיט דער ראַדיאָ האָט דער באַקאַנטער ייִדישער בינע־קינסטלער יאָנאַס טורקאָוו. מען האָט ניט געקענט גלייך קומען מיט דעם געדרוקטן וואָרט, ווייל אין פוילן וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי רייך מיט ייִדישע דרוקערייען, וואו עס האָבן זיך געדרוקט עטלעכע ייִדישע צייטונגען און הונדערטער זשורנאַלן, הונדערטער ייִדישע ביכער און ספרים, איז איצט ניט געווען קיין ייִדישע שריפט. די ערשטע ייִדישע אויסגאַבע „די ייִדישע פרעסע אַגענטור" איז באַשטאַנען פון זייטלעך אָפּגעקלאַפּט אויף אַ שרייב־מאַשין. די „פרעסע" איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין די רעדאַקציעס און געלאָזט וויסן דער וועלט, באַזונדער דער ייִדישער וועלט, אַז עס לעבן נאָך ייִדן אין פוילן און זיי קלייבן זיך אויף די חורבות בויען אַ ניי לעבן.

דערנאָך איז געקומען די צייטונג „דאָס נייע לעבן", אַרויסגעגעבן פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט. מען האָט גענומען זוכן צווישן די חורבות אין דער געטאָ, מען האָט געזוכט און געגישטערט ביז מען האָט זיך אין קופּעס מעטאַל אָנגעשטויסן אויף ייִדישע אותיות. מען האָט גענומען אויסלייגן אַן אַלף מיט אַן אַלף, אַ בית מיט אַ בית, און ווי דערציילט אַן עדות פון יענער צייט: „מיט יעדן געפונענעם אות האָט מען זיך געצאַצקעט און געשפּיגלט ווי מיט בריליאַנטן". דער געפונענער זאַץ האָט קוים געסטייעט אויף אויסצוזעצן איין זייטל פון דער צייטונג. האָט מען די זייט אָפּגעדרוקט, צעוואָרפן די שריפט און אויפגעזעצט אַ צווייט זייטל און אַזוי ווייטער ביז מען האָט אָפּגעדרוקט דעם ערשטן נומער פון אַכט זייטן. שפּעטער האָבן געהאָלפן ייִדן פון אַמעריקע. זיי האָבן צוגעשיקט זאַץ, אַ לינאָטיפּ און די צייטונג האָט זיך געקענט דרוקן נאָרמאַל. אין רעדאַקציע פון דער צייטונג, פּונקט ווי אין צענטראַל־קאָמיטעט, זיינען אַריין פאַרטרעטערס פון אַלע ייִדישע פאַרטייען, אָנהייבנדיק, אַזוי צו זאָגן, פון די „בור־זשואַזנע" ציוניסטן ביז די קאָמוניסטן. אַלע פאַרטייען זיינען יעמאָלט געווען פאַראייניקט, אַלעמען האָט צונויפגעבונדן איין ווילן: אויף די חורבות צוריק אויפשטעלן אין פוילן אַ ניי ייִדיש לעבן. האָט די צייטונג דעריבער זיך אויך גערופן „דאָס נייע לעבן".

אונדז איז אויסגעקומען צו בלעטערן דעם ערשטן נומער וואָס איז דערשינען דעם 10טן אַפּריל, 1945. אין יענער צייט איז מען געווען פול מיט האָפענונג און גלויבן. מען האָט דערוואַרט, אַז אַ סך ייִדן וועלן פון רוסלאַנד זיך אומקערן קיין פוילן און וועלן שוין דאָרטן פאַרבלייבן. האָט מען געהאָפט, אַז אין פוילן וועט פון דאָס ניי אויפקומען אַ ייִדישער ישוב, וועלכער וועט, אמת, ניט זיין אַזוי גרויס ווי אַמאָל, אָבער דאָך אַ גאַנץ באַדייטנדיקער אין צאָל. מען איז געווען זיכער אַז עס וועט פון דאָס ניי זיך צעבליען אַ ייִדיש לעבן. דערצו האָבן ייִדישע הערצער זיך געפרייט, וואָס זיי האָבן דערלעבט צו זען היטלערס מפּלה. איז דער ערשטער נומער פון „דאָס נייע לעבן" געשריבן אין אַ האָפערדיקן טאָן. אין לייט־אַרטיקל לייענען מיר:

„דער שונא האָט זיינס ניט דערגרייכט. אים איז ניט געלונגען אויס־צוראָטן דאָס ייִדישע פאָלק. ווי דער פעניקס פון זיין אַש שטייען מיר אויף פון די קרעמאַטאָריעס. נאָך העכער פינף יאָר היטלערישע הערשאַפט וועט זיך איבער די חורבות פון אונדזערע היימען ווידער באַווייזן דאָס ייִדישע וואָרט. צוזאַמען מיט דעם מענטש איז אויך באַפרייט געוואָרן דאָס ייִדישע וואָרט, וואָס וועט צעטראָגן איבער דער וועלט דעם גרויל פון אונדזער אומקום און די בשורה פון אונדזער אויפשטיין צו אַ ניי לעבן".

אויך פון די אַרטיקלען הערט זיך די פרייילעכע בשורה אַז מען איז דאָ און מען וועט זיין ווייטער. דאָס זאָגן אָן די אַרטיקלען: „מיר ווילן און וועלן לעבן" (דער אַרטיקל איז אַגב געשריבן פון דעם ציוניסט ד"ר עמיל זאָמערשטיין), „פאַר אַ ניי לעבן", „מיר בויען ווידער".

דער ווילן צו לעבן איז דער ערשטער אימפּולס ביי יעדער באַשעפעניש. מיט דעם געפיל איז דורכגעדרונגען יעדער איינער וואָס הייבט זיך אויף פון דעם אָפּגרונט, אין וועלכן מענטשלעכע שלעכטקייט האָט אים אַריינ־געוואָרפן. סיידן ביי אים — אַ דאַנק זיינע פריערדיקע שרעקלעכע איבער־לעבונגען — איז אָפּגעטייט יעדער ווילן צו לעבן. אַזאַ איינער עקסעסטירט אייגנטלעך מער ניט. עס דויערט ניט לאַנג און ער הויכט אויס זיין נשמה וואָס האָט באמת נאָר געצאַנקט אין אים. דער גליק פון אונדז ייִדן איז תמיד געווען, וואָס מיר האָבן באַוויזן זיך אויפצוהייבן פון יעדער דערני־דעריקייט, גיך צוריק צו געווינען אונדזער מענטשלעכע חשיבות, וואָס קיין איין שונא, ווי גרויזאַם ער זאָל ניט האָבן געווען, האָט ניט געקענט אָפּ־טעמפּן ביי אונדז דעם ווילן ווייטער צו לעבן און שאַפן.

ווי זאָגט אונדזער גרויסער דיכטער ה. לייוויק אין זיין פּאָעמע „איביק"?

די וועלט נעמט מיך אַרום מיט שטעכיקע הענט,
און טראָגט מיך צום פייער, און טראָגט מיך צום שייטער;
איך ברען און איך ברען און איך ווער ניט פאַרברענט. —
איך הייב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער.

יע, מיר ייִדן האָבן נאָך יעדער גרויסן חורבן געפונען אין זיך גענוג כוחות און לעבנס־ווילן זיך ווידער אויפצוהייבן און ווייטער צו שפּאַנען. מיר האָבן קיין מאָל ניט פאַרלאָרן דעם בטחון און עקשנות ווייטער צו זיין אויף דער וועלט.

אויך דאָ אין אַמעריקע האָט אַ לאַנגע צייט זיך אונדז ניט געוואָלט גלייבן, אַז דאָרט איז אַלץ שוין פאַרענדיקט. עס האָט אויך אין אונדז געלעבט אַ האָפענונג, אַז אויף די חורבות וועט צוריק אויפקומען אַ ייִדיש לעבן אין פּוילן. אָט די האָפענונג האָט אויסגעדריקט אונדזער דיכטער יעקב גלאַטשטיין:

און ס'וועלן צוריק אויפשטיין
ייִדישע שטעט
אין טאָל פון אַזוי פיל
טויט־שאָטנדיקן חורבן

און:

אויך דאָס רוחניות
וועט אויפשטיין פון צוזאַמענגעקלאַגטן אַש

איך ווייס ניט, צי ייִדישע שטעט וועלן צוריק אויפשטיין אין פּוילן. אפשר אַמאָל, אין דער צוקונפט. אַלץ קען טרעפן. אָבער גלייך נאָך דער באַפרייאונג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע זיינען געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען אויפצוהאַלטן ייִדישע גייסטיקייט אין פּוילן און זיי ווערן אויך איצט געמאַכט. אין דעם טרויעריקן ייִדישן אָרום איז נאַטירלעך, אַז פאַר איינעם וואָס קומט קיין פּוילן פון וויטן אַמעריקע רופן די באַמיאונגען אַרויס האָפענונג. קען דען אַרויסרופן האָפענונג די אַסימילאַציע? קענען דען אַרויסרופן האָפענונג די וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט פון אייגענעם פאָלק און טוען אַלץ צו באַהאַלטן זייער אָפּשטאַם פון אייגענע קינדער?

מעגן די וואָס שטייען ביים רודער פון היינטיקן ייִדישן לעבן אין פּוילן אונדז ניט געפעלן, מעגן מיר האָבן פּאָליטישע חשבונות מיט זיי, מעגן מיר אַ סך פון זייערע אַמאָליקע און איצטיקע האַנדלונגען באַטראַכטן ווי ניט־עטישע און אונדז זיין דערווידער, טאָרן מיר אָבער ניט פאַרשטעלן די אויגן און ניט זען דאָס גוטס וואָס זיי טוען. מעג דאָס אַפילו זיין מאָטיווירט פון קאָמוניסטישע פּאַרטיי־אינטערעסן. זאָל אַפילו זיין, אַז די כוונה, דער מיין, איז ניט אַזוי געטריישאַפט צום פאָלק און דער פאָלק־קולטור. מעג די אַרבעט זייערע זיין ניט מער ווי אַ מיטל זיך אָנצוזען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. מעג עס אַפילו זיין, וואָס אָן ייִדישער טעטיקייט וואָלט יעדער איינער פון די ייִדישע קאָמוניסטישע טוערס געווען אויסגעשפּילט. דאָס ענדערט אָבער ניט די לאַגע. די באַלעבאַטים איבערן ייִדישן לעבן אין פּוילן זיינען זיי, און אויב זייער

אַרבעט מאַכט רייכער דאָס לעבן פון דעם רעשטל ייִדן איז אַוודאי גוט. וואָלטן מיר, די וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ שענער, מער פולער ייִדיש לעבן אומעטום, אין וועלכן לאַנד דאָס זאָל ניט זיין, געווען גליק־לעכער, ווען ביי די ייִדן אין פוילן הערשט אַ גייסטיקע וויסטעניש? וואָלטן די איבערגעבליבענע ייִדן אין פוילן געווען גליקלעכער?

מיר האַלטן אין איין מאָנען, אַז ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס זאָלן אין סאָוועט־רוסלאַנד צוריק אויפגעשטעלט ווערן. זאָל עס געשען, אין וועלכע הענט וואָלטן יעמאָלט די אינסטיטוציעס אַריינגעפאַלן? אין וועמעס הענט געפינט זיך דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד"? געפעלן אונדז די הענט? זיינען זיי זויבערע? זיכער ניט! אָבער יעדער מאָל, ווען עס קומט אָן אַ פרישער נומער פון דעם זשורנאַל פרייט זיך מיין האַרץ (און נאָר מיינס?), איר ווילט וויסן פאַרוואָס? ניט ווייל עס געפעלט מיר אַבסאָלוט אַלץ וואָס עס דרוקט זיך דאָרטן. געפיס ניט. מיין האַרץ פרייט זיך מיט דעם וואָס אויפן אָרט פון די ייִדישע שרייבערס, וואָס סטאַלין האָט אַזוי גרויזאַם אומגעבראַכט, איז אויפגעקומען אַ נייער דור ייִדישע שרייבערס, וואָס איז געבוירן געוואָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אָדער זיך אויפגעהאָ־דעוועט אונטער דעם נייעם רעזשים. אין מיטן דערינען, צו אונדזער גרויסער פאַרוואונדערונג, האָט זיך באַוויזן אַ נייער דור — אָפט ביז גאָר טאַלאַנט־פולע ייִדישע פּאָעטן, נאָוועליסטן, ליטעראַטור־קריטיקערס און עסעאיסטן. וואָלט דען געווען בעסער, ווען עס איז ניטאָ קיין „סאָוועטיש היימלאַנד" און זייערע שאַפונגען דערזען קיין מאָל ניט די ליכטיקע וועלט? דאַרף אַ ייִדיש האַרץ, באַזונדער דאָס האַרץ פון אַ ייִדישן קולטור־מענטשן, זיך דען ניט פרייען, ווען מען זעט אַז אַפילו אונטער די ערגסטע תנאים פון ייִדישן לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין דעם לאַנד, וואו מען זוכט צו דערשטיקן די ייִדישע קולטור, האָט ייִדישע שעפערישקייט זיך דאָך ניט אָפגעשטעלט?

די וואָס בויען קענען ניט און טאָרן ניט טראַכטן אַז זיי בויען אויף אַ זאַמדיקן באָדן, אַז אַלץ איז נאָר ציטווייליק און ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט אָנהאַלטן. די וואָס בויען דאַרפן גלייבן אַז זיי אַרבעטן ניט נאָר פאַרן היינט, נאָר אויך פאַרן מאָרגן. מעג אַפילו זייער האַרץ אָפט זיין פול מיט אומרו, מעג אַפילו ביי זיי אָפט זיך אַריינגנבענען צווייפל. מיט גלויבן אין אַ מאָרגן דאַרפן זיך אויך דורכדרינגען די ייִדן וואָס געפינען זיך אין פוילן, וואָס וועלן קיין מאָל ניט, אַפילו ווען זיי וועלן וועלן, דאָס לאַנד ניט קענען פאַרלאָזן. זאָלן זיי פאַרלירן דעם גלויבן, בלייבט פאַר זיי איין אויסוועג — אַסימילאַציע. צווייפל און אומגלויבן זיינען די ערגסטע שונאים. זיי קענען נאָר ברענגען אומגליק.

וואו און אין וועלכן לאַנד איז דען אין אונדזער צייט פאַרזיכערט אַ שעפערישער ייִדישער קיום? זיינען מיר דאָ, אין אַמעריקע, אַזוי זיכער אַז אונדזער ייִדישער מאָרגן וועט דאָ זיין אַ שעפערישער? איז דען דאָ

ניט גרויס די אַסימילאַציע? זיינען דען דאָ געמישטע חתונות ניט קיין טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. וואָלטן מיר געקענט דאָ בויען, ווען מיר וואָלטן זיך צוגעהערט צו אַלע שווארצע נביאים פון אומקום, ווען אונדזערע הער־צער זאָלן אָנגעפילט ווערן מיט צווייפל?

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די יידישע קאָמוניסטן, כאָטש זיי האָבן דאָמינירט דעם אַלגעמיינעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, האָבן זיי דאָך געשאַפן פאַר זיך אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט, „די יידישע קולטור געזעלשאַפט״. אַזוי האָבן זיי גאָר גיך אויך גענומען אַרויסגעבן אַן אייגענע צייטונג, „די פאָלקס־שטימע״, אַן אָפיציעלער אָרגאַן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. פּונקט ווי מען האָט שפּעטער אויפגעהערט זיך שפּילן מיט דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט און, נאָך דעם ווי מען האָט אים אויפגעלייזט, איז אויפגעקומען אַ ריין קאָמוניסטישע קערפּערשאַפט, דער איצטיקער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד, פּונקט אַזוי האָט מען פאַרמאַכט די צייטונג „דאָס נייע לעבן״, און עס איז געבליבן בלויז דער פּאַרטיי־אָרגאַן „די פאָלקס־שטימע״. „די פאָלקס־שטימע״, ווי די צייטונג פון פאַרבאַנד, איז דער פירשפּרעכער פון זיין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער ליניע און אויך פון זיינע קולטור־אויפגאַבעס. וואָס זיי זיינען האָבן מיר שוין דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל.

ווען מען פאַרגלייכט „די פאָלקס־שטימע״ מיט דער צייטונג „עמעס״, וואָס איז, ביז מען האָט דאָרטן אָנגעהויבן דעם פּאָגראָם אויף דער יידישער שפּראַך, אַמאָל אַרויסגעגאַנגען אין רוסלאַנד, איז צווישן די צוויי צייטונגען אין אַ סך פּרטים אַ גרויסער אונטערשייד. דער „עמעס״ איז פאַר אַ יידן, אויב ער איז ניט געווען קיין געשוואָרענער קאָמוניסט, געווען אוממיגלעך צו לייענען שוין צוליב דעם וואָס מען האָט דאָרטן געשריבן אָן די שלוס־אותיות און די העברעאישע ווערטער זיינען געווען אויסגעלייגט פאָנעטיש (אָגב, „סאָוועטיש היימלאַנד״ ניצט די שלוס־אותיות, אָבער עס האָט איינגע־האַלטן דעם פאָנעטישן אויסלייג). אינהאַלטלעך האָט דער „עמעס״ געהאַט דאָס פּנים פון יעדער אַנדערער קאָמוניסטישער צייטונג אין סאָוועט־רוסלאַנד. עס האָט זיך אונטערשיידט בלויז מיט דעם וואָס די קאָמוניסטישע רייד זיינען געזאָגט געוואָרן אין יידיש מיט יידישע אותיות. צוליב דעם אינהאַלט פון די אַרטיקלען האָט דער „עמעס״ שיער ניט אָנגענומען אַ גויאיש אויס־זען. „די פאָלקס־שטימע״, כאָטש זי איז אַ קאָמוניסטישע צייטונג און לויבט דעם איצטיקן רעזשים אין פּוילן ביז אין הימל אַריין, איז מיט איר אינהאַלט אַ יידישע צייטונג. זי איז עס ניט נאָר מיט איר אויסלייג, נאָר מיט דעם וואָס אין איר ווערט אָפּגעגעבן אַ סך אָרט פּראָבלעמען פון דער יידישער קולטור. איר געפינט דאָרט אַ סך אַרבעטן איבערגעדרוקט פון י. צינבערגס גרויס בוך וועגן דער ליטעראַטור ביי יידן, איבערגעדרוקטע אַרטיקלען פון שמואל ניגער. אַפילו אַרטיקלען וועגן דער מיטלעלטערלעכער יידישער פּאָ־עזיע אין שפּאַניע. אויף דער ערשטער זייט דרוקט זיך שטענדיק „יידישע

נייס״. דאָ מוז אָבער געזאָגט ווערן אַז אָט די „נייס״ איז אין אַ גרויסער מאָס איינזייטיק. אמת, איך קענט דאָרטן לייענען וועגן דער יערלעכער קאָנפערענץ פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק, אָבער מער פון אַלץ ברענגט די צייטונג נייס וועגן די טעטיקייטן פון די „פּראָ־גרעסיווע״, לייען קאָמוניסטישע, קרייזן אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער. זיי זיינען עס די וואָס האַלטן אויף ייִדישע קולטור אומעטום. די צייטונג רעדט אָפּט וועגן דער איינהייטלעכקייט פון ייִדישן פאָלק, אָבער דער טראָפּ ווערט געשטעלט אויף קאָמוניסטישער איינהייטלעכקייט. פון צווישן די שורות קענט איך לייענען געוויסע סימפּאַטיעס צו מדינת ישראל און אַפילו פרייד מיט דעם וואָס אַזאַ מדינה עקסעסטירט. אָבער מען לאָזט צו זיך ניט צו צו פיל פרייד. די הויפּט־אויסזעצונג איז וואָס ישראל איז פאַרבונדן מיט די „אימפּעריאַליסטישע״ לענדער, פירט האַנדל מיט מערב־דייטשלאַנד, באַניצט זיך מיט די שילומים־געלטער. איך געפינט אויך ניט אין דער צייטונג אַנטי־רעליגיעזע אַרטיקלען.

דער עיקר איז די צייטונג אַ ייִדישע מיט דעם וואָס זי רופט דאָס רעשטל ייִדן אויפצוהאַלטן זייער אייגנאַרטיקייט, זיך אויסצולעבן אין דער אייגענער קולטור, וואָס מער פון אַלץ גיט זי זיך אָפּ מיט די עקאָנאָמישע און קולטור־אינטערעסן פון דעם אַזוי קליינעם ייִדישן ישוב אין פּוילן.

## די באַמיאונגען פאַר אַ ייִדיש קולטור־לעבן אין פּוילן

**פּוילן** איז געווען דאָס לאַנד, וואו די ייִדישע שאַפונג־ענערגיע אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן גייסט האָט זיך צעבליט אין משך פון טויזנט יאָר.

אָט דער ייִדישער שאַפונג־גייסט איז מיט געוואַלד פאַרשניטן געוואָרן אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. קליין, גאָר קליין, איז איצט דער ייִדישער ישוב אין פּוילן, נאָך קלענער זיינען זיינע אינטעלעקטועלע כוחות. דאָך שטרעבט דער קליינער, שוואַכער ישוב צו אַ ניי שעפעריש לעבן, אויפצוהאַלטן ייִדישע אייגנאַרטיקייט.

ווען איך קומט אין אַ וויסטעניש, פאַלט פּלוצעם אייער אויג אויף אַ פלאַנץ, אַ פלאַנץ, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורכן זאַמדיקן, אויסגעטריקנטן באָדן. איר וואונדערט זיך ווי אַזוי די פלאַנץ איז געקומען צום לעבן, ווי אַזוי נערט זי זיך אין דעם זאַמדיקן אַרום? איר טראַכט, אַז מסתמא ערגעץ אין דער טיפעניש פליסט אַ קוואַל, פון וועלכן אָט די פלאַנץ נערט זיך. אַרום איז זאַמד, אָבער די פלאַנץ לאַכט זיך אויס און לעבט. איר טראַכט אויך: ווי לאַנג? ווי לאַנג וועט עס בליען? די פלאַנץ פרעגט אָבער ניט די פראַגעס. זי לעבט — איז זי דאָ.

ווען איר זייט אין פוילן און זעט די באַמיאונגען פאַר יידישער קולטור־שאַפונג, זעט איר אייגנטלעך ווי אונטער דעם אַש פון דער פאַרשניטענער פילמיליאָניקער יידישער באַפעלקערונג, האָט צוריק אויפגעלעבט אַ פונק פון יידישער שאַפונג. דער פונק טליעט, אָבער לעשט זיך ניט אויס. די קליינע צאָל יידישע אינטעלעקטואַלן היט אָפּ, אַז דאָס ליכט פון אַ יידיש קולטור־לעבן אין פוילן זאָל ניט אויפהערן לייכטן.

ווען מען זאָגן: די יידישע קולטור אין פוילן איז ניט מער ווי אַ קינסטלעכע פלאַנץ, אַ פלאַנץ, וואָס עקסעסטירט אַ דאַנק דער ברייטער פינאַנציעלער הילף פון דער רעגירונג. אמת, די רעגירונג שטיצט אַלע יידישע קולטור־אונטערנעמונגען. זי טוט עס אַזוי ברייטהאַרציק, אַז אָפּט דאַכט זיך, אַז זי וויל מיט דעם אויסקויפן די זינד, וואָס דאָס פוילישע פאָלק איז באַגאַנגען און באַגייט קעגן דעם יידן, זי וויל מיט דעם אויסקויפן אירע אייגענע זינד, וואָס זי באַגייט, קעגן איר אייגענעם ווילן אונטער דעם דרוק פון די שטימונגען פון פאָלק און זעט, אַז דער ייד זאָל זיך ניט צו פיל אָנזען אין פאָליטישן און אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד.

ווי עס זאָל ניט זיין, דער חלום פון די יידישע ראַדיקאַלע און וועלט־לעכע קרייזן, אַז די מלוכה זאָל אויסהאַלטן יידישע קולטור־אינסטיטוציעס איז אין פוילן אַ רעאַליטעט.

קולטור קען ניט לעבן מיט קינסטלעכע מיטלען, קען ניט לעבן אין אַ פוסטקייט. זי קען ניט געדייען, ווען עס איז ניט פאַראַן קיין גרונט אין איר, ווען עס זיינען ניטאָ די קאָנסומענטן און די וואָס זאָלן זי אָפּהיטן און כאָווען.

די יידישע קולטור אין איצטיקן פוילן נערט זיך פון די קולטור־אוצרות וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אין פוילן אָנגעזאַמלט. אירע אָפּהיטערס האָבן זייער לעבנס־קראַפט און שאַפונג־קראַפט איינגעזאַפּט אין זיך פון דעם אַמאָ־ליקן רייכן יידישן קולטור־לעבן אין פוילן, פון יענעם פאַר־מלחמהדיקן לעבן, וואָס איז געווען טיף־יידישלעך. פון יענע פאַר־מלחמהדיקע יאָרן, ווען יידישע וועלטלעכקייט, אין אַלע אירע פאָרמען און אויסדרוקן, איז אַריינגעדרונגען טיף אין פוילן.

די יידישע קולטור אין פוילן נערט זיך פון די זאַפטן וואָס פליסן אין די קולטור־שיכטן וואָס דורות און דורות יידן פון די גאָר אַלטע צייטן ביז היינט האָבן אָפּגעלייגט. אויף אירע טוערס ווירקט נאָך ביז היינט די סביבה פון דער ניט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וואו יעדער איינער איז געווען דורכגעדרונגען מיט זאָרג פאַר אַ שעפערישן יידישן קיום. מעג מען אַפילו האָבן געדינט פרעמדע געטער. סיידן מען האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח און אין גאַנצן זיך אָפּגעריסן, אין גאַנצן זיך אָפּגעקערט פון אייגענעם פאָלק.

עס איז געווען גוט צו זען ווי אין פוילן האַלט מען ווייטער אויף וועלטלעכע יידישקייט. דאָרטן האָב איך דערפילט, אַז כאָטש וועלטלעכע יידישקייט האָט געווירקט פאַרהעלטניסמעסיק אַ קורצע צייט אין יידישן

לעבן און יונג פֿאַרשניטן געוואָרן פֿון דעם, וואָס זיין נאָמען זאָל ניט דער־מאָנט און ניט געדאַכט ווערן, האָט זי דאָך באַוויזן צו פֿאַרבלייבן אַ גרויסער, לעבעדיקער כּוח און איר איינפֿלוס פֿילט זיך ווייטער.

טאָקע ווייל מען איז קליין אין צאָל, טרייבט דער אימפּולס פֿון נאַטיר־לעכער זעלבסט־דערהאַלטונג צו מער קאָנצענטרירטער טעטיקייט, צו מער איינגעשפּאַרטקייט און גרעסערן ווידערשטאַנד קעגן די זאַמדיקע ווינטן.

דער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַרבאַנד איז דער, וואָס באַמיט זיך אויפֿצוהאַלטן אַ ייִדיש־קולטור לעבן אין פּוילן. ער איז אַ ווירקנדיקער כּוח קעגן אַסימילאַציע און אַ פֿאַקטאָר, וואָס צעטרייבט פֿון צייט צו צייט דעם אומעט און טרויער פֿון ייִדישן לעבן אין פּוילן. ער איז דער, וואָס מאַכט ליכטיקער דאָס לעבן פֿון דעם רעשטל ייִדן און ברענגט אים פֿרייד.

דער פֿאַרבאַנד פֿאַרנעמט זיך גאָר שטאַרק מיט אויפֿהאַלטן און פֿאַר־שפּרייטן דאָס ייִדישע וואָרט. ער דערגרייכט עס דורך דער צייטונג „די פֿאָלקס־שטימע", דורך דער מאָנאַטלעכער אויסגאַבע „ייִדישע שריפֿטן פֿאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן". די „שריפֿטן" איז אַ חודש־אויסגאַבע, וואָס גייט אַרויס שוין צוויי צענדליג יאָר, זינט 1946. דאָס גופֿא איז אַ קולטור־דערשיינונג פֿון וויכטיקן באַטייט. די „ייִדישע שריפֿטן" זיינען אַן ערנסטע אויסגאַבע, געווידמעט פּראָבלעמען פֿון ייִדישער קולטור און ליטעראַטור. עס דרוקן זיך אויך אין איר דערציילונגען און פּאָעמעס פֿון ייִדישע שרייבערס, וואָס לעבן אין פּוילן. מען געפֿינט דאָרטן ניט קיין איבערפֿלעכלעכע פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען און אויך ניט קיין ביליקע פּאָלעמיק. ווען איר באַקענט זיך מיט דער אויסגאַבע דערפֿילט איר אַ געניטע רעדאַקטאָרישע האַנט און אַן אָנשטרענגונג אַרויסצוגעבן אַ פֿיינע ייִדישע שריפֿט אויף וויפֿל דאָס דערלאָזט דער מאַנגל אין ליטעראַריש־קינסטלערישע כּוחות ביי די ייִדן אין פּוילן. באַזונדער ווערטפֿול איז, וואָס דער זשורנאַל באַמיט זיך צו דערמוטיקן יעדער איינעם, וואָס וויזט נאָר אַרויס אַ געוויסן ליטעראַרישן טאַלאַנט.

די צייטונג, די מאָנאַטשריפֿט, טראָגן אַ סך צו צום ייִדישן לעבן אין פּוילן. זיי פֿאַרבינדן די ייִדן צווישן זיך און עפֿענען אויך אַ קליין פֿענצטערל צום ייִדישן לעבן איבער דער וועלט. זיי זיינען אַ וויכטיקער נאַציאָנאַלער פֿאַקטאָר. אַ פֿול נאַציאָנאַל לעבן איז אָבער ניט מיגלעך אָן דעם בוך. אָט די אויפֿגאַבע דערפֿילט דער פֿאַרלאַג „ייִדיש בוך". דער ספֿר, דאָס בוך האָבן אומעטום און אין אַלע צייטן באַרייכערט דאָס ייִדישע לעבן און צע־מענטירט דאָס ייִדישע באַוואוסטזיין. פֿירט דער פֿאַרלאַג פֿון פֿאַרבאַנד דורך אַ ביז גאָר גרויסע נאַציאָנאַלע פֿונקציע אין ייִדישן לעבן פֿון פּוילן. ער טראָגט אויך צו צו דער ייִדישער קולטור איבער דער גאַנצער וועלט. ער באַרייכערט די ליטעראַטור פֿון „ייִדיש־לאַנד". אָן דעם געדרוקטן וואָרט וואָלט אין פּוילן ניט מיגלעך געווען, פּונקט ווי דאָס איז אין ערגעץ ניט

מיגלעך, אַ ייִדיש געזעלשאַפטלעך לעבן. אָן דעם וואָלטן אין פּוילן פאַרבליבן ניט מער ווי צעשטויבטע, עלנטע ייִדישע יחידים.

ווי עס גיט איבער לייב דאָמב, דער פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג, (מיר ציטירן אים) זיינען „אין משך פון 20 יאָר דערשינען 322 ביכער מיט אַ טיראַזש פון העכער אַנדערהאַלבן מיליאָן עקזעמפּלאַרן — און דאָס וויכ־טיקסטע — עקזעמפּלאַרן פאַרשפּרייטע צווישן די טויזנטער ייִדישע פאָלקס־מענטשן. פון די דערשינענע ביכער זיינען אין די מאַגאַזינען (לאַגערן) פון פאַרלאַג פאַרבליבן נישט קיין גאַנצע פינף פּראָצענט. און פון צענדליגער אויסגאַבעס זיינען אַפילו איינצלנע עקזעמפּלאַרן אַ זעלטנהייט. דריי הונ־דערט צוויי און צוואַנציק אויסגאַבעס, פון וועלכע אַרום 100 זיינען אָריגי־נעלע פּראָזע; 52 — פּאָעזיע; 21 — ליטעראַטור־קריטיק; 70 — געווידמעט דער מאַרטירעלאָגיע, ווידערשטאַנד און געשיכטע פון ייִדישן פאָלק און דער רעשט — איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכן אויף ייִדישער טעמאַטיק, אויסגאַבעס געווידמעט ייִדישער קונסט אד״גל. פון גרויסן באַטייט איז דאָס, וואָס פיל מחברים פון דערשינענע ווערק האָבן זייער ליטעראַרישן וועג אָנגעהויבן אין משך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר און זוכה געווען צו פאַרעפנטלעכן זייערע ערשטע שאַפונגען אין פאָלקס־פוילן, אין אונדזער פאַרלאַג״. „אַחוץ דעם האָט דער מלוכה־פאַרלאַג פאַר שול־אויסגאַבעס אַרויס־געגעבן צענדליגער לערן־ביכער פאַר דער ייִדישער שול״. דאָס זיינען די אָפיציעלע פאַקטן, פאַר וועלכע עס איז פאַראַנטוואָרטלעך דער פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג „ייִדיש בוך״.

איר ווערט ממש פאַרוואונדערט ווען איר הערט אַזאַ באַריכט, אַ באַריכט וואָס ווייזט, אַז די טעטיקייט פון פאַרלאַג איז אין אַ גרויסער דיספּראָפּאָרץ צו דער צאָל ייִדן, דאָס מיינט צו דער צאָל לייענערס אין פוילן און נאָך מער צו דער צאָל ייִדיש־שאַפערס אין דעם לאַנד.

עס ליגט פאַר מיר דער קאַטאַלאָג פון „ייִדיש בוך״. ער דערציילט וועגן אַ ריי ביז גאָר וויכטיקע און ווערטפולע ביכער, וואָס דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן, איך האָב זיי כמעט אַלע געזען. גענוג דאָ צו דערמאָנען עטלעכע פון זיי: דאָס באַרימטע גרויסע ווערק פון דר. עמנואל רינגעלבלום — „כתבים פון געטאָ״ אין צוויי גרויסע בענד. די כתבים זיינען אייגנטלעך אַ טאָגבוך וועגן דעם לעבן אין וואַרשעווער געטאָ; דריי גרויסע בענד פון שלום עליכם; צוויי בענד פון מענדעלע מוכר ספרים, צוויי בענד פון י. ל. פּרץ, אַ גרויסער באַנד פון אַברהם רייזען, אַ באַנד י. מ. ווייסנבערג, שלום אַש, פיר בענד דערינערונגען פון דעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם בינע־קינסטלער, אַברהם מאָרעווסקי, געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן פון ב. מאַרק; אַ מאָנאָגראַפיע וועגן שלום עליכם און אַ מאָנאָגראַפיע וועגן מענ־דעלע; יזכור־בוך וועגן אומגעקומענע ייִדישע קינסטלערס אין צוויי בענד און נאָך און נאָך ביכער פון דעם מין; פאַרשטייט זיך, אַז איר געפינט אויך צווישן די אויסגאַבעס אַ בוך פון שמעון זאַכאַריאַש, „מענטשן פון

ק. פּ. פּ.״ (דריי קאָמוניסטישע געשטאַלטן); אַ באַנד מאַטעריאַלן וועגן דער טעטיקייט פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דער ייִדישער סביבה אין די יאָרן 1918־1923 און נאָך אַזעלכע. אין פּראָפּאָרץ צו די אַנדערע ביכער איז די צאָל פון דעם מין גאָר אַ קליינע. ווי עס גיט איבער ל. דאָמב, קומען די ביכער פון „ייִדיש בוך״ אָן אין 24 לענדער.

פאַרשטייט זיך, אַז די פאַרלעגערישע אַרבעט, פּונקט ווי די פּעריאָדישע אויסגאַבעס און די קולטור־טעטיקייטן פון פאַרבאַנד אין אַלגעמיין, איז באַווירקט פון דער אַרומיקער קאָמוניסטישער אַטמאָספער, וואָס הערשט אין לאַנד. אָט די ווירקונג מערקט זיך גאַנץ אָפט אויך אין די ווערק פון די אָרטיקע נאָוועליסטן און דיכטערס.

„ייִדיש בוך״ גיט אַרויס ביכער פון „פּראָגרעסיווע״ שרייבערס אין אַנדערע לענדער. מען האַלט ניט אין פּוילן פון די היינטצייטיקע גרויסע ייִדישע דיכטערס און נאָוועליסטן. זיי געהערן דאָך ניט צום „פּראָגרעסיוון״ לאַגער. טראָגט דער פאַרלאַג אונטער דעם לייענער ביכער פון אַמעריקאַנער ייִדישע „פּראָגרעסיווע״ שרייבערס, פון שרייבערס, ווי סעם ליפּצין, כאַווער פּאַווער און נאָך אַזעלכע. אויך אין די „ייִדישע שריפטן״ געפינט איר אָפּהאַנדלונגען נאָר וועגן „פּראָגרעסיווע״ ייִדישע שרייבערס און דיכטערס אויסער פּוילן, ווי צום ביישפּיל, וועגן דעם דיכטער אייזיק פּלאַטנער. איך צווייפל, צי דעם ייִדישן לייענער אין פּוילן זיינען באַקאַנט די נעמען פון די ייִנגערע דיכטערס אונדזערע, אויסער די גרענעצן פון פּוילן, ווי חיים גראַדע, אַברהם סוצקעווער און אַנדערע. זיי און אַנדערע שאַפערס פון דער ייִדישער ליטעראַטור איבער דער וועלט עקסעסטירן ניט פאַר די „שריפטן״, פּונקט ווי זיי עקסעסטירן ניט פאַר די תלמידים, וואָס לערנען אין ייִדישע שולן אין פּוילן.

***

אַ ביז גאָר וויכטיקער קולטור־אויפטו איז דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פּוילן. גלייך נאָך דער באַפרייאונג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, האָט דער ייִדישער צענטראַל־קאָמיטעט, אין וועלכן, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, עס זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע ייִדישע ריכטונגען און אַלע ייִדישע פּאַרטייען, געשאַפן אַ היסטאָרישע קאָמיסיע. די אויפגאַבע פון דער קאָמיסיע איז געווען אין דער ערשטער ריי צו זאַמלען מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, מעמואַרן וועגן דעם ייִדישן לעבן אין צייט פון דער דייטשי־שער אָקופּאַציע, באַזונדער וועגן דער אויסראָטונג פון אונדזער פאָלק און דעם העלדישן ייִדישן ווידערשטאַנד אין די פאַרשיידענע געטאָס און לאַגערן. די אַלע מאַטעריאַלן האָבן מיט דער צייט געדאַרפט פאַרעפנטלעכט ווערן אין אַ געוויסער פאָרעם.

פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע איז שפּעטער געוואָרן דער היסטאָרי־שער אינסטיטוט, וועלכער האָט גענומען אַרויסגעבן די „בלעטער פאַר ייִדי־שער געשיכטע״. דער ערשטער נומער איז דערשינען אין יאָר 1948. ביז

היינט זיינען אַרויס פּופּצן בענד פון די בלעטער. ער גיט אויך אַרויס אַ היסטאָרישן בולעטען אין דער פּוילישער שפּראַך. ער האָט אויסגעפּאָרשט און פּאַרעפנטלעכט מאַטעריאַלן פון פאַרשיידענע געטאָס. דער אינסטיטוט פאַרמאָגט אַ ביז גאָר רייכן אַרכיוו וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין די מלחמה־יאָרן. דער אינסטיטוט שטעלט זיך ניט צופרידן בלויז מיט זאַמלען מאַטעריאַלן. ער פאַרנעמט זיך אַלץ מער און מער מיט פאָרשן די געשיכטע פון די ייִדן ניט נאָר אין די מלחמה־יאָרן — וואָס דאָס באַטראַכט ער פאַר זיין וויכטיקסטער אויפגאַבע — נאָר אויך מיט פאָרשן די גאַנצע געשיכטע פון דעם טויזנטיאָריקן ייִדישן ישוב אין פּוילן. לויט דעם עדות זאָגן פון בערל מאַרק, דער דירעקטאָר און נשמה פון אינסטיטוט, זיינען ביז איצט אַרויס איין און פערציק ביכער.

מען דאַרף אָבער צו די פּובליקאַציעס פון אינסטיטוט צוגיין מיט פאָרזיכטיקייט, ווייל ער פונקציאָנירט אין אַ לאַנד, וואו אַלץ דינט די פּאָליטישע אינטערעסן פון דער רעגירונג. האָט געטראָפן, אַז מען האָט בכיוון געפעלשט די געשיכטע פון דער חורבן־צייט. געשען איז דאָס, ווען מען האָט אָנהייב 1949, אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקע פון אַ כלומרשטער פּאָלקס־רעגירונג, און פּוילן איז געוואָרן אַ סאָוועטיש סאַטעליט. יעמאָלט האָט מען — און די פירערס פון אינסטיטוט האָבן עס שפּעטער צוגעגעבן — זיך דערלויבט אַרויסצונעמען פון רינגעלבלומס באַרימטע געטאָ־כתבים שטעלעס, וואָס זיינען ניט געווען גינסטיק פאַר סאָוועט־רוסלאַנד, אָדער פאַקטן, וואָס האָבן דערציילט וועגן דעם אָנטייל פון פּאָליאַקן אין דער אויסמאָרדונג פון ייִדן (אָט די טענדענץ ריינצוואַשן די פּאָליאַקן, אָדער בעסער, צו פאַר־לייקענען זייערע מיאוסע מעשים, איז ביי די ייִדישע קאָמוניסטן אין פּוילן פאַרבליבן ביז היינט־צו־טאָג). ענלעכע פעלשונגען זיינען געמאַכט געוואָרן אויך מיט אַנדערע טאָג־ביכער און געשיכטעס פון די מלחמה־יאָרן.

געפינען מיר דאָך אין „די בלעטער", פון 6טן מערץ, 1953, אין אַ נעקראָלאָג נאָך סטאַלינען, אַזעלכע פערל: „די ייִדישע באַפעלקערונג אין פּוילן וועט לדורי דורות טראָגן אין האַרצן דעם ליכטיקן אָנדענק פון דעם אומפאַרגעסלעכן סטאַלין . . ." „די אומשטערבלעכע לערע פון יאָסיף סטאַלין, וועט שטענדיק זיין פאַר אונדז אַ לייכט־טורעם אין אונדזער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער אַרבעט . . ." אָט דער סטאַלינישער לייכט־טורעם האָט פאַר־פירט אויף וועגן, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט מיט וויסנשאַפט.

נאָך דער דע־סטאַליניזאַציע, באַזונדער נאָך דער גאָמולקאַ־איבערקע־רעניש אין פּוילן, אין 1956, האָבן, ווען סטאַלין האָט אויפגעהערט צו זיין דער לייכט־טורעם, די מיאוסע פאַלסיפיקאַציעס זיך אָפּגעשטעלט. די נייע אויפלאַגע פון רינגעלבלומס כתבים, וואָס איז אַרויס אין די יאָרן 1962־1963, פאַרמאָגט ניט די פריערדיקע פעלשונגען. זיכער זיינען געוויסע אַרבעטן נאָך איצט געשריבן טענדענציעז, לויט דער אָנגענומענער קאָמוניסטישער ליניע פון יענער צייט, נאָר דער גרעסטער טייל איז פון הויכער וויסנשאַפטלעכער

קוואַליטעט. פון אייביקן ווערט זיינען די פּובליקאַציעס פון די כּתבֿים, טאָג־ביכער, נאָטיצן, וואָס מען האָט געפונען אונטער חורבֿות, אין בונקערס און אין די אָפּגעראַטעוועטע געטאָ־אַרכיוון, און די געבליבענע כּתבֿים פון רינגעלבלום, הלל צייטלין, א. לעווין, יהושע פּערלע און פון צענדלינגער אַנדערע. ווערטפול זיינען אויך די פאַרעפנטלעכטע מאָנאָגראַפיעס וועגן פאַר־שיידענע ייִדיש־פּוילישע ישובֿים. אויב ערגעץ וואו געפינט זיך שטעטנו איז ניט שווער פאַר אַ גענייט אויג פריער אָדער שפּעטער עס צו באַמערקן.

## ווי לעבן זיך אויס די ייִדן אין פּוילן

**באַלד** נאָך דער באַפרייאונג פון די דייטשן האָט דאָס ייִדישע טעאַטער געבראַכט טרייסט און דערמוטיקונג צו די ייִדן אין פּוילן, וואָס זיינען לעבן געבליבן נאָך דעם גרויסן חורבן. צו ערשט פלעגן אויפטרעטן אויף קאָנצערטן איינצלנע אַקטיאָרן. שפּעטער האָבן זיך געשאַפן קליינע טעאַטער־גרופּעס, וואָס האָבן גענומען שפּילן פּיעסן. אַזאַ גרופּע באַווייזט זיך אין יאָר 1946 אין דזשערזשאָניוּאוו. שפּעטער קלייבט זיך די גרופּע אַריבער קיין וורָאָצלאַוו.ביידע שטעט געפינען זיך אין נידערשלעזיע, וואו עס האָט יעמאָלט געוואוינט און וואוינט אויך איצט די מערהייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן. אין דעם זעלביקן יאָר קומט אויך אויף אַ טעאַטער־גרופּע אין לאָדזש. סוף 1946 קומט אידאַ קאַמינסקי פון סאָוועט־רוסלאַנד. זי שאַפט יעמאָלט אַן אייגענע טרופּע און שפּילט אין פאַרשיידענע שטעט, דער עיקר אין לאָדזש. צוזאַמען מיט מאיר מעלמאַן פירט זי אויף „די צוויי קונעלעמעלס" פון אַברהם גאָלדפאַדן און „מירעלע אפרת" פון יעקבֿ גאָרדין. אין 1948 נעמט זי איבער דאָס טעאַטער אין לאָדזש. די ערשטע אויפפירונג אונטער איר רעזשיע איז געווען „גליקל האַמלען". אין יאָר 1949 ווערן ביידע טעאַטערס — פון וורָאָצלאַוו און לאָדזש — פאַראייניקט אין אַ מלוכה־טעאַטער.

נאָך דער מלחמה האָט עס אויסגעזען אַז דאָס ייִדישע טעאַטער איז אונטערגעגאַנגען. אין אַמעריקע האָט מאָריס שוואַרץ געמאַכט אַ פּרואוו צוריק אויפצולעבן זיין קונסט־טעאַטער. דער פּרואוו איז גיך דורכגעפאַלן.

עפּעס ווי דורך אַ נס קומט דאָס ייִדישע טעאַטער צוריק צו זיך גראָד אין פּוילן, אין דעם לאַנד, וואו מיר האָבן גאָרניט לאַנג איבערגעלעבט דעם גרעסטן נאַציאָנאַלן אומגליק. אויף די חורבֿות פון ייִדישן לעבן, אין דעם לאַנד, וואו עס האָט נאָך ניט באַוויזן איינצושטילן זיך דאָס פאַרגאָסענע ייִדישע בלוט, באַווייזט זיך דאָס ייִדישע טעאַטער. אין דעם לאַנד פון ייִדישן טרויער און ייִדישן וויי נעמט ווידער קלינגען דאָס ייִדישע ליד, דאָס בעסערע ייִדישע וואָרט. עס טראָגן דאָס ליד און דאָס וואָרט ייִדישע

אַקטיאָרן וואָס דער גורל, דער טראַגישער ייִדישער גורל, האָט, ווער ווייסט צוליב וועלכן קאַפּריז, געוואָלט זיי זאָלן פאַרבלייבן אויף דער וועלט, עס זאָל זיין ווער עס זאָל מיט וואָרט און ליד ברענגען פרייד דעם ביסל אָפּגעראַטעוועטע ייִדן, עס זאָל זיין ווער עס זאָל פאַרטרייבן דעם אומעט און טרויער פון די צעוויטאָגטע ייִדישע הערצער.

אָפּגעראַטעוועטע ייִדן פון די בונקערס, פון די וועלדער, פון פאַרשיי־דענע באַהעלטענישן, ייִדן פאַר וועמען די זון האָט אין די מלחמה־יאָרן אויפגעהערט צו שיינען, האָבן אין טעאַטער פּלוצעם דערהערט אַלטע, באַ־קאַנטע קלאַנגען, נאָך וועלכע זייערע הערצער האָבן געבענקט אין די פינצ־טערע יאָרן. זיי האָבן פּלוצעם דערזען פאַר זיך אַ ליכטיקן שיין פון אַמאָל, עס האָבן פאַר זיי פון דאָס ניי אויפגעלעבט אַמאָליקע דערינערונגען און עס האָבן זיך אויפגעוועקט נייע האָפענונגען, אַז

די נאַכט וועט זיין פאַרשוואונדן
און די וואָלקן אויך צערונען,
בלאָ וועט ווייטער זיין דער הימל —
עס וועט שיינען, שמעקן זינגען!
און — אויף אונדזער קבר אויך . . . (י. ל. פּרץ)

צוויי אָרגאַניזירטע כוחות, וואָס זיינען אויפגעקומען אין פּוילן באַלד נאָך דער מלחמה, האָבן געווירקט אַז דאָס ייִדישע טעאַטער זאָל ווידער אויפלעבן. פון איין זייט איז דאָס געווען דער ייִדישער צענטראַל־קאָמיטעט אין לובלין, וועלכער האָט געטאָן אַלץ אין זיינע כוחות צו שאַפן נאָרמאַלע לעבנס־באַדינגונגען פאַר דעם רעשטל ייִדן און פון דער צווייטער זייט האָט געווירקט דער באַנייטער ייִדישער אַרטיסטן־פאַראיין. דער צענטראַל־קאָמיטעט שאַפט אַן אַרטיסטן־ראַט מיט אידאַ קאַמינסקי בראָש. דער ראַט זאָרגט זיך פאַר דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן טעאַטער.

אין אָנהייב האָט דאָס טעאַטער געהאַט צוויי צענטערס אין לאָדזש און אין ווראָצלאַוו. פון די צענטערס האָט ער באַדינט אַן ערך צוואַנציק שטעט און שטעטלעך. שפּעטער, אין יאָר 1955, ווערט וואַרשע דאָס שטענדיקע אָרט פון טעאַטער. אין דעם יאָר קריגט ער טאַקע — צום דרייסיקסטן יאָרצייט נאָך דער מאַמען פון ייִדישן טעאַטער — דעם אָפיציעלן נאָמען: ייִדישער מלוכה־טעאַטער אויפן נאָמען פון אסתּר רחל קאַמינסקי. איצט ווערט געבויט אין וואַרשע אַ ניי קולטור־הויז פון ייִדישן קולטור־געזעל־שאַפטלעכן פאַרבאַנד. אַגב, אויך מיט דער מאַטעריעלער הילף פון אַמע־ריקאַנער „דזשאָינט". אין דעם הויז וועט זיך אויך געפינען דאָס ייִדישע טעאַטער.

דער רעפּערטואַר פון ייִדישן טעאַטער אין פּוילן איז געווען און איז אַ פאַרשיידנאַרטיקער. ווי דאָס איינציקע טעאַטער מוז עס אויפפירן פּיעסן פון פאַרשיידענעם זשאַנער, פון מוזיקאַלישע קאָמעדיעס ביז צו דער טראַ־

געדיע; עס האָט געשפּילט פּיעסן פון קלאַסישן יידישן רעפּערטואַר, פון היינטצייטיקע שרייבערס און איבערזעצונגען פון דער פּוילישער און וועלט־ליטעראַטור.

במשך די פאַרגאַנגענע פופצן יאָר האָט — לויט דעם אָפיציעלן באַריכט — דאָס טעאַטער אויפגעפירט פינף און זיבעציק פּיעסן, צווישן זיי פּיעסן אָדער באַאַרבעטונגען פון יידישע שרייבערס: שלום עליכם, י. ל. פּרץ, גאָלדפאַדן, מענדעלע מוכר ספרים, אַנסקי, הירשביין, פּרעגער, דימאָוו, שלמה עטינגער, אָפּאַטאָשו, בערגעלסאָן און גאָרדין. פון היינטצייטיקע יידישע שרייבערס: ש. האַלקין, ב. העלער, ה. סמאָליאַר, מ. דלוזשנאָווסקי, ש. דיאַמאַנט, מ. מירסקי, י. זאַנשיין און ח. סלאָוועס.

ווי מען קען זען פון דער רשימה פון די שרייבערס — באַזונדער פון די היינטצייטיקע — האָט דאָס טעאַטער אויפגעפירט אַ געוויסע צאָל טענדענציעזע פּיעסן, אין גייסט פון דער הערשנדיקער פּאָליטיק אין לאַנד. דאָס טעאַטער, פּונקט ווי די יידישע ליטעראַטור און דאָס יידישע בוך אין פּוילן דאַרף צאָלן אַ געוויסן צינדז דער רעגירונג. דאָס פאַרמינערט אָבער ניט זיין גרויסן קולטור־ווערט. דער איבערוועגנדיקסטער טייל פון זיין רעפּערטואַר איז די קלאַסישע פּיעסע פון דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור. דאָס טעאַטער באַדינט אַלע שטעט אין פּוילן, וואו עס לעבט אַ גרעסערע צאָל יידן. עס איז היינט־צו־טאָג איינער פון די געציילטע סטאַבילע טעאַטערס אין דער יידישער שפּראַך.

אייגנטלעך איז דאָס וואַרשעווער יידישע טעאַטער אין אַ געוויסן זין געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלע יידישע קונסט־אינסטיטוציע. עס איז געוואָרן אַ רייזנדיק יידיש טעאַטער. עס האָט עטלעכע וואָכן געשפּילט אין פּאַריז און לאָנדאָן, צוויי מאָל אין בעלגיע, איין מאָל אין מזרח־דייטשלאַנד און ווין. עס האָט געמאַכט אַ זעקס־וואָכיקן טורנע אין מדינת־ישראל. דעם פאַרגאַנגענעם זומער האָט דאָס טעאַטער באַזוכט אַרגענטינע, אוראַגוואַי און בראַזיל. זיי האָבן אין די לענדער פאַרבראַכט 62 טעג און געגעבן 66 פאָרשטעלונגען און 9 קאָנצערטן פון סצענעס, פאָלקס־לידער און רעציטאַציעס.

אַזוי אַרום זעען מיר אַז דאָס טעאַטער ברענגט פרייד צווישן יידן איבער דער וועלט. אומעטום ווערט עס אויפגענומען מיט באַגייסטערונג. וועגן זיינע אויפפירונגען דערשיינען גינסטיקע אָפּרופן ניט נאָר אין דער יידישער, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער פּרעסע פון יעדן לאַנד.

אין אַ געשפּרעך, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו האָבן מיט איינעם פון די אַקטיאָרן, האָט ער זיך אַזוי אויסגעדריקט:

— דאָס טעאַטער ברענגט צונויף די יידן פון פּוילן. עס ברענגט זיי צונויף צוזאַמען צו הערן דאָס קינסטלערישע יידישע וואָרט. עס קומען אין טעאַטער יעדער יאָר 30־35 טויזנט יידישע צושויערס. מען קומט זיך אויסלעבן יידיש־קולטורעל. ווען מיר קומען אין לאָנדאָן, אָדער פּאַריז,

לעבט אויף די ייִדישע באַפעלקערונג. אונדזער מיסיע איז אויפצוהאַלטן ייִדישע קולטור אין פוילן און זי ברענגען צו ייִדן אין אַנדערע לענדער.

***

אַ וויכטיקער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר אין פוילן זיינען די קלובן פון פאַרבאַנד. זיי געפינען זיך אין יעדער שטאָט און אין יעדן ישוב פון פוילן, וואו עס לעבט אַ גרעסערע צאָל ייִדן. מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכן אַ פּאָר קלובן. מיין איינדרוק איז אַז דער קלוב איז דאָס איינציקע אָרט, וואו דער ייִד קען זיך פילן און אויסלעבן ווי אַ ייִד.

דער פוילישער ייִד פילט זיך ערשט ריכטיק מיט זיך אַליין, ווען ער קומט אין קלוב. אַ גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט, אין גאַס, אין דעם הויז, וואו ער וואוינט, לעבט ער צווישן פּאָליאַקן, זעט ער אַרום זיך ניט־ייִדן. זעלטן ווען ער באַגעגנט אַ ייִדן. ערשט דאָ אין קלוב פּאַלט ער אַריין אין אַן אייגענער היימישער, וואַרעמער סביבה. דאָ קומען פאָר דיס־קוסיעס, דאָ דערציילט מען זיך נייס און מען הערט וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט. דער קלוב איז אויך אַן אָרט אויף צו לערנען. עס קומען אין אים פאָר לעקציעס, פאָרלעזונגען, עפנטלעכע דיסקוסיעס. ביים קלוב און אַרום דעם קלוב איז פאַראַן אַ ביבליאָטעק, יוגנט־קרייזן, כאָרן, געזאַנג־גרופּעס, לייען־קרייזן און דראַמאַטישע גרופּעס. דער קלוב איז דאָס אָרט, וואו דער ייִד טוט אָפּ פון זיך דעם פרעמדן אַרום. אין קלוב קומען מאַן און ווייב און קינדער. דאָרטן קען דער ייִד פאַרטרייבן זיין איינזאַמקייט און די טראַגישע, טרויעריקע געפילן, מיט וועלכע זיין נשמה איז אָנגעפילט נאָך די שווערע, איבערמענטשלעכע איבערלעבונגען פון די מלחמה־יאָרן.

די טעטיקייטן אין דעם קלוב און אַרום דעם קלוב גיבן אויך דעם ייִדן אין פוילן די מיגלעכקייט זיך אויסצולעבן. ער קען זיך אויסלעבן ווערנדיק אַן אַקטיווער מיטגליד אין די כאָרן, דראַמאַטישע גרופּעס, אין די אינסטרו־מענטן־ און מאַנדאָלין־אָרקעסטערס, פון די לייען־קרייזן, קונסט־גרופּעס אד״גל. ער לעבט זיך אויך אויס ווי אַ באַזוכער און צושויער אויף די עפנט־לעכע אַרויסטרעטונגען פון די אַלע קולטור־גרופּעס. חוץ דעם האָט דער ייִד, באַזונדער דער וועלטלעכער ייִד אין פוילן — און ער איז די מערהייט — זיינע אַלגעמיינע טרויער־און יום־טוב טעג. די טרויער־טעג זיינען דער עיקר פאַרבונדן מיט די גרויזאַמע און אויך העלדישע געשעענישן אין די מלחמה־יאָרן.

יום־טוב טעג באַמיט מען זיך שאַפן אַרום דער ייִדישער קולטור־אַרבעט און אין פאַרבינדונג מיט וויכטיקע געשעענישן אָדער דאַטעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אַזוי קומען פאָר געגנט־און לאַנד־פעסטיוואַלן פון די כאָרן, דראַמאַטישע גרופּעס און אַנדערע קונסט־גרופּעס. איין מאָל אַ יאָר קומט אויך פאָר אַ יום־טוב פון ייִדישן בוך. אויף אַ גאָר גרויסן פאַרנעם איז געפייערט געוואָרן די דאַטע פון הונדערט יאָר ייִדישע ליטע־

ראַטור. אַחוץ וואָס עס זיינען פאָרגעקומען אין שייכות מיט דעם יום־טוב קאָנצערטן און פאַרזאַמלונגען אין פאַרשיידענע שטעט, איז אין דער שטאָט וורוצלאַוו פאָרגעקומען אַ דריי־טאָגיקער קולטור־יום־טוב, צו וועלכן עס זיינען זיך צונויפגעקומען הונדערטער פאַרטרעטערס פון פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד.

מיט אַ באַזונדערער התלהבות, אמתער חסידישער התלהבות, איז פאַר־צייכנט געוואָרן דער 50סטער יאָרצייט נאָך יצחק לייבוש פרץ. אין די פרץ־פייערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אומעטום, וואו עס געפינען זיך נאָר ייִדן, פונקט ווי אין די אַנדערע קולטור־יום־טובים, איז געקומען צום אויסדרוק די בענקשאַפט נאָך דעם פאַרגאַנגענעם אַמאָל, וואָס קען שוין מער צוריק ניט קומען. מען האָט דורך די פייערונגען געוואָלט כאָטש אויף אַ ווייל איבערלעבן פון דאָס ניי יענע צייטן, ווען ייִדיש לעבן און ייִדישע קולטור האָט געבליט אין פוילן.

ווען איך בין געווען אין פוילן, האָב איך געפילט אַז די אָביעקטיווע באַדינגונגען, די אָביעקטיווע פאַקטאָרן מעגן טאָקע ניט זיין געגוג גינסטיק פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער ייִדישער קולטור, שפּילט אָבער די אַנט־שיידנדיקע ראָלע דער סוביעקטיווער פאַקטאָר, דער אַנטשלאָסענער ווילן און דער עקשנות אויסצופילן דאָס לעבן פון דעם רעשטל ייִדן מיט אַ זין און אַן אינהאַלט, שענער און רייכער צו מאַכן דאָס היינטיקע ייִדישע לעבן אין פוילן. מען קען ניט צוריקברענגען די פאַרשניטענע ייִדישע לעבנס, מען קען אָבער און מען דאַרף טאָן אַלץ אַריינצוברענגען טרייסט און באַזינונג אין דעם לעבן פון דעם הייפעלע ייִדן, וואָס איז דורך אַ נס געבליבן ביים לעבן.

## דאָס וואַרעמע האַרץ פון אַמעריקאַנער ייִדנטום

**איך** בין געזעסן מיט אַ גרופּע ייִדן אין פוילן. יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס צו דערציילן וועגן זיינע איבערלעבונגען אין די מלחמה־יאָרן און גלייך נאָך דער מלחמה.

זאָגט מיר איינער:

— ווען צו אונדז איז דערגאַנגען די נייס, אַז די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און שלום הערשט אויף דער וועלט, האָט אונדזער האַרץ זיך געפרייט באַגלייך מיט אַלע מענטשן. אונדזער פרייד איז אָבער, ווי איר קענט מסתמא זיך פאָרשטעלן, געווען באַזונדער גרויס. ענדלעך האָבן מיר זיך באַפרייט פון דעם שוידערלעכן קאָשמאַר, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט די אַלע יאָרן. גרויס איז אויך געווען אונדזער שמחה, וואָס די פייניקערס אונדזערע האָבן געליטן אַזאַ מיאוסע מפּלה.

— אמת, מישט זיך אַריין אַ צווייטער. אָבער, ווען מיר זיינען פון די לאַגערן, פון די ווייטע געגנטן, וואוהין די מלחמה האָט אונדז פאַרוואָרפן, צוריקגעקומען אויף די אַלטע וואוינערטער, ווען מיר זיינען אַרויס פון די בונקערס און באַהעלטענישן, איז די פרייד אַוועק פון אונדז. מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין אומעט און טרויער. מיר האָבן דערזען חורבות פון אַן אַמאָליק לעבן. אַלץ איז געלעגן אין אַש און שטויב. אַלץ, וואָס מיר האָבן אַמאָל פאַרמאָגט, איז אַוועק מיטן שטורעם און פייער פון דער מלחמה, האָבן אומגעבראַכט די דייטשישע בעסטיעס. דאָס ערגסטע, מיר האָבן געזען אַז מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע, אַז מיר זיינען פאַרבליבן אַליין אויף דער וועלט, אָן אַ גואל, אָן אַ קרוב. האָט אונדז אַרומגענומען אַ צעפּרעסנדיק געפיל פון איינזאַמקייט. אונדז האָט זיך געדוכט, אַז די וועלט איז פאַר אונדז אונטערגעגאַנגען אויף אייביק, אַז אונדזער הימל וועט שוין פאַרבלייבן אַ פאַרוואָלקנטער, אַ פאַרכמאַרעטער, אַז די זון וועט פאַר אונדז שוין מער קיין מאָל ניט שיינען.

— יע, יע, זיפצט אַ דריטער. עס האָט אויסגעזען, אַז ביי אונדז אין פוילן וועט קיין ניי ייִדיש לעבן שוין מער ניט אויפקומען, און מיר וועלן פאַרבלייבן ניט מער ווי אַ צעשטויבטע, דערשלאָגענע מאַסע.

— אַזוי האָט עס טאַקע אויסגעזען, רייסט אים איבער דער ערשטער. אָבער גאָר גיך איז צו אונדז, צו דעם רעשטל אָפּגעראַטעוועטע ייִדן, געקומען טרייסט און דערמוטיקונג. מיר האָבן דערזען אַז מיר זיינען ניט אַליין אויף דער וועלט, אַז עס איז פאַראַן אַ ברודער ערגעץ אין דעם ווייטן אַמעריקע, וואָס איז גרייט אונדז אויפצוהייבן פון אונדזער געפאַלנקייט. פון דאָרטן איז אויך געקומען גיכע הילף.

— איר קענט זיך גאָרניט פאָרשטעלן, איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון ייִדן אין פוילן, ווי זיכערער מיר האָבן זיך געגומען פילן, ווען עס האָבן געגומען קומען צו אונדז שליחים פון אַמעריקע. דער אָפּגרונט, פאַר וועלכן מיר זיינען געשטאַנען, האָט געגומען ווערן פלאַכער, קלענער.

— און ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד, דערציילט מיר איינער, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען אַקטיוו אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג פון פוילן, ווען דער אַרבעטער־קאָמיטעט און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן געגומען אויסגעפינען פאַר אונדז שוין לאַנג פאַרגעסענע קרובים אין אַלע ווינקעלעך פון אַמעריקע. אָט די קרובים זיינען פלוצעם אונדז נאָענט געוואָרן. אויך מיר זיינען פון דאָס ביי זיי נאָענט געוואָרן. זייער וואַרעמער אָפּרוף האָט אונדז ממש געריירט.

— גרויס איז געווען אונדזער פרייד, דערציילט נאָך איינער, ווען פאַר אונדז האָט זיך פלוצעם געעפנט די וועלט, די וועלט פון אונדזערע ברידער אין פאַרשיידענע לענדער, און פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס — דער „דזשאָינט״, אַרבעטער־קאָמיטעט און אַנדערע — האָבן געהאָלפן אויסוואַנדערן די וואָס

האָבן געוואָלט, די וואָס זיי איז געווען שווער צו פאַרבלייבן אין אַ לאַנד פון אַזוי פיל טראַגיש־גרויזאַמע איבערלעבונגען פאַר דעם ייִדן.

אַזעלכע רייד האָב איך געהערט אין פוילן פון אַלע זייטן. ניט פון אָפּי־ציעלע מענטשן, נאָר פון ייִדישע פאָלקס־מענטשן אין מיינע געשפּרעכן מיט זיי.

פלעג איך זיי דערציילן ווי אין צייט פון דער מלחמה האָט דאָס אַמע־ריקאַנער ייִדישע האַרץ געקלאַפּט אין טאַקט מיט זיי, מיט די ייִדן, וואָס האָבן אויף זייערע פּלייצעס דורכגעטראָגן די שרעקלעכסטע קאַטאַסטראָפע. איך פלעג דערציילן אַז ביי ייִדן אין אַמעריקע איז שטאַרק דאָס באַוואוסט־זיין אַז ייִדן איבער דער וועלט זיינען איין פאָלק. אויב זיי אַליין לעבן אין זיכערקייט, איז עס ניט ווייל זיי זיינען בעסערע ייִדן, נאָר גליקלעכערע. יעדער ייִד האָט געפילט, אַז ער געפינט זיך אין דער זיכערקייט פון אַמעריקע נאָר דורך אַ צופאַל. מיט אָט דעם באַוואוסטזיין זיינען געווען דורכגעדרונגען אַלע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אַלע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, וועלט־לעכע און רעליגיעזע, האָבן זיך באַמיט צו קומען צו הילף די ייִדן אין איירָאָפּע מיט וואָס מען האָט נאָר געקענט און צו ראַטעווען ייִדישע לעבנס, ווען און וואו דאָס איז מיגלעך געווען. זיי האָבן דאָס באַטראַכט ווי אַ פליכט, ניט ווי צדקה. ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, איז די זאָרג פון אַמעריקאַנער ייִדן געוואָרן, ווי אַזוי שטעלט מען אויף אַ ניי לעבן פאַר די וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם שוידערלעכן אוראַגאַן.

ווען איך פלעג אַזוי רעדן, פלעג איך באַלד הערן שטימען פון צושטי־מונג און באַשטעטיקונג. איינער האָט זיך אַפילו אויסגעדריקט:

— אַ ברודער צו אַ ברודער איז ניט גלייך. אין אונדזער אומגליק זיינען מיר געווען מזלדיק צו האָבן אַזאַ געטרייען, איבערגעגעבענעם ברודער ווי דער אַמעריקאַנער ייִד.

דערציילט מיר אַן אַמאָליקער פאַרוואַלטער אין אַ נאָך־מלחמהדיקן לאַ־גער אין דייטשלאַנד:

— ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער, האָבן מיר זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מיר זיינען געווען פיזיש און גייסטיק צעבראָכן. עס האָט שוין אָבער אויף אונדז דאָרטן געוואַרט די הילף פון אַמעריקאַנער ייִדן, באַזונדער פון „דזשאָינט״. מיר האָבן באַלד דערפילט זיין וואַרעמע, העלפנדיקע האַנט. ער האָט געזוכט שטילן אונדזער הונגער, געבראַכט מעדיציניש[ע] הילף צו די קראַנקע און ליידנדיקע. ער האָט זיך אויך געזאָרגט מיר זאָלן ווערן פאַרדינערס, מיר זאָלן ווערן עקאָנאָמיש זעלבשטענדיק. ער האָט זיך געזאָרגט וועגן אונדזערע רעליגיעזע און גייסטיקע נויטן, וועגן דער דער־ציאונג פון די קינדער. האָט ער געעפנט אין די דייטשישע לאַגערן קינדער־גערטנער, שולן פאַר קינדער, תלמוד־תורות, געשטיצט סינאַגאָגעס (מיר ווילן דאָ פון אונדזער זייט באַמערקן, אַז די אַרבעט זיינע האָט דער „דזשאָינט״ דורכגעפירט מיט דער מיטהילף פון אַנדערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס).

דערציילט מיר נאָך איינער:

— כאָטש דער „דזשאָינט" האָט געטאָן אַלץ אויסצולײדיקן די ייִדישע לאַגערן אין דײטשלאַנד, האָט ער אָבער געהאַלטן, אַז ווי לאַנג ייִדן געפֿינען זיך אין זיי, ווי צײטווײליק עס זאָל דאָרטן ניט זײַן זייער אויפֿהאַלט, דאַרפֿן אויך באַפֿרידיקט ווערן זייערע קולטור־נויטן. האָט ער עטלעכע יאָר אויפֿגעהאַלטן אַ ייִדיש טעאַטער אין מינכען, דײַטשלאַנד.

עס זײַנען אָבער אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיט ביטערקייט גערעדט וועגן דעם, אַז בעת דער מלחמה האָבן די אַמעריקאַנער ייִדן ניט געטאָן גענוג צו ראַטעווען זייערע ברידער פֿון טויט. זיי האָבן אויך גערעדט מיט ווייטאָג וועגן דעם וואָס די וועלט איז געווען אַזוי גלײַכגילטיק צו זייער גרויזאַמען שיקזאַל. אין געוויסע רייד האָט זיך אויך געפֿילט אַ טאָן פֿון קנאה צו די אַמעריקאַנער ייִדן וואָס זײַנען געווען און זײַנען די „מער גליקלעכע".

גלײַך נאָך דער מלחמה האָבן די אַמעריקאַנער ייִדן ניט נאָר געבראַכט טרייסט און דערמוטיקונג צו די ייִדן אין פּוילן, נאָר אויך גיכע הילף וואָס איז יעמאָלט געווען דרינגנד. מען האָט געדאַרפֿט העלפֿן די קראַנקע, די אַלטע לײַט, די יתומים. פֿון אַלע זײַטן נעמען קומען שפּײַז־פּעקלעך, קליידער־פּעקלעך און מעדיקאַמענטן. מען עפֿנט קיכן פֿאַר די הונגעריקע. עס קומט אויך הילף מיט געלט. אַלע אַמעריקאַנער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס באַטייליקן זיך אין דעם, אין דער אָדער אַנדער פֿאָרעם. אויפֿהאַלטן די נשמה און גוף, באַזאָרגן מיט שוך און קלייד, זאָרג פֿאַר די אַלטע און קראַנקע, פֿאַר די וואָס קענען ניט אַרבעטן — איז טאַקע ביז גאָר וויכטיק. אָבער דאָס אַליין איז ניט גענוג. ניט ווייניקער וויכטיק און דרינגנד איז געווען צו שטעלן דאָס רעשטל ייִדן עקאָנאָמיש אויף די אייגענע פֿיס, זיי מאַכן אַרבעט־פֿעיִק און זעלבשטענדיק, זיי זאָלן ניט דאַרפֿן אָנקומען צו צדקה. מעג די צדקה קומען פֿון אַ וואַרעם האַרץ און מיט אַ ברייטער האַנט. צו דער אויפֿגאַבע נעמען זיך די צוויי גרויסע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, דער „דזשאָינט" און דער „אָרט". זיי, צוזאַמען מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, העלפֿן צוריק אויפֿשטעלן דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן — עקאָנאָמיש, גײַסטיק און קולטורעל.

אויך די דעמאָלטדיקע צײטווײליקע רעגירונג, וואָס איז אַ קאָאַליציע פֿון פֿאַרשיידענע פּאַרטייען, באַמיט זיך צו העלפֿן די ייִדן אין זייער ביטערער נויט. זי אַסיגנירט אַ באַדייטנדיקע סומע פֿאַר ייִדישע הילף־צוועקן. זי איז פֿאַראינטערעסירט צו רעהאַביליטירן דעם ייִדן עקאָנאָמיש. די קאָמוניסטן אין דער רעגירונג שטעלן זיך אין יענער צײַט אַרויס דער עיקר ווי פּאַטריאָטן, פּוילישע נאַציאָנאַליסטן, ווייניקער ווי קאָמוניסטן. זייערע וואָרטזאָגערס פֿאַרזיכערן אַז פּריוואַטע און קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען וועלן פֿאַרבלײַבן פּערמאַנענט אין דערווירטשאַפֿט פֿון לאַנד. באמת, אָנהייב 1946 האָט מען נאַציאָנאַליזירט נאָר די אונטערנעמונגען, וואו עס זײַנען געווען באַשעפֿטיקט מער ווי פֿופֿציק פּערזאָן.

די פּסיכאָלאָגיע פֿון דעם ניט־ייִדן — ווי פֿאַרגעשריטן און טאָלעראַנט ער זאָל ניט זײַן — איז אַז דער ייִד איז רײַך. אויב ניט ער אַליין, איז רײַך

זיין קרוב, עמעצער אין זיין משפחה, און אַז איין ייִד וועט ניט פאַרלאָזן אַ צווייטן. דער ניט־ייִד איז זיכערער, אַז כל ישראל חברים, ווי דער ייִד גופא. קומט אָן אין 1946 אַ ווענדונג צום ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק פון דעם פוילישן וואוילזיין־מיניסטער דזשאָן סטאַנטשיק (אַ מיטגליד פון מיקאָלאַיטשיקס פויערים־פּאַרטיי) מיט אַ דרינגענדן רוף נאָך הילף. אין דעם רוף דערציילט דער מיניסטער, אַז די גאַנצע פוילישע באַפעלקערונג לעבט אין גרויס נויט, אָבער די לאַגע פון די ייִדן איז ביז גאָר ביטער. זיי האָבן אַלץ פאַרלאָרן. די פוילישע רעגירונג פאַרמאָגט ניט גענוג מיטלען זיי צו העלפן. בעט ער הילף ביי דעם ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט. דער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט די הילף געשיקט. ער שיקט געלט, קליידער, שפּייז, ער העלפט בויען קאָאָפּעראַטיוון. די ייִדן אין אַמעריקע האָבן ניט געוואַרט דער פוילישער מיניסטער זאָל בעטן הילף. די הילף איז געקומען פון יחידים און פון קליינע און גרויסע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

דער ייִדישער צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן העלפט אָרגאַניזירן קאָאָ־פּעראַטיוון מיט דעם געלט וואָס ער קריגט פון אַמעריקע. ער האָלט אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וועט שאַפן אַ פעסטע באַזע פאַר דער ייִדישער עקאָנאָמיק אין פוילן. ער באַזאָרגט אויך מיט הלוואות ייִדישע בעלי־מלאכות זיך אויפצושטעלן וואַרשטאַטן און העלפט פּריוואַטע אונטערנעמערס. ד״ר יוסף שוואַרץ פון „דזשאָינט״, וואָס האָט יעמאָלט באַזוכט פוילן, האָט אַזוי סומירט זיינע איינדרוקן:

עס איז צו באַוואונדערן וויפל לעבנס־קראַפט עס איז פאַרבליבן ביי די ייִדן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַצישן טעראָר. די מערהייט ייִדן איז נייגעריק צו אַרבעטן, זיך אויסלערנען אַ פאַך. זיי ווילן ווערן ניצלעכע בירגערס. עס ווערט צוריק אויפגעשטעלט אַ ייִדיש גייסטיק לעבן אין דעם לאַנד, וואו עס האָט אַמאָל געבליט די ייִדישע קולטור.

אַזוי האָט עס אויסגעזען. צום באַדויערן איז דער ייִדישער מאַרטירער־וועג אין פוילן נאָך ניט געווען אין גאַנצן פאַרענדיקט. דער בעכער ייִדישע טרערן איז נאָך ניט געווען פול. וועגן דעם און נאָך עפּעס אין דעם קומע־דיקן קאַפּיטל.

***

איך וויל נאָך צוגעבן: ווען איר פאָרט איבער דער ייִדישער וועלט און קוקט זיך צו צו דער אַרבעט פון „דזשאָינט״ און „אָרט״ אין די לענדער, וואו מען לאָזט זיי זיין טעטיק, ווערט איר באַגייסטערט. דער שענסטער שטריך פון די אָרגאַניזאַציעס איז, וואָס זיי פרעגן ביי קיינעם זיך ניט נאָך צו וועלכער פּאַרטיי ער געהערט, צי ער איז אַ גלייביקער ייִד, אָדער ניט, צי ער איז אַ נאַציאָנאַלער, אָדער אַסימילירטער ייִד, אַן אשכנזי, אָדער ספרדי. וואָס זיי ווילן וויסן איז מיט וואָס זיי קענען העלפן דעם געפאַלענעם ייִדן זיך צוריקשטעלן אויף די פיס, מיט וואָס זיי קענען אים העלפן געווינען זיין מענטשלעכע חשיבות.

# אין אַרבעט
# לינגט די מזל־ברכה

ביים סוף פון 1947 קומט אין פוילן אָן ענד צו דער „קוואַליפיציע־רעגי־רונג", צו דער רעגירונג פון „נאַציאָנאַלער אײנהייט". די מאַכט ווערט אין גאַנצן אַ קאָמוניסטישע.

דאָס געשעט גראָד אין דער צייט ווען דאָס ייִדישע לעבן אין פוילן האָט געהאַלטן אין אײנשטעלן זיך. מיט דער הילף פון „דזשאָינט" האָבן ייִדישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון געהאַלטן אין איין וואַקסן און ביים אָנהייב פון 1948 האָט זייער צאָל דערגרייכט איבער צוויי הונדערט. די קאָאָפּעראַטיוון זיינען פּאַקטיש געווען פּריוואַטע אונטערנעמונגען און עס האָבן אין זיי געאַרבעט זעקס טויזנט מענטשן. ייִדן זיינען אויך געווען פאַרטראַטן אין פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, אין האַנדל און אינדוסטריע.

די „ריינע" קאָמוניסטישע רעגירונג הייבט אָן פירן אַ „סאָציאַליסטישע" עקאָנאָמישע פּאָליטיק. גלייכצייטיק מיט דער פאַרשטאַרקטער אינדוסטריאַ־ליזאַציע — דער פאַרבאַדינג פאַר אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט — איז אָפּגעשאַפט געוואָרן פּריוואַטער האַנדל און מען האָט גענומען ליקווידירן קליינע פּראָדוצירערס. די ייִדישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון האָט מען אָדער פונאַנדערגעלאָזן, אָדער צונויפגעגאָסן. ייִדישע בעלי־מלאכות, קליינע פּראָ־דוצירערס און פּריוואַטע אונטערנעמערס, וואָס האָבן ווי־ניט־איז זיך דורכ־געשלאָגן חיונה, ווערן געצוואונגען אויפצוגעבן זייערע פריערדיקע פּרנסות. זיי קומט איצט אויס צו זוכן אַרבעט אין מלוכהשע פאַבריקן און קאָאָפּעראַ־טיוון, אָפט מאָל אויך צו בייטן זייער פאַך אָדער באַשעפטיקונג. דאָס איז פאַר זיי געווען אַ גאָר פּיינלעכער פּראָצעס. צו דעם איז דער קבלת־פּנים, וואָס די פּוילישע אַרבעטער האָבן זיי געגעבן אין די פאַבריקן און קאָאָפּעראַ־טיוון, גאַנץ אָפט געווען אַ ביז גאָר פּיינדלעכער.

די ייִדישע קאָמוניסטן זיינען געווען די איינציקע וואָס האָבן זיך געפרייט מיט דעם וואָס דער ייִד איז געצוואונגען, קעגן זיין ווילן, עקאָנאָמיש זיך איבערצובוגן. אין זייערע שריפטן האָבן די ייִדישע קאָמוניסטן מיט אַ טריאומפירנדיקן טאָן דערקלערט: „די אַזוי־גערופענע ספּעציפישע ייִדישע עקאָנאָמיק" פאַרשווינדט אין פוילן פונקט „ווי עס זיינען אונטערגעגאַנגען די פאַרמעגלעכע קלאַסן, ייִדישע פאַבריקאַנטן, ייִדישע סוחרים (עס ווילט זיך דאָ באַמערקן: האָט דאָך דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט נאָך פריער פאַר זיי אָפּגעטאָן דער דייטש); ייִדישע בעל־מלאכות, דער ייִדישער פאַרמיטלער און די קאָרופּטירטע ייִדישע אינטעליגענץ". זיי האָבן זיך אויך ניט געשעמט מיט פרייד צו פּראָקלאַמירן, כאָטש זיי האָבן גוט געוואוסט וואָס עס קומט באמת פאָר אין די מלוכה־פאַבריקן, אַז אויפן אָרט פון די אונטערגעגאַנגענע קלאַסן איז אויפגעקומען אַ ייִדישער פּראָלעטאַריאַט „און פאַר אים האָבן זיך ברייט געעפנט די טירן פון דער סאָציאַליסטישער פאָלקס־עקאָנאָמיע".

די עקאָנאָמישע ענדערונגען אין פּוילן האָבן אַרויסגערופן אומרו ביי דער יידישער באַפעלקערונג. הייבט זיך ווידער אָן אַ גרעסערע יידישע עמיגראַציע פון פּוילן. קעגן דעם נייעם עמיגראַציע־שטראָם שטעלן זיך מיט דער גאַנצער קראַפט די יידישע קאָמוניסטן.

אין יענער צייט — אין אַ גרויסער מאָס אינסטיגירט פון סטאַלינען — ווייזן די סאָוועטישע סאַטעליטן אַרויס אַלץ מער אַנטיסעמיטישע נייגונגען, און אין 1949 ווערט אין אַלע „פּאָלקס־דעמאָקראַטיעס" אָפּגעשטעלט יעדע טעטיקייט פון „דזשאָינט" און „אָרט". דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דער צייט, ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך באַזונדער גענייטיקט אין דער הילף פון אָט די צוויי אָרגאַניזאַציעס. מיט דער איינפירונג פון דער קאָמוניסטישער סיסטעם אין די לענדער ווערט דער ייד עקאָנאָמיש אַן אי־בעריקער, אַ דעקלאַסירטער. איז נייטיק געווען, אַז עמעצער זאָל אים העלפן זיך איבערקוואַליפיצירן, זיך אויסצולערנען אַ פאַך, כדי זיך אַריינצוגלידערן אין דער נייער געזעלשאַפט און ווערן אַ טייל פון איר. אָט די פונקציעס האָבן די ערשטע צייט דורכגעפירט דער „דזשאָינט" און „אָרט". בייזע אַנ־טיסעמיטישע גייסטער האָבן, ווי עס זעט אויס, דאָס ניט געקענט פאַרטראָגן און האָבן אָן רחמנות איבערגעריסן די פעדעם, וואָס האָבן פאַרבונדן די יידן פון אַמעריקע מיט די יידן פון די קאָמוניסטישע לענדער.

ווען איך בין געווען אין טשעכאָסלאָוואַקיע און שפּעטער אין אונגאַרן און רומעניע, האָב איך בעת מיינע באַגעגענישן מיט יידן תמיד געהערט די פראַגע: ווען וועלן דער „דזשאָינט" און „אָרט" צוריקקומען צו אונדז? אין דער פראַגע האָב איך געפילט בענקשאַפט און טרויער, וואָס מען איז אָפּגעריסן פון יידן איבער דער וועלט, וואָס אין צייטן פון נויט און גרויסע זאָרג איז מען איינזאַם און פאַרלאָזן, וואָס עס ווערט צו זיי ניט צוגעלאָזן די הילף פון אייגענע ברידער — פון ברידער וואָס זיינען ווילּיק און גרייט צו העלפן.

אין 1956 — דריי יאָר נאָך סטאַלינס טויט, ווען מען האָט גענומען אַ טראָפּיטשקע פרייער אָטעמען אין די קאָמוניסטישע לענדער — איז אין פּוילן, ווי די פּאָליאַקן רופן עס, געקומען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע — זייער אָקטאָבער — וואָס האָט געבראַכט אַ מער ליבעראַלן רעזשים מיט גאָמולקאָ בראָש. גאָר גיך נאָך דעם, אין 1957, האָט מען דאָרטן דערלויבט ווידער פונקציאָנירן דעם „דזשאָינט" און דעם „אָרט".

ווי אַזוי איז צו דעם געקומען? אין 1957 האָט גאָמולקאָ געשלאָסן אַ רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד, לויט וועלכן 300 טויזנט פּוילישע ביר־גערס, וואָס האָבן בעת דער מלחמה פאַרוואָגלט קיין רוסלאַנד, האָבן געקראָגן דאָס רעכט זיך אומצוקערן קיין פּוילן. צווישן זיי זיינען געווען אומגעפער דרייסיק טויזנט יידן. צו אַבסאָרבירן די פּאָליאַקן אין דער עקאָנאָמיע פון לאַנד איז געווען גרינגער ווי די יידן. זיי האָבן געקענט אַוועק אין דאָרף. אָבער וואָס טוט מען מיט די יידן? די פּוילישע מלוכה איז גאָרניט געווען

נייגעריק צו נעמען אויף זיך די לאַסט זיי צו באַזאָרגן. זיינען די ייִדישע קאָמוניסטן, אין דער פּערזאָן פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד, געפאַלן אויף אַ פּלאַן: צוריק עפענען די טיר, וואָס איז מיט יאָרן פריער פאַרשפּאַרט געוואָרן פאַר דעם „דזשאָינט" און דעם „אָרט".

ס'איז אַ ביסל איבער זיבן זינט יאָר ביידע אָרגאַניזאַציעס זיינען צוריק געוואָרן טעטיק אין פּוילן און זייער ווירקונג פילט זיך ביז גאָר שטאַרק אין ייִדישן לעבן. ערשטנס, די דירעקטע הילף וואָס דער „דזשאָינט" ברענגט די ייִדן אין פּוילן, די קראַנקע און הונגעריקע, די וואָס זיינען צו אַלט זיך אַריינצופּאַסן אין דעם נייעם לעבן און צו נויטבאַדערפטיקע בכלל. אָט די אַרבעט זיינע טוט דער „דזשאָינט" דורך ספּעציעלע קאָמיטעטן, אין וועלכע עס זיינען פאַרטראָטן דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד און די רע־ליגיעזע קהילות. עס האָבן געקראָגן הילף אין 1964 דרייצן טויזנט פּערזאָן; זיבן טויזנט מיט געלט; 1,750 מיט שפּייז; 750 האָבן געקראָגן מעדיציניש הילף. עס האָבן אויך געקראָגן שטיצע 1,790 פּערזאָן וואָס האָבן זיך באַטיי־ליקט אין פאַרשיידענע קולטור־פּראָיעקטן און 212 סטודענטן; אויך העלפט דער „דזשאָינט" אויסהאַלטן אַ מושב זקנים אין וואַרשע מיט הונדערט איינ־וואוינערס און 15 כשרע קיכן אין פאַרשיידענע שטעט אונטער דער השגחה פון ועד־הקהילות. אויסער דעם פאָרן אַרויס מיט דער הילף פון „דזשאָינט" דריי טויזנט קינדער אין זומער־קעמפּס. די פאַקטן ווייזן ווי גרויס עס איז נאָך די אָרעמקייט צווישן די פּוילישע ייִדן.

דאָס צוריקקומען פון „דזשאָינט" און „אָרט" קיין פּוילן פאַרגרינגערט דעם ייִדנס קאַמף פאַר זיין עקאָנאָמישער עקסיסטענץ. דער „דזשאָינט" העלפט מיט אין דעם אויפבוי פון ייִדישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון. דער „אָרט", ווידער, העלפט דעם ייִדן זיך איבערצוקוואַליפיצירן אין זיין באַשעפטיקונג, לערנען אַ פאַך כדי עס זאָל אים גרינגער זיין עקאָנאָמיש זיך אַריינצולעבן אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

ווען איך האָב געהערט רעדן די פאַרטרעטערס פון פאַרבאַנד, אַז אין פּוילן איז פאַר דעם ייִדן אָפן דער וועג אויף אַלע געביטן פון לעבן, האָב איך ניט איין מאָל געפרעגט:

— ווי באַלד אַזוי, איז צו וואָס דאַרפן זיין ספּעציעלע ייִדישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון און פאַך־שולן?

אויף דעם פלעגט קומען אַזאַ ענטפער: דער ייִד אין פּוילן געפינט זיך אין אַן אַנדער לאַגע ווי דער ניט־ייִד. מען טאָר קיין מאָל ניט פאַרלירן פון אויג דעם לעבעדיקן ייִדישן מענטשן מיט זיינע אייגנאַרטיקע באַדערפעניש. אין רעזולטאַט פון זיינע מלחמה־איבערלעבונגען איז דער ייִד פּסיכיש אַנ־דערש איינגעשטעלט ווי דער ניט־ייִד. אַ ספּעציעלע לאַגע שאַפט זיך אויך צוליב דעם וואָס אין די ייִדישע אַרבעט־קאָאָפּעראַטיוון זיינען 65 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע אין עלטער פון 40 ביז 60 יאָר. גרויס איז צווישן זיי אויך די צאָל פרויען. די קאָאָפּעראַטיוון גרופּירן אַרום זיך אַן עלעמענט

אַרבעטער, וואָס איז פאַרשיידן לויט זיין קולטור־ניוואָ, לויט זיינע געוואוינ־הייטן און מענטאַליטעט. מען דאַרף די אַרבעט צופּאַסן צו די מיגלעכקייטן פון עלטערע, אָפט קראַנקע, מענטשן מיט קנאַפּע קוואַליפיקאַציעס. מען דאַרף זיך זאָרגן וועגן פרויען וואָס האָבן קליינע קינדער און מוזן אַרבעטן כדי עס זאָל זיין גענוג אויף אויסקומעניש. גיבן די קאָאָפּעראַטיוון אַרויס אַרבעט אין דער היים צו פרויען און קראַנקע. צו די ספּעציפישע פונקציעס פון די קאָאָפּעראַטיוון געהערט אויך דאָס באַפרידיקן די קולטור־נויטן פון די מיטגלידער און זיי זיינען ניט די זעלביקע ביי דעם ייִדן ווי ביי דער אַלגע־מיינער באַפעלקערונג. אָט די אַרגומענטאַציע פאַר באַזונדערע ייִדישע קאָאָ־פּעראַטיוון איז אַ ריכטיקע. אָבער אַ ביז גאָר וויכטיקן מאָמענט האָבן מיינע מיטשמועסערס דורכגעלאָזן, גיכער ניט געוואָלט צוגעבן: דעם גוואַלדיקן אַנטיסעמיטיזם וואָס ייִדן באַגעגענען אין די אַלגעמיינע קאָאָפּעראַטיוון און פאַבריקן. די וואָס זוכן איינצופלאַנצן ביי דעם ייִדן פּוילישן פּאַטריאָטיזם קענען דאָס ניט צוגעבן.

אין פּוילן זיינען פאַראַן 17 ייִדישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון פון פאַר־שיידענע מינים. זיי באַשעפטיקן איבער צוויי טויזנט פּערזאָן. אַחוץ דעם גיבן די קאָאָפּעראַטיוון אַרויס אַרבעט אין דער היים נאָענט צו 500 פּערזאָן, דער עיקר פרויען. אין 1964 זיינען צווישן 7 און 8 טויזנט ייִדן, אַריינגערעכנט די פאַמיליעס, געווען פאַרבונדן מיט די קאָאָפּעראַטיוון. דאָס איז איבער אַ פערטל פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן. די קאָאָפּעראַטיוון ווערן אָנגעפירט פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד. איז דעריבער דער פאַרבאַנד, אַחוץ אַ קולטור־כוח, אויך אַ שטאַרקער עקאָנאָמישער כוח. דאָס פאַרשטאַרקט ביז גאָר זיין השפּעה און מאַכט אין ייִדישן לעבן. אָן ערך 1,500 פון די 2,000 מיטגלידער אין די קאָאָפּעראַטיוון באַלאַנגען צום פאַרבאַנד. ווי מיר האָבן שוין אַמאָל דערציילט, גייט 20 פּראָצענט פון דעם ריינעם פאַר־דינסט פון די קאָאָפּעראַטיוון אויף דער קולטור־אַרבעט פון פאַרבאַנד. דער פאַרבאַנד טוט אַלץ אַריינצוציען אין זיינע רייען אויך די אַרבעטער אין די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זיינען אָן אים נאָך ניט אָנגעשלאָסן. זיין ציל איז ענג צונויפצובינדן די עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס מיט דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון די ייִדן.

די טעטיקייט פון „דזשאָינט" אין פּוילן — און ניט נאָר אין פּוילן — און פון די קאָאָפּעראַטיוון איז ענג פאַרבונדן מיט דער אַרבעט פון „אָרט". שוין 7 יאָר ווי די ביידע אָרגאַניזאַציעס פונקציאָנירן ווידער אין דעם לאַנד. דער „אָרט", ווי נאָר ער האָט באַנייט זיין טעטיקייט, האָט באַלד זיך געשטעלט פאַר זיין וויכטיקסטער אויפגאַבע אויסצולערנען ייִדן אַ פאַך כדי זיי זאָלן קענען געפינען פאַר זיך אַ וועג אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. אויף ווי וויט דער „אָרט" איז פאַרבונדן מיט די קאָאָפּעראַטיוון זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס 75 פּראָצענט פון די וואָס אַרבעטן אין זיי האָבן געקראָגן זייער פאַך־שולונג אויף די פאַרשיידענע קורסן פון „אָרט".

אין אַן ערך 12 שטעט און שטעטלעך זיינען פֿאַראַן אַרום און אַרום 35 פֿאַרשיידענע קורסן פֿון „אָרט". אויף די קורסן האָבן במשך פֿון 7 יאָר זיך געלערנט 7 טויזנט פּערזאָן. „אָרט" טוט אַלץ צו דערגאַנצן די פֿאַך־קענטענישן פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער און צו העכערן זיינע קוואַליפֿיקאַציעס. אין דעם פּרט באַגעגנט דער „אָרט" שטערונגען. אַ גרויסער טייל אַרבעטער פֿאַרשטייט ניט ווי וויכטיק עס איז צו העכערן די פֿאַך־קענטעניש, אָדער זיך אויסצולערנען אַרבעטן אויף מאָדערנע, מער קאָמפּליצירטע מאַשינען. מען האָט מורא צו בייטן אַלטע געוואוינהייטן, פּרוּוון עפּעס נייס. אָפֿט פֿאַרמאָגן ניט די אַרבעטער דאָס עלעמענטאַרסטע וויסן. מען קען דאָך ניט אויסלערנען איינעם די מאָדערנע טעכניק, ווען ער ווייסט אַפֿילו ניט ווי צו כפֿלען, אָדער מולטיפּליצירן, קומט אויס אויף די קורסן פֿון „אָרט" צו לערנען פּשוטע רעכענונג און צו געבן וועלכן־עס־איז וויסן. מען לערנט דאָרטן, ווען נייטיק, אויך פֿיזיק און כעמיע און העכערע מאַטעמאַטיק. אויך גרייט דער „אָרט" צו צו עקזאַמענס אויף צו קריגן געזעלן־ און מייסטער־דיפּלאָמען. דאָס פֿאַרגרינגערט צו ווערן באַשעפֿטיקט אין דער אינדוסטריע פֿון לאַנד.

„אָרט" גרייט אויך צו ייִדישע יוגנטלעכע זיי זאָלן זיין פֿעיִק אַריינצוטרעטן אין לעבן. אין פּוילן איז ניט גרינג אַנצוקומען אין אַ מיטלשול אָדער אין אַ מלוכהשער פֿאַכשול. אַוודאי איז ביז גאָר שווער אַנצוקומען אין אוניווערסיטעט. באַזונדערע שוועריקייטן באַגעגנט די ייִדישע יוגנט, שוין אָפּגערעדט פֿון די אַנטיסעמיטישע שטימונגען וואָס הערשן אין דער אַלגעמיינער שול. לייגט איצט דער „אָרט" ספּעציעלע אויפֿמערקזאַמקייט אויף דער אַרבעט צווישן דער יוגנט, וואָס נאָך דעם פֿאַרענדיקן די עלעמענטאַר־שול האָט זי ניט קיין מיגלעכקייט פֿאָרצוזעצן ווייטער דאָס אַלגעמיינע לערנען. באַזונדער אינטערעסאַנט אין דעם פּרט איז די פֿאַכשול אין וואָרצלאַוו. צוזאַמען מיט דער פֿאַכבילדונג קריגן די תּלמידים אין דער שול אויך אַן אַלגעמיינע בילדונג. אויך לערנט מען דאָרטן ייִדישע געשיכטע, די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור. די פֿאַכקורסן זיינען אין ראַדיאָמעכאַניק, עלעקטראָטעכניק, טעכנישע צייכענונג און נאָך אַנדערע פֿאַכן. אין דער שול לערנען שילערס פֿון פֿאַרשיידענע שטעט. דער „אָרט" גיט זיי סטיפּענדיעס אויף אויסצוהאַלטן זיך. אויך שטעלט זיך דער „אָרט" די אויפֿגאַבע אויסצושולן אַבסאָלווענטן פֿון מיטלשולן, וואָס זיינען צוליב פֿאַרשיידענע סיבות ניט אָנגעקומען אין אַ הויכשול. דער „אָרט" גייט נאָך ווייטער. ער גרינדעט פֿאָליטעכנישע קרייזלעך פֿאַר דער ייִדישער שוליוגנט. אין 56 קרייזלעך לערנען זיך 682 ייִנגלעך און מיידלעך.

מיר האָבן זיך גענויער אָפּגעשטעלט אויף דער אַרבעט פֿון „אָרט" ניט כדי אים צו רעקלאַמירן. אמת, ער פֿאַרדינט עס כשר. מיר ווילן נאָר וויזן ווי אַזוי ער, צוזאַמען מיטן „דזשאָינט", שטאַרקן און האַלטן אויף דאָס ייִדישע עקאָנאָמישע לעבן אין פּוילן. זיכער קען די אַרבעט געטאָן ווערן נאָר אין פֿאַרבינדונג מיטן קולטור־געזעלשאַפֿטלעכן פֿאַרבאַנד און זיכער גיט די

אַרבעט צו אַ סך פּרעסטיזש דעם פֿאַרבאַנד. איז דען אָבער דאָ אַן אַנדער ברירה? סיידן לאָזן דעם ייִדן אויף הפקר. וועלכע ייִדישע האַרץ קען צו דעם צושטימען?

וואָס מער מיר האָבן זיך באַקענט מיט דעם ייִדישן לעבן אין פּוילן, גלייך נאָך דער מלחמה און שפּעטער, אַלץ מער זיינען מיר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אָן דער הילף פֿון אַמעריקאַנער ייִדן וואָלט דער ייִד אין פּוילן ממש פיזיש אונטערגעגאַנגען. ווי האָט מיר איינער געזאָגט:

— אָן דעם מעל פֿון אַמעריקע וואָלטן מיר אויסגעשטאָרבן פֿון הונגער.

אַ דאַנק דער אַמעריקאַנער הילף איז דעם ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט געלונגען איינצושטעלן אָרדענונג ביי ייִדן אויפֿן אָרט פֿון דעם נאָך־מלחמה־דיקן כאַאָס, אַריינצוטראָגן אַ ביסל פֿרייד אין ייִדישן לעבן. דערנאָך איז געקומען דער קולטור־פֿאַרבאַנד און האָט אַלץ איבערגענומען. אין ייִדישן לעבן, פּונקט ווי אין אַלגעמיינעם לעבן פֿון פּוילן, האָט מען גלייך נאָך דער מלחמה געשאַפֿן אַ פּראָנט פֿון „נאַציאָנאַלער איינהייט". איז נאָר דאָס לאַנד געקומען צו זיך, איז געוואָרן אויס מיט דער „נאַציאָנאַלער איינהייט". אַזוי איז געווען אין דעם אַלגעמיינעם לעבן, אַזוי אויך אין ייִדישן לעבן.

## ייִדן זוכן אין פּוילן אַ שפּור פֿון נאָענטע

איך זוך די נאָענטע מיינע
אויף יעדן בערגל אַש.
(אויפֿשריפֿט אויף דעם דענקמאָל אין לובלין
נאָך די אומגעקומענע ייִדן)

אַן אומעט וואָס פֿילט מיך אָן מיט ווייטאָגדיקן טרויער באַפֿאַלט מיך יעדער מאָל, ווען איך קוק דורך די פֿאָטאָגראַפֿיעס, וואָס איך האָב מיט יאָרן צוריק מיטגעבראַכט מיט זיך קיין אַמעריקע פֿון יענער זייט ים. איך קוק אויף די בילדער פֿון די חברים פֿון קינדהייט און יוגנט, און עס ווערט מיר שווידערלעך ביים געדאַנק, אַז קיין איינער פֿון זיי איז שוין מער ניטאָ אויף דער לעבעדיקער וועלט. איך איינער בין געבליבן. מיט דעם אויסנאַם פֿון איינעם, זיינען זיי אַלע געשטאָרבן מיט ניט קיין נאַטירלעכן טויט.

ניטאָ מער מיינע חברים איסר און משה די, מיט וועמען איך פֿלעג זיך שפּילן אין אונדזערע קינדער־יאָרן און שפּעטער, ווען מיר זיינען אונטערגעוואַקסן, האָבן מיר צוזאַמען זיך געקוויקט מיט די שאַפֿונגען פֿון י. ל. פּרץ, שלום עליכם און פֿון אַנדערע שרייבערס, וואָס האָבן יעמאָלט זיך באַוויזן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. צוזאַמען האָבן מיר אויך געחלומט די חלומות פֿון דעם נאַציאָנאַלן און קולטור־רענעסאַנס וואָס איז

אויפגעקומען אין יידישן לעבן. מיר האָבן צוזאַמען אויך געשטיפט, פאַר־בראַכט און אָפט זיך פאַרליבט אין די זעלביקע מיידלעך.

איסרן האָבן אומגעבראַכט די פעטליוראָוועצעס אין אוקראַאינע; משהן, אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע און בירגער־קריג, האָט מען מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי. זיין אָפּטיילונג איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די ווייס־גוואַרדייער. דער ווייסער קאָמאַנדיר האָט אויס־גערופן: אויב עס איז דאָ צווישן אייך אַ ייִד, זאָל ער אַרויסקומען. משה איז אָן שרעק אַרויס פאָרנט, און אַ קויל איז אים באַלד אַריין אין קאָפּ.

און די אַנדערע חברים מיינע? זיי האָבן אומגעבראַכט די דייטשן אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אָט איז פאַר מיר די פאָטאָגראַפיע פון איינעם פון די טייערסטע חברים מיינע פון די קינדער־יינגלשע און יוגנט־יאָרן. דאָס בילד פון אייזיקן. ער האָט שטודירט מעדיצין אין ווין. ער לאָזט איבער דאָס לערנען און ווערט אַ יידישער לערער, ווען ביי אונדז אין שטאָט עפנט די לאַטווישע רעגירונג אַ ייִדיש־וועלטלעכע שול. ער ווערט אַ לערער, ווייל ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „היילינק איז מיר די אידיי פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול”. ער ווערט שפּעטער אַ לעגענדע ביי זיינע תלמידים און זייערע עלטערן. ער האָט ליב געהאַט מענטשן און מענטשן האָבן אים ליב געהאַט. ווען אין צייט פון דער מלחמה זיינען די דייטשן אַריין צו אים אין שטאָט, האָט אייזיק מיט נאָך חברים זיינע, ייִדישע לערערס, מיט זיין פרוי און קינדער זיך פאַרבאַראַקאַדירט אין בית־מדרש און געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשישע מערדערס. האָבן זיי אַרומגערינגלט די שול און זי אונטערגעצונדן פון אַלע זייטן. אַזוי איז אַוועק אין פייער מיין טייערער חבר אייזיק.

אָט זיינען די פאָטאָגראַפיעס פון מיינע צוויי שוועסטערס, טויבע און ברכה, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלן אין די דייטשישע לאַפּעס און פאַרגאַזט אָדער פאַרפייניקט געוואָרן. טויבע איז אַלע מאָל געווען אַן ערנסטע, אַ פאַרזאָרגטע, אַ פאַרטראַכטע. זי איז געוואָרן אַ ייִדישע לערערין. אין קלאַס פלעגט איר פּנים אויפשיינען, ליכטיק ווערן. ברכה איז געווען אַ לעבנס־לוסטיקע, אַ פריילעכע און אַ גוטהאַרציקע. זי האָט געטרויט יעדער איינעם, ניט געגלייבט אַז אַ מענטש קען זיין שלעכט. דאָס האָט איר קיין גליק ניט געבראַכט. געזוכט האָט זי פרייד אין לעבן און די פרייד פלעגט שטענדיק פון איר אַנטלויפן.

ווען איך קוק אויף די פאָטאָגראַפיעס, גייט מיר דורך אַ שוידער. איך טראַכט: פאַרוואָס איז גראַד מיר באַשערט געווען צו בלייבן לעבן? לעב איך דעריבער דורך מאָמענטן פון אומרו. דער אומרו האָט מיך געבראַכט אין די לענדער, וואו עס איז אַמאָל געווען אַ בליענדיק ייִדיש לעבן, און דער דייטש האָט אַלץ אָפּגעוויסט, איבערגעלאָזן אַש און שטויב; דער אומרו האָט מיך באַזונדער געפירט קיין פוילן. איך מוז זיין אויף דער ערד וואו עס זיינען אומגעקומען מיליאָנען ייִדן, אויף דער ערד וואָס איז

אָננגעשוואָלן פון ייִדישן ווי און פּיין. ווען איך וועל דאָרטן זיין, וועל איך אפשר שאַרפער דערפילן דעם ווייטאָג, דעם ווייטאָג פון מיינע אומגעקומענע אייגענע און נאָענטע, דעם ווייטאָג פון פאָלק ישראל. זאָל מיין האַרץ דערפילן וואָס שאַרפער דעם גרויסן בראָך וואָס איז באַפאַלן אונדזער פאָלק.

ייִדן פלעגן פאָרן אויף קבר־אבות, אַמאָל, אַמאָל . . .

היינט — געטריבן פון אומרו — קומען ייִדן פון דער גאַנצער וועלט קיין פּוילן זוכן סימנים פון נאָענטע, וואָס זיינען אומגעקומען. מען וואַנדערט צו די טויט־פלעצער, אפשר וועט מען דאָך געפינען וועלכן ניט איז שפּור פון אייגענע. מען געפינט אָבער אין די שטעט און שטעטלעך ניט מער ווי קאָלעקטיווע דענקמעלער, מאַסן־קברים אין די וועלדער, סימבאָלישע קברים אויף די בית־עלמינס.

איך בין אויף דעם לאָדזשער בית־עולם. אָט זע איך די מאַסיווע מאַרמאָרענע קברים, אַרומגערינגלט מיט אייזערנע גראַטעס, פון פּאָזנאַנסקי און אַנדערע ייִדישע טעקסטיל־מאַגנאַטן, וואָס האָבן געמיינט אַז מיט דעם וואָס זיי וועלן פאַר זיך אויפבויען קברים־פעסטונגען וועלן זיי זיך פאַר־זיכערן מיט אייביקייט; פעסטונגען וואָס היטלער האָט ניט געהאַט קיין געדולד און צייט צו צענעמען. ער האָט דאָך ניט געוואָלט אויפרייסן דעם טייערן מאַרמאָר, וואָס ייִדישע גבירים האָבן געבראַכט פון ווייטע לענדער פאַר זייערע קברים. עס וועט דאָך פון אים ניט אַנטלויפן. ער האָט געגלייבט אין דער אייביקייט פון זיינע זיגן און פון זיין „רייך״.

אָט זע איך סימבאָלישע מאַסן־קברים „אין ליכטיקן אָנדענק פון די פּאַרטיזאַנען לאָדזשער ייִדן אין די געטאָס און לאַגערן דורך די דייטשישע היטלעריסטישע רוצחים אין די יאָרן 1939־1945״. אָט איז אַ ברודער־קבר פון 48 לאָדזשער ייִדישע פרויען פון לאַגער שטוטהאָף, „דערמאָרדעטע דורך די היטלעריסטישע רוצחים אין יאָר 1945 אין דער געגנט פון וועיהעראָווא. כבוד זייער הייליקן אָנדענק״. אַזוי אומעטום אין יעדער שטאָט און אויף יעדן בית־עולם.

די קאָלעקטיווע און סימבאָלישע קברים באַפרייען אָבער ניט פון אומרו די ייִדן וואָס קומען פון ווייטע לענדער קיין פּוילן צו זוכן וואו עס איז אַהינגעקומען דער געביין פון טאַטע, פון מאַמע, פון ברידער, פון שוועסטערס, פון נאָענטע חברים. הענגט מען אויף אויף די פּאַרקנס אוןביימער פון די בית־עלמינס טאָוולען אין הייליקן אָנדענק פון די טייערסטע און נאָענטסטע. פון צייט צו צייט קערט מען זיך אום צו די טאָוולען, אַזוי ווי מען קומט אויף קבר־אבות, און מען שטייט לעבן זיי אין טיפער מעדיטאַציע.

ניט אין די שטיינערנע דענקמעלער, ניט אין די קברים זעט איר דעם אומקום פון אַ ייִדיש לעבן. איר דערזעט עס, ווען איר פאָרט איבער די וועגן פון פּוילן, ווען איר קומט אין שטעט און שטעטלעך. אָט פאָר איך אויף דעם שליאַך וואָס פירט פון וואַרשע קיין לאָדזש. עס גייען מענטשן איבער די וועגן, עס פאָרן פורן הין און צוריק. איר זעט אָבער ניט צווישן

זיי ייִדן גייִען אָדער פֿאָרן. עס איז פּרייִטיק. ייִדן אײַלן זיך ניט אויף די וועגן אָנצוקומען וואָס גיכער אויף שבת אין אַ שטעטל. איר פֿאָרט פֿאַרביי באַקאַנטע ייִדישע שטעטלעך: גער, סאָכאַטשאָוו, אַלעקסאַנדער — אַמאָליקע רעזידענץ־שטעטלעך פֿון באַרימטע חסידישע רביים. ניטאָ מער אין פּוילן די גערער, סאָכאַטשאָווער און אַלעקסאַנדער חסידים. זעט איר ניט אויף די וועגן פֿורן מיט חסידים, וואָס זאָלן פֿאָרן אויף שבת צו זייער רבין. איר זעט ניט אַז איבער די געסלעך פֿון אַ שטעטל זאָל אַ ווייבל, אַ פֿאַרסאָ־פּעטע און אומרואיקע, לויפֿן אין בית־מדרש מיט אַן עוף אין האַנט פֿרעגן אַ שאלה ביים רב. אין די שטעטלעך איז מער ניטאָ קיין בית־מדרש.

איר זעט ניט ייִדן זאָלן גיין אין מרחץ אַריין זיך רייניקן אויף שבת. עס באַווייזן זיך ניט אין די געסלעך ייִדן אויסגעפּוצטע אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס. עס צינדן זיך ניט אָן שבת־ליכט אין די שטיבער. איבער די געסלעך פֿון שטעטל פֿאַרשפּרייט זיך ניט די שבת־רו, די שכינה. ייִדן גייען ניט געלאַסן אין בית־מדרש. מלאכים פֿליִען ניט פֿאָרויס פֿון זיי אָפּצוגעבן שלום־עליכם און צו פֿאַרשפּרייטן מנוחה, רואיקייט איבער די שטעטלעך. עס שוועבט מער ניט פֿרייטיק־צו־נאַכטיקע הייליקייט איבער זיי. פֿון די אָפֿענע פֿענצטער אין דער זומערדיקער נאַכט הערן זיך ניט שבתדיקע זמירות. איבער די געסלעך פֿון די שטעטלעך שפּאַצירן ניט פֿרייטיק־צו־נאַכט ייִדישע בחורים און מיידלעך. די מיידלעך אויף איין זייט גאַס, די בחורים אויף דער צווייטער זייט, און מען וואַרפֿט זיך אַריבער מיט שעמעוודיקע בליקן.

אין די שטעטלעך איז מער ניטאָ קיין פֿרייטיק־צו־נאַכט. דאָרטן איז וואָכעדיק. פּאָליאַקן גייען אין שענק און קומען פֿון שענק. מען גייט איבער די געסלעך מיט אַ געשריי און טומל. מע קושט זיך, מע לאַכט, מע נעמט זיך אַרום און מען טאַנצט. אין די אַמאָליקע ייִדישע שטיבער וואוינען פּאָ־ליאַקן. אויף די ווענט הענגען צלמים און קריסטלעכע הייליקע בילדער, און ווען איר וואָלט אַריינגעקוקט אינעווייניק, וואָלט איר דאָרטן געפֿונען אַ סך אַמאָליק ייִדיש האָב־און־גוטס.

אין די שטעטלעך זיצן איצט פּאָליאַקן אין די קראָמען, ביי דעם שוסטער־לייסט, ביי דער ניימאַשין. פּאָליאַקן שטייען ביי דעם באַק־אויוון, ביי דעם יאַטקע־קלאָץ און ביי דעם שמיד־אייזן. זיי זיינען די זייגערמאַכערס און די גאָלדשמידן. אויף די מערק פֿון די שטעטלעך האַנדלען פּאָליאַקן מיט פּאָליאַקן. דער פּויער פֿאַרקויפֿט תבואה, פֿלייש, פֿעל, פֿעלצלעך און בהמות — דאָס וואָס איז ביי אים פֿאַרבליבן נאָך דעם ווי די מלוכה האָט איינגע־מאָנט דאָס איריקע. ניטאָ מער דער ייִדישער פֿאַרמיטלער, דער ייִדישער מיטלמענטש. עס איז דערפֿילט געוואָרן דער חלום פֿון אַלע מינים אַנטי־סעמיטן פֿון פּוילן. דער דייטש איז געווען דער מלאך־חבלה וואָס האָט אָפּגעטאָן דאָס מיאוסע שטיקל אַרבעט פֿאַר דעם פּאָליאַק. אָבער ווען אויפֿן

מאַרק נאַרט איין פויער אָפּ אַ צווייטן, רופט מען זיך „זשיד״, אַזוי ווי אין די אַמאָליקע יאָרן.

איך קום אין לאָדזש. גיי איבער די גאַסן פון דער שטאָט וואָס האָט אַמאָל געקאָכט און געראַשט מיט אַ ייִדיש לעבן.

— איר זעט, דערקלערט מיר מיין באַגלייטער, לאָדזש איז אפשר די איינציקע שטאָט אין פּוילן, וואָס איז גאַנץ געבליבן אין צייט פון דער מלחמה. די הייזער, די דירות, די הויפן, די געשעפטן זיינען די זעלביקע וואָס אַמאָל. די זעלביקע פאַבריקן, געוועלבער, אַפילו די זעלביקע סאָדע־וואַסער געשעטלן. אָבער אַמאָל זיינען זיי געווען ייִדישע, אַמאָל האָבן אין די דירות געוואוינט ייִדן, פון די הויפן האָבן זיך געהערט ייִדישע קלאַנגען, אין די געשעפטן זיינען געשטאַנען ייִדן. היינט זיינען די ייִדן ניטאָ. אַ שטורעם־ווינט האָט זיי פּלוצעם אַרויסגעריסן פון זייערע אַלטע וואוינ־ערטער. איז געקומען דער גוי און אַלץ פאַרכאַפּט, פאַרכאַפּט ווי דאָס וואָלט פון אייביקע צייטן געווען זיינס. מיט דעם פאַרשווינדן פון די ייִדן, גיט מיר מיין באַגלייטער צו פאַרשטיין, און איך פיל אַז ער זאָגט עס מיט פאַרדרוס, האָט פון לאָדזש זיך אָפּגעטאָן איר גרויסשטאָטישער אימפּעט און גערויש. זי איז אַ שטילע רואיקע שטאָט.

אַ קליין, פאַרשלאָפן שטעטל, טראַכט איך ביי זיך. איך זאָג עס ניט אַרויס הויך, ווייל איך וויל ניט ווי טאָן מיין באַגלייטער, אַ געבוירענער לאָדזשער.

מיין באַגלייטער נעמט מיך אויף דעם באַרימטן באַלוט. מיר קומען צו אַ פאַרקל. זאָגט ער: דאָס איז אפרים לאָזערס פאַרק. אפרים לאָזער זעלמאַנאָוויטש איז געווען אַן אָנגעזעענער בונדיסט אין שטאָט. ער איז געווען — באַזונדער צווישן ביידע וועלט־מלחמות — די האַרץ און נשמה פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש. צו זיין וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט, אים האָט מען געטרויט. (זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז אפרים לאָזער וואוינט איצט מיט זיין פרוי, צוויי זין, שניר און אייניק־לעך אין ניו־יאָרק. ער איז שוין ניט קיין יונגערמאַן. איז לאָמיר ביי דער געלעגנהייט אים ווינטשן געזונט און לאַנגע יאָרן).

— פאַרוואָס, פרעג איך, פלעגט מען דעם פאַרק אַזוי רופן, איז עס צוליב דעם וואָס אפרים לאָזער פלעגט אין דעם פאַרק פאַרברענגען?

— ניין, ענטפערט מען מיר, ניט צוליב דעם אַליין. נאָר ווייל ער פלעגט שטענדיק רעדן און מאָנען, אַז באַלוט דאַרף האָבן וואָס מער אַזעלכע פאַרקן.

ער איז געווען גערעכט. באַלוט איז געווען דער תהום פון ייִדישער אָרעמקייט און נויט. איבער זיינע גאַסן פלעגט תמיד זיך טראָגן אַ שלעכטער גערוך. אין די קליינע שטיבלעך, וואו מען האָט געוואוינט, פלעגן הונדער־טער ייִדן מיט בערד זיצן צוגעשמידט טאָג און נאַכט צו אַלט־מאָדישע וועב־שטולן און קוים פאַרדינען אַן אָרעם שטיקל ברויט. אין די שמוציקע

גאַסן פֿלעגן זיך שטענדיק הערן קולות פֿון גאַסן־העגדלערס, דער יאָמער־דיקער, אויסגעצויגענער געבעט פֿון בעטלערס און קללות פֿון דעם ערגסטן מין.

אויף די הויפֿן פֿלעגן יידישע פּאַרטייען פֿירן דיסקוסיעס, פֿון די פֿענצטער פֿלעגט זיך הערן אַמאָל אַ טרויעריקער געזאַנג, וואָס פֿלעגט פֿאַרכאַפּן ביים האַרצן און אַמאָל אַ געזאַנג פֿון קאַמף און האָפֿענונג. פֿון די חסידישע שטיבלעך פֿלעגט, אין מיטן דער אָרעמקייט און געשרייען, זיך דורכרייסן אַ טרויעריק־פֿריילעך חסידיש געזאַנג, אַ פּאַטשן מיט די הענט און אַ טאַנץ צום טאַקט.

דאָ אויף דעם באַלוט האָבן רעדנער גערופֿן די דערשלאָגענע איינגע־בויגענע יידן אויסצוגלייכן זייערע רוקנס. אָט איז דאָס פֿעפֿער־געסל, ווי יידן פֿלעגן עס רופֿן. אָט בין איך ביי דעם הויז נומער אַכט, וואו עס פֿלעגן פֿאָרקומען אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונגען, פֿון וואו מען האָט דעם יידישן אַרבעטער גערופֿן צום קאַמף פֿאַר אַ בעסער לעבן.

עס שטייען דאָרטן די זעלביקע האַלב־איינגעבויגענע הייזקעס, אַרום איך הערט זיך ווייטער אַ געשטאַנק פֿון די רינשטאָקן, אָבער עס איז שטיל און רואיק ווי אויף אַ בית־עולם. איר קענט דאָרטן קיין ייד מער ניט טרעפֿן.

ווילט איר באַנעמען דעם גרויסן יידישן חורבן, פֿאָרט איבער די שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן.

## זי האָט געזונגען אַ ליד פֿון בטחון

מיין ערשטער געדאַנק, ווען איך בין געקומען אין וואַרשע, איז געווען צו זען די געגנט פֿון דער אַמאָליקער געטאָ. זיין דאָרטן, וואו יידן האָבן דורכגעלעבט אוממענטשלעכן פּיין, וואו דער דייטש האָט הנאה געהאַט דעם יידן צו דערנידעריקן און אים באַ־האַנדלט ווי אַ פֿליג — ווי די פֿליג. וואו די פֿליג — ווי דער דייטש איז געווען אין דעם זיכער — איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן אין אַ ריז, וואָס האָט אָן מורא אַרויסגעפֿאָדערט דעם דייטש אין אַ ניט־גלייכן קאַמף. פֿאַרשמאַכט פֿון הונגער, אָפּגעשלאָסן פֿון דעם אַרום מיט עלעקטרישע דראָטן — האָט דער ייד געפֿונען אין זיך גענוג כוח זיך צו שטעלן קעגן דער שטאַרקסטער באַוואָפֿנטער מאַכט פֿון יענער צייט. ניט צו ראַטעווען זיין לעבן — ער האָט גיכער געוואָלט אין קאַמף באַזיגן דעם טויט, — נאָר זיין אייגענעם כבוד און דעם כבוד פֿון זיין פֿאָלק. אַ פּחד האָט דער אויפֿשטאַנד אָנגעוואָרפֿן אויף די היטלער־לייט און ער האָט געבראַכט די דייטשן די גרעסטע מאָראַלע מפּלה אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

גיי איך איבער די אַמאָליקע יידישע גאַסן, איבער די גאַסן פון דער אַמאָליקער געטאָ. איך לייען אויפשריפטן: דזשיקע גאַס, נאַלעווקעס, נאָוואָליפּיע, קאַרמעליצקע — אַלץ באַקאַנטע נעמען פון דער יידישער ליטעראַטור. איך רייב די אויגן און טראַכט: וואו בין איך? וואו איז די אָרעמקייט און נויט וואָס האָט זיך ביי מיר אַסאָציאירט מיט די גאַסן פון אַ באַזוך אין ווארשע מיט יאָרן צוריק און פון לייענען די יידישע ליטעראַטור. הענדלערס רופן ניט אויס אויף די גאַסן זייער סחורה, בעטלערס — בלינדע און לאָמע, אין באַגלייטונג פון אַ קינד — שפּילן ניט אויף אַ קאַטערינקע; איך הער ניט די אַמאָליקע גוואַלדן און געשרייען. ניטאָ דער אַמאָליקער טומל. איך זע גאָר פאַר זיך ברייטע, שיין אויסגעפּלאַסטערטע גאַסן מיט מאָדערנע פיל־שטאָקיקע הייזער. סטאַטעטשנע, שטילע גאַסן. איך באַמערק אַז אַ טייל פון די אַמאָליקע נאַלעווקעס רופט זיך: די גאַס פון די געטאָ קעמפּערס; גענשע, וואו עס זיינען פאָרגעקומען פאַרביסענע שלאַכטן מיט די דייטשן, טראָגט איצט דעם נאָמען פון דעם פירער פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד — מרדכי אַניעלעוויטש. איך באַמערק אויך אַ גאַס אויף דעם נאָמען פון קאָמוניסטישן געטאָ־קעמפער יוסף לעוואַרטאָווסקי.

אָט בין איך ביים דענקמאָל אין כבוד פון די געטאָ־קעמפערס. אַ ריי צונויפגעפלאָכטענע פיגורן, וואָס סימבאָליזירן ליידן און פּיין — וויטאָג; פיגורן וואָס סימבאָליזירן אַן אַרויסרוף צו די מערדערס — מוט און אַנטשלאָסנקייט. דער קינסטלער — נייטן ראַפּאַפּאָרט — האָט געשאַפן פיגורן וואָס שמידן איך צו צו זיך ווי נאָר איר קומט צו צום דענקמאָל און איר גייט אַוועק מיט אַן איינדרוק וואָס לאָזט זיך ניט אַזוי גיך פאַרגעסן. די פיגורן גיבן איבער אויף אַ שאַרפן אופן די איבערלעבונגען און שטימונגען אין געטאָ ביז דעם לעצטן קאַמף, ביז די געטאָ איז אַוועק אין פלאַם־פייער.

אויף דעם דענקמאָל לייען איך אַן אויפשריפט אין דריי שפּראַכן, העברעאיש, יידיש (אין צענטער) און פּויליש: „דאָס יידישע פאָלק — זיינע קעמפער און מאַרטירער".

הינטער דעם דענקמאָל, וועלכער איז 36 פוס די הייך, געפינט זיך אַ נאָך העכערע וואַנט פון גראַניט. די וואַנט שטעלט מיט זיך פאָר די ברעגנענדיקע זייט פון אַן אונטערערדישן בונקער. דעם גראַניט האָט היטלער אימפּאָרטירט פון שוועדן מיטן צוועק שפּעטער אויפצושטעלן פאַר זיך אין ווארשע אַ נצחון־מאָנומענט. אויף יעדער זייט פון דענקמאָל, אויף די טרעפּן וואָס פירן צו אים, שטייט אַ ריזיקע מנורה, דער סימבאָל פון יידישקייט און מדינת ישראל.

דער מאָנומענט שטייט אויף אַ סקווער וואָס איז אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיט גרויסע הייזער, וואָס מען האָט אויפגעבויט מיט עטלעכע יאָר צוריק. אונטער די הייזער ליגן ביינער און אַש פון צענדליגער טויזנטער יידן, וואָס זיינען אומגעקומען אין דער געטאָ.

עטלעכע טריט ווייטער געפינט זיך דער „אומשלאַג־פּלאַץ", פון וואו מען פלעגט אין וואַגאָנען דעפּאָרטירן אין די לאַגערן פון אומקום, וואו מען פלעגט אָפּרייסן פרויען פון מענער, קינדער פון עלטערן, וואו דער באָדן איז דורכגעזאַפּט מיט יידישע טרערן. צו דעם „אומשלאַג־פּלאַץ" איז געקומען צו גיין זיין לעצטן וועג דער גרויסער וועלט־באַרימטער קינדער־פריינד יאַנוש קאָרטשאַק (ד"ר הענריק גאָלדשמיד) אָן אַ הוט, מיט אַ גאַרטל אַרום מאַנטל, אין הויכע שטיוול, אָן איינגעהויקערטער. מיט אים זיינען געגאַנגען צום טויט אַ 200 פּריש־פּאַרקעמטע קינדער פון יתומים־הויז. דאָס ייִנגסטע קינד האָט ער געהאַלטן פאַר אַ האַנט.

ווען איך גיי אַזוי איבער דער אַמאָליקער געטאָ, טראַכט איך: ווידער אַ דענקמאָל, אַרומגערינגלט אַרום און אַרום פון אויסגעפּוצטע גאַסן־מצבות, מצבות אויף אַ לעבן וואָס איז אַוועק און וועט מער צוריק ניט קומען.

אין צייטן פאַרגאַנגענע פלעגן יידן נאָך אַ פאָלקס־אומגליק שאַפן קינות און קלאָג־לידער וועגן יידישן מסירת־נפש, וועגן יידישער גייסטיקער גבורה וואָס מען פלעגט זאָגן און איבערזאָגן. ניט קיין שטיינערנעם דענקמאָל פלעגן זיי אויסהאַקן, נאָר אַ דענקמאָל אין די הערצער און נשמות זייערע און וואָס דער ייד האָט מיט זיך מיטגעטראָגן אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען, אין אַלע לענדער, און וואָס לעבט אייביק אין פאָלק. וועט דאָס אויך איצט געשען ? . . .

ווי איך טראַכט אַזוי, זע איך קומען צו דעם דענקמאָל גרופּעס טוריסטן אַמעריקאַנער און, להבדיל, אויך דייטשישע. איך הער ווי די באַגלייטערס דערציילן די טוריסטן וועגן דעם העלדישן יידישן קאַמף. אויך הער איך נאָך עפּעס און עס נעמט מיר גריזלען אין די אויערן: יידישע ליידן, יידישער קאַמף ווערן אויסגענוצט ווי פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל פאַר דעם קאָמוניזם. אמת, די באַגלייטערס פאַרלייקענען ניט אַז אַלע יידן פון אַלע ריכטונגען, זיינען געווען פאַראייניקט אין דעם קאַמף און אַז דער הויפּט־פירער פון אויפשטאַנד מרדכי אַניעלעוויטש איז געווען פון דער פּאַרטיי שומר הצעיר. ניין, זיי פאַרלייקענען דאָס ניט. אָבער לויט זייערע רייד קומט אויס אַז דעם אויפשטאַנד האָט אינספּיגירט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, אַז דער פּוילישער אַרבעטער איז געווען דער וואָס האָט פון דער צווייטער זייט געטאָ־וואַנט צוגעשטעלט געווער און אויפגעהאַלטן דעם מוט ביי די קעמפערס. מען דערציילט ניט אַז דער ייד איז געווען אין גאַנצן איינער אַליין אין דעם ניט־גלייכן קאַמף קעגן דעם דייטש און ווען די דייטשישע פייערן האָבן אַרומגענומען די געטאָ פון אַלע זייטן זיינען געשטאַנען פּוילישע אויס־וואורפן אויף דער צווייטער זייט און געשפּאַסט: וואַנצן ברענען . . .

פון געטאָ־דענקמאָל קום איך אויף דעם גענשער בית־עולם. עס נעמט מיך אַרום אַ יראת הכבוד, ווען איך שטיי ביי דעם „אוהל פּרץ", וואו עס געפינט זיך דער קבר פון י. ל. פּרץ און אויך די קברים פון יעקב דינעזאָן און ש. אַנסקי. שטיי איך דאָך ביי דעם קבר פון דעם וואָס האָט מיר און

אַ סך אַנדערע פון מיין דור געגעבן גייסטיקן יידישן אָנהאַלט אין לעבן, אָנגעפילט מיין האַרץ מיט יידישן בטחון און גלויבן, ביי דעם קבר פון דעם וואָס זיין אַוועקגיין אין דער אייביקייט, אין 1915, האָט אָנגעפילט מיט טרויער די הערצער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.

איך לייען די אויפשריפט אויפן קבר (פון י. ל. פרצעס „די גאָלדענע קייט״):

מיר גרויסע, גרויסע יידן
שבת־יום־טובדיקע יידן

און דערמאָן מיר די ווייטערדיקע שורות:

און מיר בעטן נישט
און מיר בעטלען נישט
גרויסע שטאָלצע יידן זיינען מיר —

יע, טראַכט איך: די ווערטער פרצעס האָבן געהאַט אין זינען אַלע יידישע דורות פון אַלע צייטן, אויך די היינטיקע דורות. זיי זיינען געווען ווי אַן אָנזאָג אויף דעם מוטיקן קאַמף פון דער געטאָ קעגן די דייטשישע מערדערס און אפשר אויך אַן אינספּיראַציע אין קאַמף.

אַרום פרצעס קבר געפין איך אויך די קברים פון א. מ. ווייסנבערג, ה. ד. נאָמבערג, משה בראָדערזאָן, אסתר רחל קאַמינסקי, פון ד״ר לודוויק זאַמענהאָף, דעם באַשאַפער פון עספּעראַנטאָ און נאָך און נאָך קברים פון יידישע שרייבערס. פון די בונדישע פירערס ביינוש מיכאַלעוויטש, יוסף כמורנער. דער פרץ־קבר דערמאָנט מיך אָן דעם קבר פון דעם מהרל פון פּראָג. ביידע קברים זיינען אַרומגערינגלט מיט די קברים פון זייערע גרויסע תלמידים און פאַרזעצערס. נאָך ווייטער געפינען זיך די קברים פון די געטאָ־קעמפערס, אויך ווירדיקע תלמידים פון י. ל. פרץ. אויך אויף דעם בית־עולם זע איך סימבאָלישע קברים און טאָוולען אין ליכטיקן אָנדענק פון אומגעקומענע נאָענטע.

דער וועג פירט מיך ווייטער צו דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. ביי דעם אינסטיטוט איז פאַראַן אַ מוזיי פון דעם יידישן לעבן אין צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. אין מוזיי געפינט איר בילדער פון יידישע געטאָ־קעמפערס: מרדכי אַניעלעוויטש, יצחק צוקערמאַן (אַנ־טעק), צביה לובעטסקי, מיכל קלעפּפיש, אַבראַשע בלום און נאָך און נאָך אַנדערע. איר געפינט דאָרטן בילדער וואָס ווייזן דייטשישע רציחות, דאָס דייטשישע איזדעקעווען זיך איבער יידן, איבערהויפּט איבער יידן מיט בערד און פאות. מען זעט אויף די חזירישע דייטשישע פנימער גרויס הנאה וואָס זיי קענען דערנידעריקן אַ צווייטן מענטשן, וואָס איז אין זייערע אויגן „ניט קיין מענטש, ניט קיין טיר (חיה), נאָר אַ יודע״.

אויב דער דייטש האָט דורך הונגער און פייניקונגען געקענט אין געטאָ, ביז אַ געוויסער צייט, ברעכן דעם יידן פיזיש, האָט ער אָבער ניט געבראָכן

זיין גייסט. זעט איר דאָקומענטן ווי ייִדן האַלטן אויף אומלעגאַלע שולן, ישיבות, אַ טעאַטער, פירן דורך לעקציעס, קאָנצערטן און אַפילו אַ קונסט־אויסשטעלונג. רירנד זיינען די דאָקומענטן וואָס ווייזן די זאָרג וועגן קינד.

אין מיטן די בילדער פון חורבן, טרויער און מאָרד באַווייזן זיך פאַר מיר אַזוי ווי ליכטיקע שטראַלן אין געדיכטער פינצטערניש אַזעלכע מעלדונגען וואָס פלעגן פאַרשפרייט ווערן אין געטאָ: אַן איינלאַדונג אויף אַ קינדער־פאָרשטעלונג אין יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע 92, אונטערגעשריבן דורך יאַנוש קאָרטשאַק, דעם 18טן יולי, 1942; צו אַ שול־אַקאַדעמיע. דעם 21סטן דעצעמבער 1941 — די פּראָגראַם: קינדער־כאָר, לייטונג פּיווּישיש, ערעפענונג אינזשיניער א. טשערניאַקאָוו, אַרטיסטן־טייל: מ. אייזענשטאַט (געזאַנג), ה. בראָס, (רעציטאַציע). און אָט איז ניט גאָר קיין פרייליכע מעלדונג, אָבער וועגן אַ גאָר ליכטיקער פּערזענלעכקייט, וואָס ווען איך טראַכט וועגן איר דערמאָן איך מיר אָן אברהם סוצקעווערס פּאָעמע: „די לערערין מירע". די מעלדונג לייענט זיך: „חשובע פריינד, מיר פאַרבעטן איך אָנטייל צו נעמען אין דער פייערלעכער הזכרה וואָס מיר אָרדענען איין צו די שלושים פון ראָזע סימכאָוויטש, זונטיק, דעם 4טן יאַנואַר, 1942, 5 אַ זייגער אין אָוונט אין זאַל פון יודאַאיסטישן אינסטיטוט, טלאָמאַצקע 5. מיט פאַרלעזונגען וועט אויפטרעטן קלאַרא סעגאַלאָוויטש (אַ באַרימטע ייִדישע אַקטריסע און די פרוי פון דעם דיכטער סעגאַלאָוויטש).

אין דעם רינגעלבלום־אַרכיוו ביי דעם היסטאָרישן אינסטיטוט געפינען זיך אַ סך אַרבעטן געשריבן פון קינדער, געשריבן אויף בילקן פּאַק־פּאַפּיר פון פאַרשיידענעם גרייס. מיר ווילן דאָ ברענגען נאָר אַ פּאָר קאָמפּאָזיציעס. אָט דערציילן קינדער וועגן אַ נאָכמיטאָג, דעם 24סטן מאַי, 1941, טאָקע אין דעם שוין דערמאָנטן זאַל, אין פאַרבינדונג מיט דעם 26סטן יאָרצייט פון י. ל. פּרץ.

שרייבט חיים גלוזשטיין: „ווען איך בין געקומען אין זאַל, איז ער שוין געווען געפּאַקט. ס'ערשטע איז אַרויסגעטראָטן דער קינדער־כאָר מיט פּרצעס אַ ליד. דערנאָך האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט דער חבר סאַגאַן. ער האָט דערציילט ווער פּרץ איז געווען, וואָס ער האָט אַלץ געשאַפן און וואָס ער האָט געטאָן פאַר ייִדישע קינדער. ער האָט אויך צוגעגעבן די מענטשן מוט, אַז מען וועט איבערהאַלטן די מלחמה, דערנאָך האָט גערעדט דער חבר בינדער, ער האָט אויך דערציילט אַ סך פון פּרצן און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז ניט אַזוי זיכער, אַז מען וועט איבערהאַלטן די מלחמה . . ."

„דער לערער ליכטנשטיין האָט דערציילט אַ סך מעשיות, וואָס פּרץ האָט אָנגעשריבן און אויך דערציילט וואָס פּרץ איז געווען און וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַרן ייִדישן פאָלק".

„די מענטשן זיינען געווען זייער צופרידן און זיך געפילט זייער פריי. זיי האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן די צרות".

„דערנאָך האָט אַ גרויסע זינגערין געזונגען אַ פּרץ־ליד. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַרויסגעקומען אויף דער בינע דער גרעסטער ייִדישער אַרטיסט, דער חבר סאַמבערג. ער האָט דערציילט זייער אַ שיינע מעשה. מען האָט אים אָפּגעגעבן זייער אַ גרויסן כבוד".

כעניעק זיגעלמאַן גיט נאָך צו וועגן דעם אַרטיסטישן טייל פון דעם נאָכמיטאָג:

„די חברטע שרהלע האָט אונדז געזונגען אַ ליד „בטחון" און אַ סך אַנדערע לידער. דערנאָך האָט דער כאָר פאַרענדיקט מיט געזאַנג".

אסתר האָניק, די שילערין פון דער פאָלקסשול אויף נאָוואָליפּקי 68, דערציילט וועגן די צוגרייטונגען צו אַ פאָרשטעלונג אין זייער קיך:

„ביי אונדז אין קיך גרייטן מיר אַ שיינע פאָרשטעלונג. דער לערער נתן סמאָליאַר האָט צונויפגעשטעלט אַ דראַמע. איך שפּיל אַ ייִדישע מאַמע, וואָס וויל אַרויסרייסן ביי אַ דורכגייער אַ שטיקל ברויט פאַר איר קינד. שפּעטער טאַנצן מיר אַ טאַנץ פון הונגער, אָבער עס באַוויזט זיך די זון, און די דייטשן ווערן פאַרטריבן און מיר, ייִדישע קינדער, דערלעבן גוטע און נייע צייטן. אַזוי ענדיקט זיך די פאָרשטעלונג. אַז איך פאַרשפּיל זיך, פאַרגעס איך אַז איך בין הונגעריק און איך פאַרגעס, אַז אין דרויסן זיינען דאָ אַזעלכע שלעכטע מענטשן. אין דער פרי לויף איך שנעל אין קיך. איך וואָלט געוואָלט אַז דער טאָג זאָל זיך ניט ענדיקן, ווייל ווען עס ווערט פינצטער, מוזן מיר אַלע זיך צעלויפן אַהיים און אין די שטיבער איז אַזאַ מרה־שחורה און אַזוי פינצטער".

## דער סימבאָלישער בית־עולם אין טרעבלינקע

**אין** פּוילן איז ניטאָ אַ ייִד, אַ ייִדישע משפּחה, וואָס זאָל ניט באַוויינען דעם טויט פון אייגענע, פון נאָענטע. ברענגען זיי צוריק צום לעבן קען מען ניט. דאָס רעשטל איבער־געבליבענע ייִדן, וואָס האָט זיך געראַטעוועט דורך ניסים, וויל זיי אָבער ניט פאַרגעסן, טוט אַלץ אויפצוהאַלטן זייער זיכרון. קען מען דען פאַרגעסן אַ מאַמע, אַ טאַטע, ברידער און שוועסטערס? . . . קען מען פאַרגעסן אַ פרוי, אַ מאַן, קינדער? . . .

אין פּוילן לאָזט מען ניט פאַרגעסן, אין פּוילן וויל מען ניט פאַרגעסן! דערשיינען דאָרטן אָן אויפהער אין צייטונגען און זשורנאַלן דערינערונגען פון די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון גיהנום. מען ווייזט פילמען פון „יענע צייטן". ייִדישע פּאָעטן, ווי קליין עס זאָל ניט זיין זייער צאָל, הערן ניט אויף צו שאַפן איכה־לידער אויף דעם גרויסן חורבן.

אין פוילן איז אַרויס אַ מאַפּע פון פוילן. אויף איר ווערן אָנגעגעבן פּערצן טויזנט, געדענקט פּערצן טויזנט, פּונקטן, וואו די דייטשישע מער־דערס האָבן אויסגעהרגעט אומשולדיקע מענטשן. אויף דער מאַפּע זיינען פאַרצייכנט נאָר אַזוינע ערטער, וואו עס זיינען אומגעקומען ניט ווייניקער ווי פופצן מענטשן. האָט די וועלט, אין איר גאַנצער געשיכטע, אַמאָל גע־וואוסט פון אַזאַ מאַפּע?

איז דאָרטן, וואו עס זיינען פאָרגעקומען מאַסן־מאָרדן, האָלט מען אין פוילן אין איין אויפשטעלן מאָנומענטן און סימבאָלישע קברים נאָך די אומגעקומענע. עס האָט זיך געשאַפן אַרום דעם אַ גאַנצער קולט, אַ גאַנצער צערעמאָניאַל. עס ווערן דורכגעפירט פייערלעכע צערעמאָניעס ביים אויפ־דעקן די דענקמעלער און די סימבאָלישע קברים און ס'איז געוואָרן אַ מינהג — איין מאָל אַ יאָר, אויב מען קען אין דעם פאַל אַזוי זאָגן, „אין טאָג פון יאָרצייט", זיך צונויפקומען ביי די דענקמעלער אין טרויער און דערמאָנונג און צו געבן אַ שבועה „ניט צו פאַרגעסן, ניט צו פאַרגעבן".

אין אַ פּרימאָרגן, דער פרימאָרגן איז געווען פאַר מיר אַ גרויער און טרויעריקער, כאָטש אין דרויסן האָט געשיינט אַ ליכטיקע זון, בין איך געפאָרן זען דעם גרעסטן בית־עולם אין פוילן, אמת אַ סימבאָלישן, דעם בית־עולם אין טרעבלינקע. דאָרטן וואו עס געפינען זיך, אין דער ערד און דער לופט אַרום, די רעשטן פון אַכט הונדערט טויזנט ייִדן. פון צען לענדער אין אייראָפּע: פון פוילן, עסטרייך, בעלגיע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, בולגאַריע, טשעכאָסלאָוואַקיע, גריכנלאַנד, יוגאָסלאַוויע און סאָוועט־רוס־לאַנד. מען האָט זיי אומגעבראַכט אין משך פון איין יאָר, זינט יולי, 1942, ביז אויגוסט 1943. צווישן די אומגעקומענע אין טרעבלינקע זיינען אויך געווען ד"ר יאַנוש קאָרטשאַק־גאָלדשמידט און ד"ר סאָלאָ מינץ. מען האָט זיי דאָרט געבראַכט צוזאַמען מיט די קינדער פון וואַרשעווער יתומים־הויז און פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין.

אין דער טויט־פאַבריק פון טרעבלינקע זיינען געווען דרייצן גאַז־קאַמערן. זיי האָבן געאַרבעט די גאַנצע פיר־און־צוואַנציק שעה פון מעת לעת. אַלע קאַמערן צוזאַמען האָבן געקענט טייטן גלייכצייטיק צוויי טויזנט מענטשן. אין טרעבלינקע זיינען די געפאַנגענע געווען אַ נאָמענלאָזע מאַסע. קיין ייִדישער מאַן, אָדער פרוי, האָט דאָ קיין נאָמען ניט געהאַט, אַפילו ניט קיין קאַצעטלער נומער. מען איז געגאַנגען גלייך צום טויט.

ווי נאָר עס פלעגן זיך עפענען די וואַגאָנען מיט די געפאַנגענע ייִדן, פלעגן אויף זיי אַרויספאַלן צעווילדעוועטע עס־עס־לייט, אָדער אוקראַאינער, מיט שטעקנס און הינט, מיט געשרייען און קלעפּ. מען פלעגט הייסן זיך אויסטאָן באַלד אויפן אָרט און טרייבן גיך אין באָד אַריין, דאָס הייסט אין דער גאַז־קאַמער. נאָר אַ פּאָר הונדערט האָט מען צייטווייליק איבערגעלאָזן צו טאָן געוויסע אַרבעטן, סאָרטירן די קליידער פון די פאַרגאַזטע, באַזיי־טיקן די קערפּערס פון די גאַז־קאַמערן און ענלעכע זאַכן. מען האָט זיי

געשענקט דאָס לעבן בלויז אויף אַ קורצער ווייל. שפּעטער האָבן זיי גע־טיילט דעם זעלבן גורל פון אַלע געפאַנגענע ייִדן. אין טרעבלינקע זיינען אַלע געגאַנגען מיט דעם וועג, וואָס האָט געפירט צו דער גאַז־קאַמער.

דאָרטן איז אויך געשען אַ גרויס וואונדער. טרעבלינקע איז געווען דער איינציקער לאַגער, וואו די צום טויט־פאַרמשפּטע האָבן רעוואָלטירט, האָבן אַרויסגעוויזן העלדישקייט און מוט, וואו זיי זיינען אַרויס אין אַ בונט קעגן די חיות אין מענשלעכן געשטאַלט. געשען איז דאָס דעם 2טן אויגוסט, 1943. מיט די הוילע הענט האָבן די געפאַנגענע זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די מערדערס, אַרויסגעכאַפּט זייער געווער, געטייט אַ צענדליגג עס־עס־לייט, אונטערגעצונדן אַ טייל געביידעס, איבערגעשניטן די דראָטן. אַ גרויסע צאָל איז אַנטלאָפן. ביים לעבן זיינען געבליבן איבער אַ צענדליגג. זיי האָבן עס שפּעטער דערציילט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין טרעבלינקע. דער לאַגער פון פּיין און ניט־מענטשלעכע ליידן איז אַוועק מיטן פייער.

די פּוילישע רעגירונג מיט דער הילף פון די ייִדן אין פּוילן, פון „דזשאָינט" אין אַמעריקע און ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער האָט אויפגעשטעלט אַ סימבאָלישן בית־עולם אין טרעבלינקע, אויף דער ערד, וואָס איז געהייליקט געוואָרן מיטן בלוט פון שיער ניט אַ מיליאָן אומשולדיקע ייִדן.

בין איך געפאָרן זען דעם בית־עולם. אַן אומרו האָט מיך אַרומגענומען. פאָר איך דאָך מיט דעם זעלביקן וועג, אויף וועלכן עס זיינען געפאָרן צום טויט צענדליגגער און הונדערטער טויזנטער פון מיין פאָלק, אויף דעם וועג, אויף וועלכן עס זיינען אפשר געפאָרן, אָן דעם פאַרדאַכט אַז זיי פאָרן דעם לעצטן וועג, מיינע שוועסטערס, מיינע אַמאָליקע חברים. איך פאָר אויפן וועג פון די, וואָס זיינען געשטאָרבן ווי אַ קרבן פאַר מיר, פאַר אַלע ייִדן, וואָס לעבן נאָך אויף דער וועלט. אָט ווייזט מען מיר די זייטיקע באַן־ליניע, מיט וועלכער מען האָט זיי געפירט, די פּלאַטפאָרם, אויף וועלכער די טראַנספּאָרטן פלעגן אָנקומען, דעם וועג, וואָס האָט פון דער באַן־פּלאַטפאָרם געפירט צום טויט, צו די גאַז־קאַמערן. מען האָט דאָס צוריק אויפגעשטעלט. מען האָט אויך אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל, אַז דורות איצטיקע און וויטערדיקע זאָלן זען און געדענקען. זאָל זייער האַרץ זיך אָנפילן מיט פּראָטעסט קעגן די מערדערס, קעגן די רוצחים און מיט יראת הכבוד פאַר די קרבנות!

אָט זע איך פאַר זיך אַ וואַלד שטיינער, גראַניט־שטיינער, גרויסע, קליינע, גאָר קליינע מיט נעמען פון לענדער, שטעט און שטעטלעך, אויס־געקריצט אויף זיי. לענדער און שטעט, פון וואו עס זיינען געקומען די פאַרגאַזטע ייִדן. איך הייב אָן פילן, אַז אונטער די שטיינער געפינען זיך די רעשטן פון די פאַרפייניקטע, פון די, וואָס זיינען אומגעקומען אין גרויסע ווייטאָגן.

איך שפּאַן איבער דער ערד פון טרעבלינקע און מיר דוכט זיך, אַז איך הער אין די טיפענישן אַ געוויין, אַ געיאָמער פון פאַרשניטענע לעבנס. מיר דוכט זיך, אַז אַ מעכטיק קול שרייט דאָרטן: פאַרוואָס?! פאַרוואָס איז דאָס געשען? ווי אַזוי האָט די וועלט דאָס דערלאָזט? איך דערמאָן מיר די אויפשריפט ביים אַריינפאָר צו דעם בית־עולם פון טרעבלינקע: „מער קיין מאָל ניט", און דאָס האַרץ אין מיר שרייט: מער קיין מאָל ניט, עס טאָר זיך ניט איבערחזרן דער ווילדער קאָשמאַר פון דייטשישן קאַניבאַליזם, פון היטלעריזם, אין ערגעץ ניט, אין קיין איין לאַנד ניט, און עס וועט זיך ניט איבערחזרן!

אין צענטער פון דעם בית־עולם שטייט אַ מאַסיווער דענקמאָל פון ריזיקע שטיינער. אין דער הויך פאַרענדיקט ער זיך פון איין זייט מיט אַ ייִדישער מנורה, פון דער צווייטער זייט מיט באַרעליעפן, וואָס קוקן אויף אייך מיט צעשפּרייטע, אָפענע הענט און טויטע פּנימער. אין מיטן איז דער דענקמאָל צעשפּאָלטן, אַזוי ווי עס איז צעשפּאָלטן דאָס האַרץ פון אונדזער פאָלק אומעטום. עס סימבאָליזירט אַ ווייטיקדיק האַרץ, אַ האַרץ, וואָס קלאָגט אויף דעם חורבן און וויל ניט פאַרגעסן. איז עס טאַקע אַזוי? אויב ניט דאַרף זיין אַזוי! מיר ייִדן טאָרן ניט, און וועלן ניט אויפהערן מאָנען: מער קיין מאָל ניט!

גייענדיק איבער טרעבלינקע צעוויינט זיך אויף מיין אייגן האַרץ און איך שעפּטשע שטיל צו זיך אַ פערז פון איינעם פון די גרעסטע ייִדישע דיכטערס אין רוסלאַנד, פּרץ מאַרקיש, וואָס די האַנט פון אַ ניט־קלענערן רוצח, ווי היטלער, די האַנט פון סטאַלין, האָט אים אומגעבראַכט צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדישע שרייבערס:

דו זוכסט דיין טאַטע־מאַמע דאָ?
דו זוכסט דיין חבר?
זיי זיינען דאָ. זיי זיינען אַלע דאָ . . .

זיי זיינען אַלע אויף די פעלדער פון טרעבלינקע, פון אָשווענטשים, פון מאַידאַנעק, און פון נאָך אַנדערע טויטן־לאַגערן.

## אַ באַגעגעניש אין מאַידאַנעק

**איך** בין געווען אין מאַידאַנעק.
איצט איז עס אַ מוזיי, אַ מוזיי פון ייִדישע צרות. די פראַגע איז נאָר, צי די אַלע מוזייען און דענקמעלער איבער אייראָפּע וועלן שאַפן אַ ווידערווילן קעגן די דייטשישע מערדערס, אָדער צי זיי וועלן, פאַרקערט, צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז דער ייִד איז הפקר, מען קען מיט אים טאָן וואָס מען וויל. האָט דאָך די וועלט געשוויגן אין דער צייט פון היטלערן.

מאַידאַנעק אַ מוזיי? — דאָס דאָזיקע וואָרט זאָגט מיר און מיליאָנען אַנדערע מענטשן עפּעס אַנדערש. עס דערציילט וועגן אַ גרויסן אומגליק, וואָס איז באַפאַלן אונדזער פאָלק. מיט דעם וואָרט, פּונקט ווי מיט די נעמען פון אַנדערע טויטן־לאַגערן, אַסאָציאירט זיך די גרעסטע טראַגעדיע אונדזערע, און די טראַגעדיע פון דער וועלט, די טראַגעדיע פון דער וועלטס גרויסער מאָראַלער געפאַלנקייט.

צוקומענדיק צו מאַידאַנעק באַמערק איך אַ הויכן באַרג, באַדעקט מיט גרינעם גראָז. מיינע אויגן, איך ווייס ניט פאַרוואָס, האָבן זיך אַזוי ווי צוגענאָגלט צו דעם באַרג. מיין באַגלייטער באַמערקט עס און זאָגט מיר שטיל:

— דער באַרג איז פון די אַש פון פאַרברענטע יידישע קערפּערס.

אַ ציטער האָט מיך אַרומגענומען, ווען איך האָב געגומען גיין איבער דער ערד פון מאַידאַנעק; איך האָב געקוקט אין אַלע זייטן, צי עס לויערן ניט ערגעץ וואו די עס־עס־לייט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אָט, אָט, וועט מיך אַ כאַפּ טאָן אַן עס־עס־מאַן און איך וועל ווערן איינס מיט די אומ־געקומענע אין מאַידאַנעק. איך האָב געקוקט צי עס גייט ניט דער רויך פון קאַלך־אויוונס. אין מיינע אויערן האָבן געקלונגען דיווילדע געשרייען פון די מערדערס, זייער ווילדער געלעכטער און זייער ווילדע הנאה. מיינע אויערן האָבן אָבער ניט פאַרנומען אַ וועלכן ניט איז געיאָמער פון די קרבנות. אין מיין פאַנטאַזיע זיינען זיי, צו להכעיס די מערדערס, סטאָאיש געגאַנגען צום טויט. נאָר זייערע פּנימער האָבן אויסגעדריקט פּיין און ווייטאָג, אַ פּיין, וואָס איז געווען באַהעלט מיט דעם שיין פון מאַרטירערשאַפט.

איך קוק אַריין אין די באַראַקן, וואו די געפאַנגענע פלעגן שלאָפן, באַ־ראַקן אָן פענצטער, אָן לופט. אָט דוכט זיך מיר, אַז עמעצער קרעכצט דאָרטן, קרעכצט פון ווייטאָג נאָך אַ שווערן טאָג שקלאַפן־אַרבעט, נאָך אַ טאָג פון באַליידיקונגען און דערנידערונגען. קרעכצט וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרברענען די קערפּערס פון די פאַרגאַזטע ברידער זיינע, אָדער פאַרשיטן זייערע קברים. אפשר חלומט גאָר עמעצער אויף דער נאַרע וועגן דער וועלט אַמאָל, וועגן ווייב און קינד, אפשר חלומט עמעצער גאָר וועגן דער פרייער וועלט און אַז די זון וועט אַמאָל אויך שיינען פאַר אים.

אַזוי פאַל איך אַ קורצע ווײַלע אַריין אין אַ מין טראַנס. איך קום גיך צו זיך, פאַרשטיי, אַז אַלץ, וואָס איך האָב געהערט און געזען איז געווען ניט מער ווי אַן אָפּדוכטעניש. די פּוסטקייט און פינצטערקייט אין באַראַק וואַרפן אויף מיר אַן אַ שרעק. איך לויף גיך אַרויס.

איך קום צו די גאַז־קאַמערן. באַפאַלט מיך אַ גרויל. אָט דאָ איז עס געווען . . . אָט דאָ האָבן קינדער פון מיין פאָלק זיך געדרייט אין ווייטאָגן, ווען אַ שוידערלעכער גאַז האָט זיי גענומען שטיקן. זיי האָבן געקעמפט פאַר לופט און זיך געריסן צו דער סטעליע, אפשר וועלן זיי קענען דורכברעכן אַן עפענונג. איז די סטעליע פול מיט סימנים פון מענטשלעכע הענט, פון

מענטשלעכע נעגל. איך דריי מיר אום און דערזע אַן אויג, אַן אויג, דורך וועלכן אַן עס־עס־מאַן אויף דער צווייטער זייט פּלעגט אַריינקוקן, אַכטונג געבן, צי עס איז דאָ אינעווייניק גענוג גאַז, און קאַלט און רואיק זיך צוקוקן צו מענטשלעכע לײַדן. ער האָט דאָך אייגנטלעך דורכגעפירט ניט מער ווי אַ טעכנישע אָפּעראַציע, געטאָן זײַן פליכט. די לײַדן זײַנען צו אים גאָרניט דערגאַנגען.

פון דאָרטן קום איך צו די קאַלך־אויוונס, וואו מען פלעגט פאַרברענען די דערשטיקטע קערפּערס. מײַן האַרץ איז פאַרקלעמט. אין מײַן קאָפּ איז אַ שווערקייט. איך פאַרליר די פעאיקייט צו טראַכטן און פילן.

אין דעם מוזיי פון מאַידאַנעק זע איך בילדער ווי די דײַטשן, וואָס האָבן פאַרלאָרן יעדן סימן פון מענטשלעכקייט, פּײַניקן ייִדן. זייערע פּנימער דריקן אויס צופרידנקייט, הנאה. בילדער, וואָס דערציילן וועגן ייִדישע באַ־לײַדיקונגען און דערנידעריקונגען. איך זע בילדער פון קינדער מיט שרעק אויפן פּנים, אַ שרעק, וואָס די ערגסטע פאַנטאַזיע קען זיך ניט פאָרשטעלן. עס דוכט זיך, אַז פון מורא פאַלן ביי זיי אָט, אָט אַרויס די אויגן. איר ווערט אָנגעפילט מיט ווייטאָג און צער.

איך זע פאַר זיך בערג קליידער, בערג היטלען, בערג שיך, בערג פון פאַרשיידענע חפצים, וואָס האָבן באַלאַנגט צו די ייִדן און די דײַטשן האָבן ניט באַוויזן אַרויסצופירן, ווען זיי זײַנען ווי מײַז געלאָפן פון פוילן, געיאָגט פון די אַלירטע אַרמייען.

די דײַטשן זײַנען באַרימט מיט זייער פּינקטלעכקייט און סיסטעמאַ־טישקייט. זיי האָבן די פעאיקייט זייערע באַזונדער באַוויזן ביים אויסהרגע־נען מיליאָנען מענטשן. האָבן זיי איבערגעלאָזן אין מאַידאַנעק — אויך אין די אַנדערע לאַגערן — אַ גענויע ליסט פון אַלץ, וואָס זיי האָבן אָנגעראַ־בעוועט ביי זייערע קרבנות. זײַנען אין דעם מוזיי אויף די ווענט אויסגעמאָלן טאַבעלעס, וואָס דערציילן וועגן דעם רויב. אַזוי געפינט זיך דאָרטן אַ טאַבעלע, וואָס וויזט וויפל די דײַטשן האָבן צוגענומען ביי די פּוילישע ייִדן אין זלאָטעס, וויפל ביי די יוגאָסלאַווישע אין דינאַרן און אַזוי ווייטער און ווייטער, און וויפל דאָס אַלץ באַטרעפט אין דײַטשישע רייכסמאַרק. דאָס זעלביקע אויך מיט אַנדערע ווערטזאַכן. אָט זײַנען טאַבעלעס, וואָס דערציילן וויפל מען האָט צוגענומען קליידער, שיך און אַנדערע חפצים און וויפל דאָס אַלץ באַטרעפט אין רייכסמאַרק. די דײַטשן זײַנען געווען פּינקטלעך. זיי האָבן אַלץ פאַרשריבן און איבערגעלאָזן אַ חשבון פון זייער רויב.

און אָט זע איך אַ וואַנט מיט נעמען אָן אַ סוף. אַ טייל נעמען פון די וואָס זײַנען פאַרגאַזט געוואָרן אין מאַידאַנעק. אַלע באַזוכערס זײַנען צוגע־קלעפּט צו דער וואַנט. מען זוכט נעמען פון אייגענע. איך לויף אויך צו צו דער וואַנט. איך זוך, אפשר וועל איך געפינען די נעמען פון מײַנע צוויי שוועסטערס, פון חברים? פּלוצעם דערהערט זיך אַ שוידערלעך געשריי. אַ פרוי האָט אויף דער וואַנט געפונען דעם נאָמען פון איר ברודער. האָט זי

אַרויסגעלאָזן אַ האַרצרייסנדיק געשריי. איר געשריי רופט אַרויס אַ געיאָמער פון אַנדערע, וואָס שניידט דאָס האַרץ. אין דעם מאָמענט האָבן מיר אַלע געפילט, אַז מיר זיינען פאַרבונדן מיט די אומגעקומענע. מיר און זיי זיינען איינס.

ווען מען קומט ביסלעכוויז צו זיך פון דער איבערלעבונג, גייט מען צו צו דער פרוי און יעדער איינער דריקט איר אויס סימפּאַטיע. אויך מיין פרוי און איך גייען צו צו איר. זי שטעלט אונדז פאָר איר קוזין פון אַמעריקע, וועלכער איז איצט ביי איר אויף אַ באַזוך. ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי פאָרן קיין לובלין. אויך אונדזער וועג האָט געפירט אַהין. פאָרן מיר שוין צוזאַמען. אויפן וועג צערעדט מען זיך. דערציילט די פרוי, אַז זי איז אַ געבוירענע אין לובלין און איצט וואוינט זי מיט איר מאַן און צוויי טעכטער אין וואַרשע. זי קלאָגט זיך, אַז איר מאַן איז אַ פאַנאַטישער קאָמוניסט, זי זאָרגט זיך, אַז אירע טעכטער זאָלן ניט חתונה האָבן מיט קיין גויים.

— זייט איר אויך אַ לובלינער? — פרעג איך דעם קוזין.

— יע, ענטפערט ער, איך שטאַם פון לובלין. אין צייט פון דער מלחמה האָט מען מיך מאָביליזירט אין דער פוילישער אַרמיי. איך בין באַלד אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. ווען איך בין צוריקגעקומען נאָך דער מלחמה אין מיין היימשטאָט לובלין, האָב איך די עלטערן מיינע ניט געפונען צווישן די לעבעדיקע. וויפל איך האָב ניט געזוכט, האָב איך פאַרלאָרן יעדן שפּור פון אַ וועלכן ניט איז קרוב. איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגן די איינזאַמקייט. איך האָב ניט געקענט מער זיין אין פוילן, בין איך אַוועק אין אַמעריקע, און זיך געשוואָרן מער ניט צוריקצוקומען.

ווייטער דערציילט ער אונדז, אַז אין אַמעריקע האָט אים באַגליקט. ער איז רייך געוואָרן, האָט חתונה געהאַט און עס זיינען געקומען קינדער.

— מיין פרייד איז געווען גרויס, דערציילט ער ווייטער, ווען איין שיינעם טאָג האָב איך אויסגעפונען, אַז מיין קוזינע לעבט. איך האָב געוּנומען מיט איר קאָרעספּאָנדירן. אין אירע בריוו צו מיר האָט זי אויסגעגאָסן איר טרויער און אומעט, וואָס אונדזער גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען און איר בענקשאַפט צו זען מיך דעם איינציק פאַרבליבענעם קרוב אירן.

— אמת, אמת, רייסט איבער די קוזינע.

— האָב איך, רעדט ער ווייטער, געבראָכן מיין שבועה, און ווי איר זעט בין איך אין פוילן. דערווייל האָב איך — אויף זיין פּנים באַווייזט זיך אַ טרויעריקער שמייכל — געקראָגן אַ שליחות. ווען מיינע לאַנדסלייט אין אַ געוויסער שטאָט אין אַמעריקע האָבן געהערט, אַז איך פאָר קיין פוילן, האָבן זיי מיך געבעטן איך זאָל ברענגען אַ ביסל לובלינער ערד. זיי ווילן די ערד אַריינלייגן אין דעם פונדאַמענט פון דעם דענקמאָל נאָך די לובלינער ייִדן, וואָס זיי קלייבן זיך אַוועקשטעלן אויפן בית־עולם פון זייער שטאָט. פאָר איך, זאָגט ער, איצט קיין לובלין.

* * *

שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן פון לובלין בין איך אַזוי צוגעקומען צו דעם דענקמאָל, וואָס מען האָט דאָרטן אויפגעשטעלט נאָך די אומגעקומענע ייִדן. איך לייען די אויפשריפט אויף דעם דענקמאָל:

„איך זוך די נאָענטע מיינע
אויף יעדן בערגל אַש

כבוד און אייביקער אָנדענק
די פוילישע בירגער ייִדן פון לובלינער
וואָיעוואָדשאַפט, וועלכע זיינען אויף אַ בעסטיאַלישן
אופן אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע
פאַשיסטן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די באַפעלקערונג פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט.

ווי איך שטיי אַזוי און לייען די אויפשריפט זע איך קומען צום דענקמאָל דעם אַמעריקאַנער מיט זיין וואַרשעווער קוזינע. ער טראָגט אַ קראַנץ בלומען, ער לייגט עס אַוועק ביים דענקמאָל.

— דער דענקמאָל, זאָגט ער, איז דאָך אויך אין אָנדענק פון מיינע אומגעקומענע עלטערן.

— איר זעט, ווייזט ער מיר אויף דער גאַס, וואו מיר שטייען, דאָ אין די אַלע הייזער אַרום האָבן אַמאָל געוואוינט נאָר ייִדן. די געשעפטן זיינען געווען ייִדישע. איר זעט דאָס הויז דאָרטן, אין דעם הויז בין איך געבוירן געוואָרן און זיך אויפגעהאָדעוועט. אויף דעם הויף פון דעם הויז האָב איך מיר געשפּילט, איבער דער גאַס בין איך אַרומגעלאָפן. איצט איז מיר דאָ אַלץ ווייט און פרעמד. איך דערקען ניט מיין שטאָט לובלין.

— מיינע עלטערן, רעדט ער ווייטער און אַ ציטער באַווייזט זיך אויף זיין פּנים, האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן. האָט אַ שכן, אַ פּאָליאַק, פאַר צוויי פונט צוקער געוויזן די דייטשן זייער באַהעלטעניש. פרעמד איז מיר איצט דאָס לאַנד פון מיין געבורט. איך קען ניט זיין אין אַ לאַנד, וואָס זיין ערד איז דורכגעזאַפּט מיט ייִדיש בלוט.

# אונגאַרן

## מיין געוועזענער שילער
## און דער אונגאַרישער פּראָפעסאָר

**אין** בודאַפּעסט בין איך אָנגעקומען שפּעט ביינאַכט. אויף מאָרגן פרי בין איך אַריין אין דעם עלעגאַנטן רעס־טאָראַן פון האָטעל עסן פרישטיק. זע איך פון וויטן ביי אַ טישל זיצט אַ יונגע פּאָר, וואָס זעט מיר אויס באַקאַנט, באַזונדער דער מאַן, גיי איך צו נעענטער און זע, אַז עס זיצט אַ געוועזענער שילער פון דער אַרבעטער־רינג מיטלשול מיט זיין שיינער, גראַציעזער פרוי (צוליב באַקוועמלעכקייט וועלן מיר ווייטער באַצייכענען דעם שילער מיט דעם בוכשטאַב „ג״). מיר האָבן זיך דערפרייט איינער מיט דעם צווייטן און שוין פאַרבראַכט צוזאַמען דעם טאָג. מיר האָבן זיך אויך געטיילט מיט אונדזערע איינדרוקן און איבער־לעבונגען.

דערציילט מיר מיין געוועזענער שילער גימל, וועלכער איז אַ גרויסער ספּעציאַליסט אויף אַ געוויסן וויסנשאַפטלעכן געביט, אַז ער האָט אין אַ וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַרטיקל פון אַן אונגאַ־רישן געלערנטן, וואָס האָט אים זייער פאַראינטערעסירט. ווען ער האָט זומער זיך געקליבן פאָרן קיין איראָפּע, האָט ער דעם געלערנטן אָנגעשריבן אַ בריוו, אַז ווען ער וועט זיין אין בודאַפּעסט, וואָלט ער געוואָלט מיט אים זיך באַגעגענען. מיין שילער האָט באַלד געקראָגן אַן ענטפער פון דעם געלערנטן אַז זיין נאָמען איז אים גוט באַקאַנט פון די אַרטיקלען וואָס ער שרייבט אין וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן, און אַז ניט נאָר וואָלט ער געווען צופרידן מיט אים זיך צו טרעפן, נאָר ער וואָלט געוואָלט, אַז ווען ער וועט זיין אין בודאַפּעסט, זאָל ער האַלטן אַ לעקציע אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט.

ווען גימל צוזאַמען מיט זיין פרוי זיינען אין אַ שבת אָנגעקומען אין בודאַפּעסט, האָט זיי אויף דעם לופטפעלד באַגעגנט דער געלערנטער אין דער באַגלייטונג פון זיין געהילף — אַ פרוי. די באַגעגעניש איז געווען אַ פריינדלעכע און מען האָט אָפּגערעדט אַז מען וועט עסן צוזאַמען אָוונט־ברויט אין רעסטאָראַן פון האָטעל, וואו גימל וועט איינשטיין. אין אָוונט איז דער געלערנטער געקומען איינער אַליין אָן זיין פרוי. דעם געלערנטנס

געהילף איז געקומען מיט איר מאַן. גימל האָט באַלד דערקענט, אַז דער מאַן אירער איז אַ ייִד. אין לויף פון געשפּרעך דערציילט דער אונגאַרישער געלערנטער, אַז עס איז נאָר וואָס אַרויס זיינס אַ בוך אין דייטש. ער דער־ציילט אויך, אַז אַחוץ אונגאַריש, קען ער גוט ענגליש און שרייבט פריי דייטש. דערביי פרעגט ער ביי גימל:

— וועלכע שפּראַכן קענט איר אַחוץ ענגליש?

— ייִדיש, ענטפערט גימל, ייִדיש איז געווען די שפּראַך, אין וועלכער מ׳האָט גערעדט ביי מיינע עלטערן.

עס האָט באַלד געגומען בלאָזן אַ קאַלט ווינטל.

ביים געזעגענען זיך האָט גימל דערוואַרט, אַז דער געלערנטער וועט אים אויף מאָרגן, זונטיק, פאַרבעטן צו זיך, און אים אויך פירן ווייזן די שטאָט. נאָר אַנשטאָט דעם האָט ער אים געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך טרעפן מאָנטיק אין אוניווערסיטעט.

מאָנטיק, נאָך דער לעקציע, האָט דער געלערנטער אים באַדאַנקט און אים געגעבן אַ מתנה זיין נאָר וואָס דערשינענע דייטשיש בוך מיט זיין אויפשריפט. ער האָט אים געוואונטשן ער זאָל גוט פאַרברענגען אין בו־דאַפּעסט און זיך געזעגנט מיט אים.

ווען גימל מיט דער פרוי זיינען געבליבן אַליין, קומט צו צו זיי דעם געלערנטנס געהילפין, און זאָגט זיי מיט אַ ברייטן שמייכל:

— איך בין צופרידן וואָס איר זייט אַליין. איך האָב אויף דעם געוואַרט. קומט צו מיר אין שטוב. איך האָב פאַר אייך צוגעגרייט אַ גוטן מאָלצייט. זיי האָבן די פאַרבעטונג אָנגענומען. מען איז געפאָרן אין גימלס אויטאָמאָ־ביל (ער דינגט שטענדיק אַן אויטאָמאָביל, ווען ער רייזט איבער אייראָפּע). דעם גאַנצן וועג האָט מען כמעט געשוויגן, אָבער ווען מען איז אַריין אין דער געהילפינס שטוב, האָט זי אַרומגענומען גימלען און אים מיט פרייד געזאָגט:

— איך בין צופרידן וואָס איר זייט אַ ייִד, איך בין צופרידן וואָס איך זע אַן אַמעריקאַנער ייִד. מיר זיינען אויך ייִדן. און זי דערציילט אים, אַז ווען עס איז אָנגעקומען זיין בריוו צום געלערנטן, האָט ער ביי איר געפרעגט:

— איז ניט צו מאָל דער גימל אַ ייִד? אמת, זיין נאָמען האָט ניט קיין ייִדישן קלאַנג, אָבער ווער ווייס.

— איצט, ווען ער האָט אייך דערזען, זאָגט זי צו אים, און זיך אי־בערצייגט אַז איר זייט אַ ייִד, באַזונדער נאָך דעם ווי איר האָט אים אַזוי שטאָלץ געענטפערט, אַז ייִדיש איז געווען די שפּראַך פון אייער קינדהייט, איז ער ניט גאָר געווען באַגייסטערט וואָס ער האָט אייך פאַרבעטן האַלטן אַ לעקציע אין אוניווערסיטעט.

דערווייל איז אָנגעקומען דער פרויס מאַן, מיט אַ ייִנגל, זייער זון, אין עלטער פון 14־15 יאָר. זיי האָבן זיך אומגעקערט פון אַ פרימאָרגן־שפּאַציר אין דערבייאיקן וואַלד.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש עסן, און גימל האָט דערפילט אַ מין נאָענטקייט צו דער פאַמיליע, ווי ער וואָלט זיי שוין געקענט יאָרן און יאָרן.

אין לויף פון געשפרעך האָט ער אויסגעפונען, אַז אין צייט פון דער מלחמה, האָבן זיי געקראָגן פאַר אַ היפשער סומע אַרישע פּעסער, זיך ניט צו פיל געוויזן פאַר די אויגן, און אַזוי זיך געראַטעוועט. איצט באַהאַלטן זיי ניט מער זייער יידישקייט, כאָטש גאָר אַ סך טוען דאָס.

פרעגט גימל: — ווי איך זע, איז אייער בחור ניט לאַנג צוריק אַלט געוואָרן דרייצן יאָר. האָט איר געפּראַוועט זיין בר־מצווה?

— אַ ניין, ענטפערן מאַן און ווייב אין איין קול: דאָס וואָלט אונדז געשטערט אין אונדזער קאַריערע און פאַרבליבן אַן אייביקער פלעק אויף אונדזער זון. מיר ווילן קיין זאַך זאָל אים ניט שטיין אין וועג צו דער־גרייכן אַ גוטע קאַריערע.

— איר זאָלט וויסן זיין, רעדן זיי צו אים ווייטער, אַז אָפיציעל מאַכט מען אין אונדזער לאַנד קיין אונטערשייד ניט צווישן ייד און ניט־ייד. אָבער, ווען עס קומט צו קריגן אַ שטעל, באַזונדער אַן אַקאַדעמישע, גיט מען פאָרצוג דעם ניט־יידן, אַפילו ווען דער ייד איז פעיקער. ערשט שפּעטער קומט דער ייד.

ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָט גימל זיי געזאָגט, אַז ער וואָלט געוואָלט צופאָרן זען די באַרימטע גרויסע שול אין בודאַפּעסט און צי זיי וואָלטן מיט אים מיטגעפאָרן עס זאָל אים זיין גרינגער צו געפינען דעם וועג צו דער שול. האָבן זיי אים ווידער געענטפערט:

— מיר קענען זיך ניט קאָמפּראָמיטירן מיט פירן ווייזן אַן אַמעריקאַנער אַ יידישע שול.

די מעשה, וואָס איך דערצייל, ווייזט, אַז כאָטש מען שטערט ניט יידן אין אונגאַרן זיך צו האַלטן ביי יידישקייט, איז בעסער און זיכערער, ספּע־ציעל ווען מען פאַרנעמט אַ וויכטיקע שטעל, מיט דעם זיך ניט אַרויס־צושטעלן. זי ווייזט אויך די באַציאונג פון די אינטעליגענטע אונגאַרישע קרייזן צו דעם יידן. מען האָט דעם יידן ניט צו שטאַרק ליב. עס הערשט אין די קרייזן אַ מין אידעלער אַנטיסעמיטיזם און ווען מען קען נאָר באַמיט מען זיך אויסקומען אָן דעם יידן. אויף אונדזער באַזוך אין בודאַפּעסט איז אונדז ניט איין מאָל אויסגעקומען וועגן דעם צו הערן.

וועגן די ניט־צו־פריינדלעכע געפילן צו יידן, באַזונדער ביי די פאָלקס־מאַסן אין אונגאַרן, וועלן מיר נאָך שרייבן. דערווייל לאָמיר איך דערציילן וואָס איך האָב געזען אין די אַזוי גערופענע יידישע גאַסן פון בודאַפּעסט.

***

די אינטערעסאַנטסטע יידישע געביידע אין בודאַפּעסט איז די „גרויסע שול". זי איז איצט די גרעסטע יידישע שול אין אייראָפּע. זי איז אַלט

הונדערט יאָר און געבויט אין נעאָ־מורישן סטיל, זי פאַרמאָגט זייער הויכע טורעמס אין דער פאָרעם פון אַ ציבעלע־פלאַנץ אַזוי ווי די מינאַרעטן אויף אַ מוסולמענישן מאָסק (טעמפל). אינעווייניק האָט עס פיר באַלקאָנען. עס פאַרמאָגט אויך אַ גוואַלדיק גרויסן אָרגאַן מיט איבער פינף טויזנט רערן. אויף דעם אָרגאַן האָבן אַמאָל געשפּילט וועלט־באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן און פּיאַניסטן, דער אונגאַרישער פראַנץ ליסט און דער פראַנצייזישער סען־סענס. אין דער שול זיינען דאָ דריי טויזנט זיץ־פּלעצער. איר ווערט פאַר־כאַפּט פון איר גרויסקייט.

אין הויף פון דער שול זעט איר אַ טאָוול אין אָנדענק פון חנה סענעש. וועגן חנה סענעשעס העלדישקייט און גרויסקייט האָב איך געהערט און געליינט. איצט ווען איך האָב געקוקט אויף דעם טאָוול, האָב איך געטראַכט: די יידישע געשיכטע איז רייך מיט העלדן, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן פאַר דעם וואָס זיי איז געווען הייליק און טייער. די קייט פון יידישע מאַרטירערס ציט זיך ביז היינט פון די גאָר פריע צייטן אין אונדזער געשיכטע. די אַלע וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן, האָבן זיך אָבער ניט באַטראַכט ווי מאַרטירערס. זיי זיינען געגאַנגען אויף טויט, ווייל אַנדערש האָבן זיי ניט געקענט. צו זיי האָט אויך געהערט די וואונדערלעכע יידישע טאָכטער חנה סענעש, חנה פון אונדזער צייט. ביי איר איז געווען אַ גייסטיקע נאָענטקייט מיט דער אַנדערער חנה, וועלכע האָט אין די צייטן פון דער גריכיש־סירישער הערשאַפט איבער ישראל, מקריב געווען אירע זיבן זין, אירע מאַמעשע געפילן און איר אייגן לעבן פאַר די אידעאַלן פון פאָלק.

ווער איז געווען חנה סענעש? זי איז געבוירן געוואָרן אין בודאַפּעסט אין אַן אַסימילירטער יידישער פאַמיליע פון מיטלקלאַס, זי איז געווען פון די ראָמאַנטישע נאַטורן וואָס זוכן זיך אויסצוטאָן פון דער וואָכעדיקייט, און שטרעבן צו אַן אידעאַל אין לעבן, פאַר וועלכן עס זאָל ווערט זיין צו לעבן און, ווען נייטיק, אויך שטאַרבן. זי האָט פאַרלאָזן די באַקוועמע היים פון די עלטערן און זיך באַזעצט אין אַ ישראלדיקן קיבוץ. ווען עס איז געקומען די מלחמה, האָט חנה געפונען אַ געלעגנהייט זיך צו שטעלן אין קאַמף קעגן די פיינד פון איר פאָלק. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ ישראלדיקער פּאַראַ־שוטיסטן־גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט דינען דער ענגלישער אַרמיי. חנה איז דעמאָלט אַלט געווען ניט מער ווי 23 יאָר. זי איז געווען אַ שיינהייט און פול מיט חן. זי איז אַריבער די גרענעץ פון יוגאָסלאַוויע קיין אונגאַרן מיט נאָך צוויי ישראלדיקע בחורים. מען האָט זיי געכאַפּט. זיי האָבן אויפן וועג באַהאַלטן אַ ראַדיאָ־טראַנסמיטער, וועלכן מען האָט אויך געפונען. דער פאַשיסטישער אונגאַרישער אָפיציר, וואָס האָט גענומען חנהן אויף אַ פאַר־הער, האָט איר געזאָגט, אַז אירע צוויי חברים וועט מען דערשיסן. כדי זיי צו ראַטעווען האָט זי דערקלערט: „זיי זיינען אומשולדיק. די ראַדיאָ איז מיינע, איך האָב זי אַריבערגעבראַכט מיט מיר". מען האָט חנהן פאַרמשפּט

צום טויט ווי אַ בריטישן שפּיאָן. ווען מען האָט זי געפרעגט, צי זי וויל אַפּעלירן דעם אורטייל, האָט זי געענטפערט:

— איך בעט ניט קיין רחמנות ביי מערדערס.

חנהס מוטער, וועלכע האָט געוואוינט אין בודאַפּעסט, האָט גאָרניט געוואוסט וועגן דעם אורטייל קעגן איר טאָכטער. זי האָט געהאַלטן אין איין באַמיען זיך מען זאָל זי צולאָזן זען די טאָכטער אין טורמע. ווען עס איז איר ענדלעך געלונגען צוצוקומען צו דעם ריכטער, האָט ער זי באַגריסט מיט די ווערטער: — „אייער טאָכטער איז געווען אַ העלדין. איר און אייער גאַנצע ראַסע קענען זיין שטאָלץ מיט איר". אויף מאָרגן נאָך דער מוטערס באַזוך ביים ריכטער האָט מען חנהן דערשאָסן אויף דעם הויף פון דער בודאַפּעסטער טורמע. דאָס איז געווען דעם 6טן נאָוועמבער 1944.

***

ייִדישקייט האַלט, אַז דער מענטש איז לויט זיין נאַטור גוט און שטרעבט צו גוטע מעשים, דעריבער האָבן ייִדן געגלייבט אין דעם מענטשן, צי ער איז אַ ייִד אָדער ניט. זיי האָבן געגלייבט אין די חסידי אומות העולם — אין די גערעכטע און גוטע לייט צווישן ניט־ייִדן. וואַנדערנדיק איבער די גאַסן פון בודאַפּעסט האָב איך מיך אָנגעשטויסן אויף אַ גאַס וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אַזאַ גערעכטן און גוטן מענטשן.

כ'האָב דערציילט און וועל דערציילן וועגן מענטשלעכער שלעכטסקייט. איז לאָמיר אויך דערציילן וועגן מענטשלעכער גוטסקייט.

זיין נאָמען איז געווען ראַול וואַלענבערג. ער איז געווען אַן אַטאַשע אין דער שוועדישער געזאַנדשאַפט אין בודאַפּעסט. אין דער צייט ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען אונגאַרן, האָט אָט דער קריסט גענומען אויף זיך אַליין די ריזיקאַלישע און גיגאַנטישע אויפגאַבע צו ראַטעווען וואָס מער ייִדן פון היטלערס נעגל. ער האָט אין דער הומאַניטאַרער מיסיע זיינער אַרויסגעוויזן אַ סך מוט און דערפינדערישקייט. איבער זעקס הונדערט ייִדן האָט ער געראַטעוועט מיט דעם וואָס ער האָט זיי דערקלערט פאַר אָנגעשטעלטע אין דער שוועדישער געזאַנדשאַפט. ער האָט ניט איין מאָל צעטומלט די נאַציס מיט דעם וואָס ער האָט צו טויזנטער ייִדן אויסגעטיילט פאַספּאָרטן, וואָס האָבן זיי געשטעלט אונטער דעם שוץ פון דעם שוועדישן קיניג.

ער איז געווען אַזוי געוואַגט און דערפינדעריש, אַז אים פלעגט געלינגען קריגן אין פאָרויס קאָפּיעס פון די טעגלעכע ליסטן מיט די נעמען פון די ייִדן וואָס מען קלייבט זיך דעפּאָרטירן אין אַ לאַגער. פלעגט ער וואָס מער אַזעלכע ייִדן צושטעלן שוועדישע „שוץ־פּאַספּאָרטן" (פאַרשטייט זיך אַז ער האָט פאַר דעם געדאַרפט האָבן די צושטימונג פון זיין רעגירונג. מיט דעם געלט וואָס ער האָט געקראָגן פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט" פלעגט ער אונטערקויפן די נאַצישע באַאַמטע). זיין לעבן איז שטענדיק געווען אין געפאַר.

ניט איין מאָל האָט מען אויף אים געשאָסן, ניט איין מאָל האָט מען גע־פּרוּווט אים איבערפאָרן מיט אַ טאַנק. אָבער ווי דורך אַ נס פלעגט ער זיך ראַטעווען. אַזוי ווי די השגחה וואָלט אויף אים אַכטונג געגעבן. ווען די רוסן זיינען שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון בודאַפּעסט, פיר טעג אײדער זיי זיינען אַריין אין שטאָט, איז וואַלענבערג, אין איינער פון זיינע הומאַניטאַרע מיסיעס, אַוועק צו דעם רוסישן קאָמאַנדיר, פון דעמאָלט אָן האָט מען פון אים ניט געהערט.

אין אָנדענק פון וואַלענבערג האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון בודאַ־פּעסט אַ נאָמען געגעבן אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

אויף אומצאָליקע ווענדונגען מצד דער שוועדישער רעגירונג האָט ענדלעך די סאָוועטן־מאַכט געענטפערט אין יאָר 1958, אַז וואַלענבערג איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג צוויי יאָר נאָך דעם ווי דער רוסישער קאָ־מאַנדיר האָט אים אַרעסטירט. פאַרוואָס עס איז אים געקומען צו זיצן אין טורמע — אויף דעם האָט די רוסישע רעגירונג ניט געענטפערט ביז היינט.

## פון איין גיהנום אין אַ צווייטן

**אין** בודאַפּעסט איז מיר אָפּט אויסגעקומען צו הערן פון ייִדן: ווען די רעוואָלוציע פון 1956 וואָלט געוואונען, וואָלט דאָס פאָלק, באַרוישט פון זיג, אויסגעקוילעט אַלע ייִדן. מיר דאַרפן דאַנקען כרושטשאָוון און קאַדאַרן, וואָס מיר לעבן אויף דער וועלט. אמת, נאָך דעם אויפשטאַנד האָט געהערשט אַ שוידערלעכער טעראָר. אָבער אומגעפער אין יאָר 1959 האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. עס לעבט זיך איצט רואיקער אין אונגאַרן. לעבט זיך אויך רואיקער די ייִדן.

די איצטיקע רעגירונג, האָט מען מיר געזאָגט, איז די ערשטע זינט עס איז אין אונגאַרן אויפגעקומען דער קאָמוניזם, אונטער וועלכער ייִדן — אַזוי ווי אַלע איינוואוינערס — אָטעמען אַ ביסל פרייער.

ווען איך האָב געפרעגט: ווי קומט דאָס? — איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַן עקלהאַפטע מעשה פון קאָמוניסטישער פאַרדאָרבנקייט, און באַזונדער, פון פאַרראַט מצד כלומרשטע ייִדן, אַ מעשה פון ייִדישע דע־גענעראַטן, וואָס דערמאָנט אָן די מיאוסטע האַנדלונגען פון די ערגסטע משומדים. און מיט משומדים, ייִדן־מערדערס, איז צו אונדזער ווייטאָג, אונדזער לאַנגע געשיכטע גאַנץ גוט באַקאַנט.

עס קלינגט אומגלייבלעך, נאָר אַזוי איז עס געווען. די קאָמוניסטישע רעגירונג אין אונגאַרן, אין די שפּעטע פערציקער און דער ערשטער העלפט פון די פופציקער יאָרן, האָט געפירט אַן אָפענע אַנטי־ייִדישע העצע. אין איר שפּיץ זיינען דעמאָלט געשטאַנען דריי ייִדן: מאַטיאַס ראַקאָסי, דער

פרעמיער, און די מיניסטאָרן ערנאָ גערא, דער שפּעטערדיקער נאָכפאָלגער פון ראַקאָסי און יאָזעף ריוואַי. די רעגירונג האָט ממש געהאַסט די ייִדן. זיי זיינען אין אירע אויגן געווען „קאָסמאָפּאָליטן״ (אַן אויסדרוק געשאַפן פון סטאַלינען ימח שמו), ציוניסטן, פריינד פון אַמעריקע און בורזשועזן. אַ באַזונדערע פיינדשאַפט האָט געטראָגן קעגן ייִדן דער מנוול (מענוואָול) ראַקאָסי, אַ קליין־געוויקסיק, פליישיק מענטשעלע, וואָס איז ווי אַ הערשער געווען אַן אמתער מערדער. פאַר אים זיינען ייִדן געווען די פאַרקער־פערונג פון דער בורזשואַזיע פון ערגסטן מין, וואָס זייער האַרץ איז מיט די מערב־לענדער און וואָס זיי זיינען פעיִק אויף די גרעסטע פאַר־ברעכנס קעגן קאָמוניזם. דעריבער דאַרף מען זיי אויסראָטן.

דאָס אונגאַרישע פאָלק האָט געהאַסט דעם קאָמוניסטישן רעזשים, וואָס אַ פרעמדע מאַכט האָט אים אויף אים אַרויפגעצוואונגען. די פיינדשאַפט צום רעזשים איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווייל אין דער שפּיץ זיינען געשטאַנען ייִדישע קאָמוניסטן. זיי זיינען געוואָרן דער סאָוועטישער אינסטרומענט אויף צו דריקן דאָס אונגאַרישע פאָלק. האָט די שטענדיקע פיינדשאַפט צו ייִדן זיך נאָך מער צעפלאַקערט. האָבן ייִדישע רענעגאַטן, כדי אויפצוהאַלטן דעם רעזשים און די אייגענע מאַכט און כדי אָפּצואווענדן פון זיך דעם פאָלקס־צאָרן — אַזוי האָבן זיי געהאָפט — געפירט אַ סיסטעמאַטישע מיאוסע העצע קעגן ייִדן.

און — דערציילט מיר אַ ייִד אין בודאַפּעסט — שטענדיקע העצעס האָבן געמוזט פירן צו פּאָגראָמען, באַזונדער ווען זיי זיינען אינסטיגירט געוואָרן פון דער רעגירונג (ווען נייטיק קענען קאָמוניסטן זיין גוטע תלמידים פון די רוסישע צאַרן). אַזוי זיינען אין יאָר 1950 אויסגעבראָכן פּאָגראָמען אין עטלעכע געגנטן פון לאַנד. מען האָט געשלאָגן ייִדן און פאַרניכט ייִדישע הייזער. אין איין שטאָט (טאַקאַזש) האָט מען אַזוי צעשלאָגן דעם פאָרזיצער פון דער ייִדישער געמיינדע און זיין פרוי, אַז זיי זיינען שפּעטער געשטאָרבן. אין אַ סך פאַלן האָבן אין דער פּאָגראָם־אַגיטאַציע אָנטייל גענומען אָרטיקע קאָמוניסטישע פירערס. מען האָט קיין מאָל ניט געמאַכט קיין אויספאָרשונג וועגן די פּאָגראָמען. די פּאָגראָמשטשיקעס פלעגן קיין מאָל ניט באַשטראָפט ווערן. די פּאָליציי פלעגט גאָר אַרעסטירן די געליטענע פון די פּאָגראָמען ווי „הענדלערס אויפן שוואַרצן מאַרק״. באַזונדער האָבן אין יענער צייט זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע איסטוואַן קאָסאַ, אַ געהילף גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און יאָזעף געם, אַ קאָמוניסטישער פּאַרליאַמענט־מיטגליד. אַפילו מיטגלידערשאַפט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט אַ ייִדן ניט באַ־שיצט פון פיינדשאַפט צו אים. מען האָט ייִדן, קאָמוניסטן אָדער ניט־קאָמוניסטן, געהאַלטן אין איין אַוועקשיקן פון שטעלעס.

ווי אין אַנדערע מזרח־איראָפּעאישע לענדער זיינען ייִדן אין אונגאַרן אין זייער מערהייט געווען הענדלערס, געשעפטסלייט. איז ניט געווען גענוג

וואָס מען האָט דעם ייִדן באַרויבט פון האָב־און־גוטס, נאָר מען האָט פאַר־פירט קעגן אים אַ מלחמה ווי קעגן דעם קלאַסן־שונא. אַ קלאַסן־שונא איז אַפילו אויך געוואָרן דער קליינער שוסטער, דער קליינער קרעמער, וואָס האָבן מיט זייער שווייס און מי קוים פאַרדינט אויף אַ שטיקל ברויט.

דער גרעסטער „פאַרשווערער" אין די אויגן פון דער קאָמוניסטישער מאַכט איז געוואָרן דער ציוניסט. אַרויסצואווייזן אינטערעס און ליבע פאַר מדינת־ישראל איז געוואָרן אַ פאַרברעכן. ווער רעדט נאָך וועגן חלומען זיך באַזעצן אין דעם לאַנד. ניט איין מאָל האָב איך געטראַכט אויף מיין רייזע איבער די לענדער: ייִד און ציוניסט זיינען אין די לענדער געוואָרן סינאָנימען. אין יוניסאָן מיט די אַראַבישע דיקטאַטאָרן זינגט מען דאָרטן דאָס פאַלשע לידל, אַז קעגן דעם ייִדן האָט מען גאָרניט, מען האָט נאָר פיינט דעם ציוניסט. אויב אַזוי, דאַרף גאָר ווערן אַ כבוד זיך צו רופן ציוניסט, אַפילו ווען מען איז ווייט פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. (צוריק גערעדט, ווער איז היינט אַ ציוניסט? — אַלע ייִדן איז טייער די מדינה).

פריער האָט מען ביי ייִדן צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, זיי באַרויבט פון זייערע באַשעפטיקונגען, זיי אַוועקגעשיקט פון זייערע שטעלעס, זיי אַראָפּגעשליידערט אויף דעם אונטערשטן שטאַפּל פון דעם סאָציאַלן לייטער אין דעם קאָמוניסטישן רעזשים, און דערנאָך האָט מען זיי דערקלערט פאַר אַ „שעדלעכן, בוצלאָזן" עלעמענט, פאַר איבעריקע אין דער געזעלשאַפט און מען האָט זיי גענומען דעפּאָרטירן פון די שטעט.

גאָר ניט לאַנג צוריק האָבן די נאַצישע מערדערס דעפּאָרטירט אונ־גאַרישע ייִדן קיין אוישוויץ, קיין מאַידאַנעק און אַנדערע לאַגערן אין פּוילן. מען האָט זיי פאַרשיקט אויף טויט און אומקום, ווייל אין די אויגן פון די נאַציס זיינען ייִדן ניט געווען קיין מענטשן, זיינען ייִדן געווען פאַרברע־כערס. מען האָט זיי פאַרשיקט, ווייל די נאַציס האָבן געברענט פון שנאה צו ייִדן. אונגאַרישע ייִדן האָבן נאָך ניט באַוויזן אָפּצואָטעמען פון די נאַצישע דעפּאָרטאַציעס, זיינען געקומען די קאָמוניסטישע מערדערס, אונטער דער פירערשאַפט פון ייִדן־רענעגאַטן, און האָבן גענומען פאַרשיקן ייִדן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען — זייער איינציקע זינד איז געווען וואָס זיי האָבן באַלאַנגט צום מיטלקלאַס — אין די צפון־מזרח געגנטן פון אונגאַרן, אָדער גאָר אין די שקלאַפן־לאַגערן פון סאָוועט־רוסלאַנד.

אמת, מען האָט פאַרשיקט ניט נאָר ייִדן, נאָר יעדער איינעם וועמען די קאָמוניסטן האָבן פאַרדעכטיקט, אַז ער קאָן זיין שעדלעך פאַר זייער הערשאַפט. אַמאָל איז געווען געגנוג אַ מסירהלע, פאַר וועלכער עס האָבן זיך אַפילו ניט געפאָדערט קיין באַווייזן. די מסירות קעגן ייִדן פלעגן גאַנץ אָפט קומען פון געוועזענע נאַציס. דער קאָמוניזם האָט פאַרמשפּט דעם מיטלקלאַס צו אַ לאַנגזאַמען, גרויזאַמען טויט. אָן אויסנאַם האָט מען געמאַכט מיט דאָקטוירים, אינזשינערן, וויסנשאַפטלייט און קינסטלערס, אויב

זיי האָבן זיך פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איר קאָנטראָל.

דערציילט מיר איינער אין בודאַפּעסט:

— איך האָב געקענט אַ מיידל אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, זי האָט פאַרלאָרן איר פאַמיליע און געבליבן איינע אַליין אויף דער וועלט. זי האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער, פאַרמעגלעכער פאַמיליע, אַ פאַמיליע וואָס מען האָט געקענט אין אונגאַרן. איז צוליב דעם, כאָטש זי איז געווען פליסיק אין פיר שפּראַכן, איז איר געווען אוממיגלעך צו קריגן אַ שטעל ביי דעם קאָמוניסטישן רעזשים. אַזוי איז זי, ניט צו שטאַרבן פון הונגער, געטריבן געוואָרן צו פּראָסטיטוציע, און די קאָמוניסטן האָבן שפּעטער זי געקענט אַרויסשטעלן ווי אַ מוסטער פון דעקאַדענטן און קאָרופּטן מיטל־קלאַס.

ווי געזאָגט, האָט מען פאַרשיקט ניט נאָר ייִדן, נאָר מען רעכנט אַז צווישן די פאַרשיקטע זיינען מינימום — און דאָס וועט זיין קאָנסערוואַטיוו — דרייסיק פּראָצענט געווען ייִדן. אין יאָר 1951, האַלט מען, האָט מען פאַרשיקט 22 טויזנט ייִדן, כמעט דרייסיק פּראָצענט, פון אַלע דעפּאָרטירטע, ווען ייִדן האָבן אויסגעמאַכט בלויז 1.3 פּראָצענט פון דער גאַנצער אונגאַרישער באַפעלקערונג. די 22 טויזנט זיינען אָבער געווען אומגעפער 15 און אַ האַלב פּראָצענט פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין יענער צייט, דער עיקר האָט מען פאַרשיקט עלטערע פאַרלעך.

צווישן די אַרויסגעשיקטע ייִדן זיינען געווען רבנים, פירערס פון די אַמאָליקע ייִדישע געמיינדעס, ציוניסטישע פירערס, אַדוואָקאַטן, געשעפט־לייט, שרייבערס און קינסטלערס. צווישן זיי אַ סך אָנגעזעענע ייִדישע פערזענלעכקייטן, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט ווי ליבעראַלן, פאַרשטייט זיך, אויך ניט־ייִדישע ליבעראַלע פערזענלעכקייטן.

מערקווירדיק, זאָגט מיט צאָרן אַ בודאַפּעסטער ייִד, צווישן די אַרויס־געשיקטע איז ניט געווען קיין איין באַקאַנטער נאַצי, אָדער אַנטיסעמיט, כאָטש די רעגירונג האָט זיך פאַרענטפערט אַז זי פאַרשיקט נאָר „נאַציס און פאַשיסטן".

אַ פאַמיליע, וואָס מען פלעגט פאַרשיקן, דערציילט ער ווייטער, פלעגט מען געבן דריי שעה, אין בעסטן פאַל אַ האַלבן טאָג, אויף צו ליקווידירן די געשעפטן. די אומגליקלעכסטע זיינען געווען די, וואָס מען האָט פאַרשיקט קיין סאָוועט־רוסלאַנד. פון דאָרטן פלעגט מען זעלטן ווען צוריקקומען.

די, וואָס מען האָט פאַרשיקט אין אונגאַרן גופא, האָט געהייסן, אַז מען „פירט זיי אַריבער" אין אַ ניי וואוינאָרט. מען האָט זיי געוויינטלעך באַזעצט אין אָפּגעשטאַנענע דערפער און אויף אָפּגעלאָזענע גיטער, וואו עס איז כמעט ניט געווען קיין דאַך איבערן קאָפּ. האָט די מערהייט געלעבט אויפן אָפענעם פעלד, אונטערן פרייען הימל. צווישן די אַרויסגעשיקטע זיינען געווען אַ סך עלטערע און קראַנקע מענטשן. אַלע האָבן געדאַרפט אַרבעטן אויף די פעלדער. אויסהאַלטן האָט זיי געדאַרפט די צענטראַלע און אָרטיקע

מאַכט. ביידע האָבן גאָר אָפּט „פאַרגעסן", אָדער פאַרנאַכלעסיקט דאָס צו טאָן און עס איז אויסגעקומען די פאַרשיקטע זיך אויפצוהאַלטן פון דעם וואָס זיי האָבן ביינאַכט צונויפגענומען אויף די פעלדער און אין די גערטנער. אָפט האָט מען פון די דעפּאָרטירטע עלטערן צוגענומען זייערע קליינע קינדער.

די דעפּאָרטאַציעס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג. לויט אַ באַריכט, זיינען אין די ערשטע דריי מאָנאַטן פון 1952 אין בודאַפּעסט אַליין באַגאַנגען זעלבסטמאָרד איבער טויזנט מענטשן, צווישן זיי זיינען געווען גאָר אַ סך ייִדן.

ווי עס איז באַקאַנט האָבן די גרויזאַמע דעפּאָרטאַציעס אַרויסגערופן פּראָטעסטן פון דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט. פּרעזידענט טרומאַן האָט אין יולי 1951 דערקלערט, אַז די אונגאַרישע רעגירונג וועט געהאַלטן ווערן „פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער וועלט צוליב איר אָפּשיילעכער אויפפירונג" און דער דעמאָלטדיקער סעקרעטערי אָוו סטייט, עטשעסאָן, האָט גערופן אונגאַרן, „אָדער דערלויבן די געליטענע זיך אומקערן אין זייערע היימען, אָדער זיי לאָזן פאַרלאָזן אונגאַרן זיי זאָלן קענען זיך באַזעצן אין די לענדער וואָס זיינען גרייט זיי אויפצונעמען". פאַרשטייט זיך אַז די ישראל־רעגירונג איז געווען ביז גאָר נייגעריק די געליטענע ייִדן אַריבערצונעמען צו זיך אין לאַנד. אָבער אַלע אומדערמידלעכע אינטערווענצן אירע ביי דער אונגאַרישער רעגירונג האָבן זיך מיט גאָרניט אויסגעלאָזן. זי איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין דער אונגאַרישער פּרעסע ווי אַ פאַרטיידיקער פון „רעאַקציאָנערע" עלעמענטן. אין יולי, אויך פון 1951, האָט די אויסטראַלישע רעגירונג צוגעשיקט צו דער בריטישער געזאַנדשאַפט אין בודאַפּעסט וויזעס וואָס מען זאָל אַרויסגעבן ייִדן, וואָס האָבן קרובים אין אויסטראַליע. אין מערץ 1952 האָט די שוועדישע רעגירונג צוגעשיקט 200 וויזעס פאַר עלטערע ייִדן. אין ביידע פאַלן האָט אָבער די אונגאַרישע רעגירונג ניט געגעבן קיין אַרויספאָר־דערלויבעניש. די און אַנדערע פּראָטעסטן און פאָרשלאָגן פון הילף האָבן אָבער ניט גערירט די שטיינערנע הערצער פון די קאָמוניסטישע „ייִדישע" הערשערס. פאַרקערט, זיי האָבן געצוואונגען די פאַראַנטוואָרטלעכע ייִדישע קערפּערשאַפטן אין אונגאַרן צו פאַרעפנטלעכן אַ פּראָטעסט קעגן די אַלע אויסלענדישע רעגירונגען וואָס האָבן פאַראורטיילט די דעפּאָרטאַציעס. דער פּראָטעסט איז געווען געדרוקט אין דער מאַיאַרישער ייִדישער אָפיציעלער אויסגאַבע „דאָס נייע לעבן" פון דעם 19טן יולי 1959. דער פּראָטעסט האָט פאַרזיכערט אַז מען פאַרשיקט ניט ייִדן „ווייל זיי זיינען ייִדן", נאָר די וואָס האָבן באַלאַנגט צו „די רייכע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן" און אויך די „וואָס האָבן געשטיצט דעם פריערדיקן פאַשיסטישן האָרטי־רעזשים". דער פּראָטעסט האָט ניט דערקלערט ווי אַזוי קומט עס וואָס צווישן די אַרויסגעשיקטע זיינען געווען טויזנטער ייִדישע האָרעפּאַשניקעס, אינטעלעקטואַלן און גלאַט אָרעמע לייט אין זיבן פאָלעס.

אַ סך פון דעם וואָס איך גיב דאָ איבער האָט מיר דערציילט אַן עלטערער ייִד אין אונגאַרן, וועלכער האָט אַמאָל באַלאַנגט צו די אַסימי־לירטע ייִדישע קרייזן, און ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיטן ייִדישן לעבן. דעם שמועס האָבן מיר געפירט אין דייטש. ער האָט דורכגעמאַכט בײדע גיהנומס, דעם נאַצישן און דעם קאָמוניסטישן. אין דעם שמועס מיט אים האָט מיר אָפּט אַ סך מער דערציילט דאָס ניט־דערזעדטע, האָבן די מוסקל־באַוועגונגען אויף זיין פּנים גערעדט מער ווי ווערטער. געווען מאָמענטן, ווען זיין פּנים האָט אויסגעדריקט פרייד, וואָס ער קען זיך פאַר מיר אַראָפּרעדן פון האַרצן; געווען מאָמענטן, ווען זיין פּנים האָט אויסגעדריקט טיפן טרויער און ווייטאָג.

ווען ער האָט באַמערקט, אַז איך פאַרשרייב מיינע נאָטיצן אין ייִדיש, איז ער געוואָרן ביז גאָר גערירט און מיט באַגייסטערונג אויסגערופן:

— אַ פרייד צו זען ווי איר שרייבט מיט ייִדישע בוכשטאַבן! זיינען דאָ אַ סך אַזעלכע אין אַמעריקע?

דערצייל איך אים וועגן דער ייִדישער פרעסע, ייִדישע שרייבערס, ייִדישע שולן, און זיין פּנים לייכט אויף. ער האַלט זיך ניט איין, נעמט מיך אַרום און גיט מיר אַ קוש אין קאָפּ.

ביים סוף פון געשפּרעך פאַרשווינדט ער פלוצעם און קומט צוריק מיט אַ גרויס בוך אין האַנט, אַן אילוסטרירט בוך וועגן מדינת־ישראל.

— מיין זון זאָגט ער, איז אין דער ריכטיקער צייט אַוועק קיין ישראל, אַז גאָט וועט מיר געבן געזונט און כוחות וועל איך אפשר נאָך אַמאָל פאָרן צו אים. דאָס בוך האָבן מיר צוגעשיקט מיינע איניקלעך פון ישראל. איך וויל אייך געבן עפּעס איר זאָלט מיך געדענקען. נעמט דאָס בוך. קיין אַנדער זאַך האָב איך ניט. אַמאָל האָב איך געהאַט. מיינע קינדער וועלן מיר שיקן אַן אַנדער בוך.

איך האָב דאָס בוך גענומען. ביים געזעגענען זיך האָב איך אים גע־דריקט צו זיך ווי איך וואָלט זיך שיידן מיט אַ ברודער, וואָס איך האָב נאָך לאַנגע יאָרן צוריק געפונען און וועל אים שוין מער קיין מאָל ניט זען.

דאָס בוך, זיין מתנה, האָב איך געבלעטערט פאַר אַ ייִדיש מיידעלע אין בוקאַרעסט, ווען איך האָב איר דערציילט וועגן מדינת־ישראל. איר פּנים איז פול געווען מיט פרייד. זי האָט מיך געפרעגט, צי איך קען עס איר איבערלאָזן?

— איר וועט אין אַמעריקע קריגן אַן אַנדער בוך, האָט זי זיך ביי מיר געבעטן.

מיין האַרץ האָט ניט געלאָזן צונעמען פון איר דאָס בוך. איך האָף, אַז מיין פריינד אין אונגאַרן וועט מיר מוחל זיין. די באַגעגעניש מיט אים וועל איך ניט פאַרגעסן.

# דער שדים־טאַנץ אין אונגאַרן

**אין** דעם פריערדיקן קאַפּיטל האָבן מיר דערציילט וועגן דער אָפענער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון די ערשטע קאָמוניסטישע רעגירונגען אין אונגאַרן. מערקווירדיק דערביי איז דער פאַקט, וואָס די הויפּט־ראָלע אין די רעגירונגען האָבן געשפּילט ייִדן־קאָמוניסטן. דעם העכסטן פּונקט האָבן ייִדן־פאַרפאָלגונגען און ייִדן־העצעס דערגרייכט אין די יאָרן 1952־1953. דאָס זיינען געווען די יאָרן פון דעם שלאַנסקי־פּראָצעס אין טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס האָט געטראָגן אַן אָפענעם אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער און פון סטאַלינס געמיינעם אַנטי־סעמיטישן בילבול וועגן דער „פאַרשווערונג" פון ייִדישע דאָקטוירים. דע־מאָלט האָט מען אויך „אויפגעדעקט" „די פאַלשע מאַסקע" פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט", וועלכער האָט, אַזוי האָט עס געהייסן, אונטער דעם מאַנטל פון זיין הילף־אַרבעט געדינט די שפּיאָנאַזש־אינטערעסן פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

האָט מען אין אונגאַרן און אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער פאַרוווּרפן דעם „דזשאָינט" צו פונקציאָנירן און ברענגען הילף דער ייִדישער באַפעלקערונג. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין אַ מאָמענט ווען די הילף איז געווען באַזונדער וויכטיק. אין די אַלע לענדער האָבן ייִדן געדאַרפט זיך צופּאַסן צו דער קאָמוניסטישער עקאָנאָמישער סיסטעם כדי צו פאַרדינען אויף אַ לעבן, און מען זאָל אויפהערן זיי באַטראַכטן ווי „איבעריקע" אין דער כלומרשטער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. דער „דזשאָינט" איז געווען דער, וואָס האָט די ייִדן אַ סך געהאָלפן זיך איבערקוואַליפיצירן אין זייערע באַשעפטיקונגען. איז דעריבער זיין געצוואונגענע ליקווידאַציע אין אונגאַרן און אין רומעניע געווען פאַר די ייִדן אַ גרויסער קלאַפּ.

אין די דערמאָנטע יאָרן האָבן זיך אויך אָנגעהויבן פּראָצעסן קעגן ייִדן. מען האָט אַרעסטירט אַמאָליקע אָנגעזעענע ציוניסטישע פירערס. די באַשולדיקונג קעגן זיי איז געווען, אַז זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט ציו־ניסטישע טעטיקייטן און מיטגעהאָלפן דער עמיגראַציע קיין ישראל. אַלץ „פאַרברעכנס" וואָס זיי זיינען באַגאַנגען אין צייטן, ווען אָט־די טעטיקייטן זיינען געווען לעגיטים. ניט נאָר האָט מען אַרעסטירט ציוניסטן, נאָר אויך אַנדערע ייִדישע פירערס פון אַמאָליקע יאָרן, און זיי באַשטראָפט מיט טורמע. פאַר געוויסנלאָזע מענטשן איז ניט שווער געווען צו געפינען אַן אויסרייד.

מען האָט אויך ניט געשאָנעוועט קיין אייגענע אָנפּאַרטרויטע. אַזוי האָט מען אַרעסטירט לאַזשאָס שטעקלער, דער ווען די רעגירונג האָט געהאַט באַשטימט ווי איר אייגענעם מענטשן פאַר דעם הויפּט פון דער בודאַפּעסטער ייִדישער געמיינדע און פאַר דעם פרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון אַלע ייִדישע געמיינדעס אין אונגאַרן. מען האָט קעגן אים צונויפגעשטוקעוועט אַ באַשולדיקונג, אַז ניט נאָר איז ער אַמאָל געווען אַן אינדוסטריאַליסט,

וואָס דאָס אַליין איז דאָך אַ „געוואַלדיק פאַרברעכן", נאָר אויך אַן אַגענט פון דער געסטאַפּאָ. צו דער זעלביקער צייט האָט מען אויך אַרעסטירט לאַשלאָ בענדעק, דער וואָס איז געווען דער קאָמוניסטישער משגיח איבערן יידישן געמיינדע־לעבן. די אַרעסטן זיינען באַגלייט געוואָרן מיט העצעס קעגן יידן סיי אין דער פּרעסע, סיי אין די אויפטריטן פון אָפיציעלע פּערזענלעכקייטן. אין דער העצע־פּראָפּאַגאַנדע איז מען דערגאַנגען צו אַזעלכע שטותערייען ווי אַז „ציוניזם איז דער געפערלעכסטער אַגענט פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם", „ציוניזם און אַנטיסעמיטיזם זיינען צוויי זייטן פון דער זעלביקער מטבע".

— און הערט ווייטער, דערציילט מיר דער וואָס איז מיט מיר אין בודאַ־פּעסט איבערגעגאַנגען זיינע איבערלעבונגען אין די אַלע יאָרן אונטער דעם קאָמוניסטישן רעזשים, אין יענער צייט האָבן זיי אויך אַרעסטירט יידישע דאָקטוירים און . . . דעם הויפּט פון דער געהיים־פּאָליציי גאַבאָר פּעטער, וועלכער איז געווען אַ ייד. עס האָט אויסגעזען אַז מען קלייבט זיך אין אונגאַרן אינסצענירן קעגן יידן אַ פּראָצעס ענלעך צו דעם שלאַנסקי־פּראָ־צעס אין טשעכאָסלאָוואַקיע, און צו דעם פּראָצעס, וואָס סטאַלין האָט זיך געקליבן פאַרפירן אין סאָוועט־רוסלאַנד גופא קעגן יידישע דאָקטוירים.

ווי יעדע דיקטאַטור, זוכט דער קאָמוניזם שטענדיק אַן אויסערלעכן אָדער אינערלעכן שונא אויף וועמען אַרויפצוואוואַרפן די שולד פאַר זיינע דורכפאַלן און פאַר דיליידן פון פאָלק. דער שטענדיקער „שונא" גיט אויך אַ מיגלעכקייט צו באַרעכטיקן דעם טעראָר און ווען נייטיק אים פאַר־שטאַרקן. ביים אָנהייב זיינען דער אינערלעכער שונא די קעגנערישע גרופּעס און פּאַרטייען, נאָך דעם ווי זיי פאַרשווינדן, אַ דאַנק דעם טעראָר, און עס בלייבט פון זיי קיין סימן ניט, מוז די דיקטאַטור געפינען נייע קעגנערס. ווען נייטיק, מוז זי זיי אויסטראַכטן. אַזוי דיקטירט די אומפאַרמיידלעכע לאָגיק פון טאָטאַליטאַריזם. ווען די הערשנדיקע דיקטאַטור קען דעם קעג־נער ניט געפינען מער אין דרויסן פון זיך, געפינט זי אים אין דער אייגענער גרופּע, אין דער אייגענער פּאַרטיי. אַזוי איז געווען אין רוסלאַנד. אַזוי איז אין אַלע קאָמוניסטישע לענדער. ווען מען קען נאָך צו דעם צוגעבן אַן אַנטיסעמיטישע באַפאַרבונג איז אַוודאי גוט. דיקטאַטור פון יעדן מין קען זיך ניט באַגיין אָן אַנטיסעמיטיזם ווי אַ מענטש קען ניט לעבן אָן לופט צו אָטעמען.

דער ערשטער גרויסער פּראָצעס קעגן אַן „אייגענעם" אין אונגאַרן איז פאָרגעקומען אין יאָר 1949. דער באַשולדיקטער איז געווען דער אי־נערן־מיניסטער לאַשלאָ ראַזשעק, דער, וואָס איז אַליין געווען אַ פאַרבי־סענער אַנטיסעמיט און דער, וואָס האָט גענומען אונטער זיין שוץ די אַנטיסעמיטישע העצעס און די וואָס האָבן פּאָגראָמירט יידן. אָבער ניט צוליב דעם האָט מען פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן אים. מען האָט אים

באַשולדיקט אין טיטאָאיזם און אין . . . ציוניזם. מען האָט אים פאַראור־טיילט צום טויט.

מיט דריי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1952, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָט מען זיך גענומען גרייטן צו אַן אָפענעם אַנטיסעמיטישן פּראָצעס. טרעפט אַ נס. אין מערץ, 1953, שטאַרבט סטאַלין.

דער מערדער איז אַראָפּ פון דער סצענע. עס האָט פרייער אָפּגעאָטעמט דאָס רוסישע פאָלק. עס האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט די פעלקער אין די סאַטעליטן־לענדער. אין אונגאַרן, נאָך דעם ווי מען האָט באַפרייט די מאָסקווער דאַקטוירים, הערט אויף די רעגירונג איר אָפיציעלע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. אָבער דער רעזשים באַצײט זיך אַלץ מיט פאַרדאַכט צו ייִדן און מען האַלט זיי אין איין אַראָפּזועצן פון יעדער פאַראַנטוואָרטלעכער פּאָזיציע. אין יענער צייט שטעלן זיך אָפּ די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1951, און וואָס צוליב זיי איז איין דריטל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון בודאַפּעסט און די אַנדערע גרויסע שטעט, פאַרוואָרפן געוואָרן אין קליינע שטעט און אין דערפער, וואו די מיגלעכקייטן פאַר ייִדן צו פאַרדינען זיינען געווען נאָך קלענערע ווי אין די גרויסע שטעט. מען לאָזט אָבער ניט ייִדן וואָס האָבן איבערגעלעבט די פאַרשיקונגען זיך אומקערן צוריק אין די גרויסע שטעט. סיידן אין אויס־נאַם־פאַלן, ווען קרובים נעמען אויף זיך זיי צו באַזאָרגן מיט אַ היים.

נאָך סטאַלינס טויט הייבט זיך אָן אין דער מאָסקווער אָליגאַרכישער קליקע אַ קאַמף פאַר דעם אויבנאַן. אָט דאַכט זיך איז עס מאַלענקאָוו. אָבער גאָר גיך פאַרנעמט זיין אָרט בולגאַנין און נאָך בולגאַנינען קומט כרושטשאָוו. אַזוי ווי אויף אַ שאַכברעט, וואו די שפּילערס האַלטן אין בייטן די פּאָזיציעס פון די פיגורן, אָדער וואַרפן זיי גאָר אַראָפּ פון ברעט. דאָס זעלביקע זעען מיר אין אונגאַרן. דאָרטן הענגט עס אָפּ פון דעם ווער עס איז אין אַ געוויסן מאָמענט דער געווינער אין מאָסקווע. נאָך מער אָבער פון דעם, וואָס די אומצופרידנקייט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געיויערט אין אונגאַרן, הייבט אַלץ העכער און העכער אויף איר שטים און זי ווערט אַלץ דראָענדיקער פאַר די ברוטאַלע הערשערס, וואָס זיינען נאָך דערצו ייִדן. אונטער דער איבערפלאַך, ניט קוקנדיק אויף דעם שוי־דערלעכן טעראָר, האָט געברויזט דער צאָרן פון פאָלק, וואָס האָט צו יעדער צייט געקאָנט אויפרייסן.

אין יוני 1954 געווינט צייטווייליק אין סאָוועט־רוסלאַנד גריגאָרי מאַ־לענקאָוו. אין יולי 1954 ווערט מאַטיאַס ראַקאָסי, דער פאַרביסענער סטאַ־ליניסט און, כאָטש אַ ייִד, אויך אַ פאַרביסענער ייִדן־פיינד, אויס פּרעמיער־מיניסטער פון אונגאַרן. אויף זיין אָרט קומט דער מעסיקער אימרע נאַגי. דער ייִדישער ייִדן־פיינד ערנאָ געראָ איז אין דער זעלביקער צייט געוואָרן אויס אינערן־מיניסטער. זיין אָרט האָט פאַרנומען גענעראַל לאַשלאָ פּיראָס, דער וואָס האָט אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויף ייִדן אין יאָר 1946. אָבער

ראַקאָסי בלייבט אַלץ דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. ער גראָבט זיך די גאַנצע צייט אונטער נאַגי. ווען אין 1955 פאַלט אין מאָסקווע מאַלענקאָוו, פאַלט אין בודאַפּעסט נאַגי. פאַר „רעכטע אָפּ־נייגונגען" ווערט ער אויסגעשלאָסן פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

די פעלקער אין די סאַטעליטן־לענדער הייבן אָן ווערן אומרואיק. אונטער דער רואיקער אייבערפלאַך, ווי עס זעט אויס, ברויזט עס. כרוש־טשאָוו זוכט די פריינדשאַפט פון טיטאָן. ער וויל מיט דעם ווייזן, אַז ער רייסט איבער מיט סטאַלינס פירונגען, אַז רוסלאַנד בייט זיך. אין פעברואַר 1956 קומט זיין באַרימטע רעדע קעגן סטאַלינען. ראַקאָסי, ווי אַ סטאַ־ליניסט און אַנטי־טיטאָאיסט, ווערט באַזייטיקט ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי אין אונגאַרן. עס ווערן אויך באַזייטיקט אַנדערע סטאַלי־ניסטן. אָבער ראַקאָסיס אָרט פאַרנעמט ערנאָ געראָ — אויך אַ סטאַליניסט. ווי עס זעט אויס, זיינען אין יענער צייט נאָך פאַרגעקומען רייבונגען אין רוסלאַנד און אויך אין אונגאַרן צווישן די אַנטי־סטאַליניסטן און די סטאַ־ליניסטן און מען האָט געמאַכט קאָמפּראָמיסן.

אין פאַרבינדונג מיט ערנאָ געראָס ווערן דער גענעראַל־סעקרעטאַר איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַן אינטערעסאַנטע מעשה וואָס איך גיב דאָ איבער.

אין יוני, 1956, ווען טיטאָ איז געקומען אויף זיין צוריק־וויזיט קיין רוסלאַנד, האָט ער פאַרבראַכט מיט כרושטשאָוון אין קרים. דאָרטן האָט אין דער זעלביקער צייט, פאַרשטייט זיך, ניט דורך אַ צופאַל, זיך אויך געפונען ערנאָ געראָ. כרושטשאָוו האָט געוואָלט ווייזן טיטאָן, אַז געראָ איז איצט אַ רעפאָרמירטער, ניט דער אַמאָליקער סטאַליניסט און אַנטי־טיטאָ־איסט. האָט ער אַראַנזשירט אַז ביידע זאָלן זיך „צופעליק" צוזאַמענשטויסן, גאָר אומדערוואַרט, ווען זיי האָבן שפּאַצירט. דערזען, אַז מען האָט אים פאַרנאַרט, איז טיטאָ געוואָרן אויסער זיך. ער איז דאָך געקומען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז מיט זיין אין רוסלאַנד העלפט ער כרושטשאָוון אין אַלע זיינע צרות וואָס ער האָט אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע און אַפילו אין סאָוועט־רוסלאַנד. און דאָ באַגעגנט ער גאָר איינעם, וואָס האָט די אַלע יאָרן געהאָלפן אים באַשמוצן און פאַרלוימדן. האָט מען אים דאָך פשוט אָפּגענאַרט. אָט דאָס קליין־געוויקסיק מענטשעלע און מיר וועלן צו־געבן, קליין יידעלע, וועלכער פלעגט שטענדיק סמאַטשקען מיט די ליפּן, ווען ער פלעגט רעדן, האָט ער דאָך אַלע מאָל פאַראַכט. טיטאָ האָט מיט עקל זיך פאַרקרימט. געראָ, ווי ניט אים מיינט מען דאָס, האָט מיט אַ שמייכל איבער זיין גאַנצן פּנים אויסגעשטרעקט די הענט צו טיטאָן. כרוש־טשאָוו האָט מיט אַ צופרידענעם געלעכטערל באַמערקט:

— איז דאָס ניט אַ וואונדערלעכער צופאַל. ווי באַלד אַזוי, וואָס געווען איז געווען. ס'איז דאָך דאָ אַ סך וועגן וואָס צו רעדן.

ביי טיטאָן האָבן זיך אָנגעצונדן די אויגן פון כּעס. ער האָט זיך גיך אומגעדרייט און אין דער באַגלייטונג פון זיין סוויטע זיך געלאָזט גיין צו זיך אין ווילע. כרושטשאָוו האָט מיט אַלע כּוחות זיך באַמיט מיטצוהאַלטן מיט אים. געראָ האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ פאַרסאָפּעטער. טיטאָ איז אַריין צו זיך אין ווילע, און האָט געהייסן זיינע מענטשן מען זאָל זיך נעמען פּאַקן. געראָ איז געבליבן שטיין אין גאָרטן פון דער ווילע.

כרושטשאָוו האָט זיך געבעטן ביי טיטאָן ער זאָל פאַרבלייבן. אומעטום אין מזרח־אייראָפּע האָט ער מיט אים איינגעטענהט, האַלטן אין אָנצינדן זיך פייערן. קען ער, טיטאָ, דערלאָזן אַז די קאָמוניסטישע געזעלשאַפטן זאָלן אָוועק מיטן פייער, מעג ער אַפילו פיינט האָבן זייערע פירערס? אויסער דעם קען דאָך דאָס פייער אויך פאַרכאַפּן זיין וואַלד. אמת, עס טויג ניט ווי עס איז איצט. זיכער דאַרפן געמאַכט ווערן ענדערונגען. טיטאָ קען אַ סך אַרויסהעלפן. ווי אַזוי? זאָל ער פאַרבעטן געראָן אויף אַ באַזוך צו זיך אין בעלגראַד. נאָך לאַנגע בעטענישן איז כרושטשאָוו אַרויס צו געראָן אין גאָרטן און געלאָזן טיטאָן זיך איבערלייגן.

אין אַ צייט אַרום האָט טיטאָ געלאָזט רופן כרושטשאָוון. ער איז וויליק צו מאַכן שלום מיט געראָן און אים פאַרבעטן קיין בעלגראַד מיט דעם באַדינג אַז לאַשלאָ ראַזשעק, וועמען מען האָט פאַרמשפּט צום טויט ווי אַ טיטאָאיסט, זאָל נאָכן טויט רעהאַביליטירט ווערן און מען זאָל אין אונגאַרן באַפרייען די אַלע וואָס זיצן אין די טורמעס צוליב טיטאָאיזם. כרושטשאָוו און ממילא אויך געראָ האָבן צוגעשטימט צו טיטאָס באַדינג.

ענדערונגען זיינען טאַקע פאָרגעקומען סיי אין רוסלאַנד, סיי אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער. זיי זיינען אָבער ניט געווען גענוג צו באַרואיקן די פעלקער. האָט אויסגעבראָכן אין 1956 — אַ פייער אין פּוילן, וואָס גאָמולקאָ האָט באַלד אויסגעלאָשן. האָט אויסגעבראָכן אַ פלאַם־פייער אין אונגאַרן, וואָס רוסישע טאַנקען האָבן קוים געקענט אויסלעשן. דערנאָך איז געקומען אַ שווידערלעכער טעראָר, וואָס האָט אַריבערגעשטיגן דעם פריערדיקן, דעם טעראָר פון ראַקאָסין.

וואָס שייך ייִדן, האָט דער אַנטיסעמיטיזם אין פאָלק זיך ניט איינגעשטילט. ער האָט ווייטער געפלאַקערט. וואָס מער דער טעראָר האָט געבושעוועט, אַלץ מער איז געוואַקסן דעם פאָלקס אַנטיסעמיטיזם. פון דער רעגירונג האָבן זיך געהערט צווייערליי שטימען. מען האָט געזען אַז אין דער ייִדן־פראַגע איז מען צעטיילט. פון איין זייט דערקלערט דער אַמט פאַר רעליגיע־אָנגעלעגנהייטן, אַז „דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ רעזולטאַט פון די טעותן פון דעם „ראַקאָסי רעזשים". פון דער צווייטער זייט דערקלערט אַ מיניסטער אין קאַדאַרס קאַבינעט, געאָרגי מאַראַסאַן: דער אויפשטאַנד פון 1956 איז געווען אַ ייִדישע פאַרשווערונג און אַז די „נייע" קאָמוניסטישע פּאַרטיי וועט ניט דערלאָזן אין דער צוקונפט, אַז דער פּאַרטייס סאָציאַליסטישע קאָנצעפּציעס זאָלן פאַרדרייט ווערן.

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָט ער געזאָגט: עס איז ניט דערלאָזבאַר אַז די בודאַפּעסטער אָפּערע זאָלן אָנפילן די לעוויס און קאָהנס און ניט די אַרבעטער. און קאַדאַר אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די פּאַרגאַנגענע טעותן פון דער פּאַרטיי שטאַמען דער עיקר פון דעם, וואָס מיט איר האָבן ניט אָנגעפירט „אמתע אַרבעטער", נאָר „קליינבירגערלעכע ייִדן".

דער גרויזאַמער טעראָר האָט לאַנג ניט געקענט אָנהאַלטן, ווייל עס וואָלט ווידער געקומען צו אַן אויפרייס. האָט ער גענומען אָפּלאָזן ביים סוף פון 1958. אין אונגאַרן אָטעמען איצט מענטשן פרייער ווי אין אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, דער קאַדאַר־רעזשים האָט אויך אויפגעגעבן די קלאַסן־מאָטיווירונג פאַר דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט די פריערדיקע רעזשימען אונטער די ייִדן ראַקאָסי און גערא. פילן זיך איצט די ייִדן אין אונגאַרן רואיקער. דער אַנטיסעמיטיזם איז אָבער ניט אויסגעלאָשן, ער לעבט אַפילו אין די אַקאַדעמישע קרייזן ווי עס ווייזט די מעשה מיט דעם פּראָפעסאָר. ער קען זיך ווידער צעפלאַקערן. זאָל נאָר קומען אַ מאָמענט ווען דאָס וועט זיין אין די אינטערעסן פון קאָמוניזם.

## מען וויל ווייטער לעבן

**עס** איז דאָ אַ געוויס ייִדיש פאָלקס־לעבן אין אונגאַרן און אין אַנדערע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס". ייִדן זאָגן זיך דאָך שטענדיק: דער ייִדישער פונק ווערט קיין מאָל ניט אויסגעלאָשן. די ייִדן אין אונגאַרן, ווי אין אַנדערע מזרח־איראָפּעאישע לענדער, זיינען טאַקע דורכגעגאַנגען די גרעסטע ליידן, פריער פון היטלערן, שפּעטער פון די קאָמוניסטישע „ייִדישע" מערדערס, אָבער עס איז אַלץ פאַרבליבן אַ קערן ביי וועמען עס איז שטאַרק דער ווילן צו זיין און לעבן ווי ייִדן; ביי וועמען עס לייכט העל דער ייִדישער פונק און ווערט קיין מאָל ניט אויסגעלאָשן.

פאַר אַ רייזנדיקן ייִדן, וואָס דערזעט פּלוצעם פאַר זיך דעם גרויסן ייִדישן חורבן אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — און וויפל מען זאָל ניט לייענען, מוז מען ערשט זען, כדי צו באַגרייפן דעם גרויסן אומגליק — איז גוט צו זען אין די אַלע לענדער יעדן סימן פון אַ ווייטערדיק ייִדיש לעבן. עס איז גוט און, אויב איר ווילט, אויך אַ טרייסט: די וועלט גייט פאַר אונדז ניט אונטער און וועט ניט אונטערגיין.

וויפל ייִדן וואוינען אין אונגאַרן?

מען רעכנט, אַז נאָך דער מלחמה זיינען אין אונגאַרן פאַרבליבן ניט מער ווי 143 טויזנט ייִדן (אומגעפער 75 פּראָצענט פון די אונגאַרישע ייִדן זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון דער מלחמה). היינט, האַלט מען,

לעבן דאָרטן ניט מער ווי אַן אַכציק טויזנט ייִדן אויף אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 10 מיליאָן, ווען מען זאָל רעכענען די, וואָס לאָזן זיך אָנערקענען פאַר ייִדן. אומגעפער 64 טויזנט פון אַלע אונגאַרישע ייִדן וואוינען אין בודאַפעסט. ווי מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל אָנגעוויזן, זיינען אין די אַלע לענדער דאָ אַ סך ייִדן וואָס באַהאַלטן זייער אָפּשטאַם.

אָבער וואו זיינען פאַרט אַהינגעקומען די אַנדערע אַן ערך זעכציק טויזנט ייִדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אונגאַרן באַלד נאָך דער מלחמה? קיין עמיגראַציע, באַזונדער קיין ישראל, האָט אונגאַרן ניט דערלויבט. אַ סך זיינען אומגעקומען אין צייט פון די דעפּאָרטאַציעס; אַ סך ייִדן, אַזוי ווי ניט־ייִדן, זיינען אין צייט פון אויפשטאַנד פון 1956, ווי לאַנג מען האָט געקענט, אַנטלאָפן פון לאַנד. אַלטע ייִדישע געמיינדעס אין מערב־טייל פון אונגאַרן האָבן פאַרלוירן זייער גאַנצע באַפעלקערונג.

נאָך דער מלחמה, ווען אַלע האָבן געהאָפט, אַז עס קומט אין לאַנד אַ פריי לעבן פאַר אַלעמען, האָבן זיך אין אונגאַרן ווידער איינגעשטעלט אַלע פאַר־מלחמהדיקע ייִדישע אינסטיטוציעס. אָבער ניט אויף לאַנג. אין 1948 זיינען געקומען די קאָמוניסטן צו דער מאַכט. דער נייער רעזשים קען ניט פאַרטראָגן קיין שום אָרגאַניזאַציע, קיין שום געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפט, וואָס איז ניט אונטער זיין קאָנטראָל. אין 1950 האָבן, אונטער דעם דרוק פון דער רעגירונג, די צוויי ייִדישע געמיינדעס אין בודאַפעסט, די אָרטאָדאָקסישע און קאָנסערוואַטיווע, אָדער ווי זיי רופן זיך אין אונגאַרן, נעאָלאָגן, זיך פאַראייניקט אין איינער אונטער דער אויפזיכט פון פערזאָנען, וואָס די רעגירונג האָט באַשטימט. די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט, דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטן־פאַראיין און אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס, האָבן זיך געמוזט אויפלייזן. עס זיינען ניט געווען קיין ייִדישע שולן פאַר ייִדישע קינדער צו לערנען ייִדישקייט, עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַלע ייִדישע יוגנט־אַקטיוויטעטן. די באַרימטע ייִדישע שפּי־טאָלן און סאַניטאָריומס אין בודאַפעסט האָט די רעגירונג נאַציאָנאַליזירט. עס זיינען פאַרבליבן אָפן נאָר די סינאַגאָגעס. עס האָט זיך דעמאָלט אויס־געדוכט, אַז ניט אויף לאַנג. די בימה פון דער שול האָט די רעגירונג, דורך אירע מענטשן, אויסגעניצט פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן. אויך די איינציק פאַרבליבענע וועכנטלעכע אויסגאַבע פון דער פאַראייניקטער געמיינדע „דאָס נייע לעבן" איז געוואָרן אַן אָפיציעלער פּראָפּאַגאַנדע־אָרגאַן פון דער רעגירונג. פון צייט צו צייט פלעגט דאָרטן דערשיינען אַן אַרטיקל אויף דער פרשה פון דער וואָך, אָדער אַן היסטאָרישער אַרטיקל אויף אַ ייִדישער אַלטערטימלעכער טעמע. אין דעם זשורנאַל האָט איר שטענדיק געלייענט וועגן סטאַלין „דער באַפרייער פון דער מענטשהייט" און ראַקאָסי, דער ייִדישער המן, איז גאָר באַצייכנט געוואָרן ווי „אונדזער גרויסער פירער און לערער". פאַרשטייט זיך אויך אַרטיקלען וועגן דעם, אַז די מערב־דע־מאָקראַטיעס זיינען צענטערס פון נאַציזם און אַנטיסעמיטיזם.

אין די אַלע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס" איז די רעליגיע געווען פאַר די רעגירונגען אַ האַרטע נוס צו צעקנאַקן. די הערשנדיקע רעליגיע אין די לענדער — כמעט אין אַלע — איז געווען די קאַטוילישע. דער קאַטאָליציזם איז ניט געווען אַזוי שוואַך און נאָכגיביק קעגן איבער דעם קאָמוניזם ווי די פּראַוואָסלאַוונע רעליגיע אין רוסלאַנד גופא. אַחוץ דעם האָט דער קאַ־טאָליציזם אין יעדן לאַנד געהאַט היִנטער זיך אַ דרויסנדיקע מאַכט — דעם וואַטיקאַן. סטאַלין האָט טאַקע געקענט מיט שפּאָט פרעגן: וויפל דיוויז־זיעס האָט דער וואַטיקאַן? עס האָבן שוין גאָרניט געקענט שפּאָסן אויפן חשבון פון וואַטיקאַן די קאָמוניסטישע הערשערס אין פּוילן, אונגאַרן און אַנדערע לענדער. דעם וואַטיקאַנס דיוויזיעס, פיגוראַטיוו גערעדט, האָבן זיך געפונען אין יעדער פון די לענדער און זיי האָבן גאַנץ שטאַרק געלאָזט הערן פון זיך. אַפילו די פּראָטעסטאַנטישע און לוטעראַנישע גלייבונגען האָבן אין די לענדער געהאַט היִנטער זיך אַ דרויסנדיקע קראַפט. דאָס זיינען געווען די גרויסע מערב־לענדער, וואו די גלייבונגען האָבן געווירקט און אַפילו דאָמינירט אין לעבן. פּראַוואָסלאַוויע — איז פּאַקטיש געווען די רע־ליגיע פון איין גרויס לאַנד — רוסלאַנד. אונטערן צאַר האָט זי געלעבט מיטן גנאָד פון דער רעגירונג.

דער קאָמוניסטישער רעזשים אין יעדער פון די „פאָלקס־דעמאָקראַ־טיעס" ווייסט, אַז ער וועט מוזן געפינען אַ וועג, אָדער ווי מען זאָגט, אַ מאָדוס־וויוועלנדי ווי אַזוי דורכצוקומען מיט דער רעליגיע. דער רעזשים וויל זיין זיכער, אַז זי וועט זיך געפינען אין „געטרייע" הענט: ווינציקסטן, אַז אַ וואַכזאַם אויג וועט אַכטונג געבן און היטן יעדער שריט פון די רעליגיעזע אינסטיטוציעס. ווי נאָר עס שאַפט זיך אַ גינסטיקע קאָניונקטור, שטעלט די מאַכט אַוועק די רעליגיע אין אַזאַ לאַגע, אַז זי מוז ווערן אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם קאָמוניסטישן פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט.

די געשיכטע פון דעם קאַמף פון די קאָמוניסטישע רעזשימען מיט דער רעליגיע, אָדער אפשר איז גאָר בעסער צו זאָגן, קעגן דער רעליגיע, איז אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. מיר קענען זיך אויף דעם ניט אָפּשטעלן. מיר ווילן נאָר אָנווייזן ווי אַזוי אָט דער קאַמף האָט געווירקט אויף דעם ייִדישן לעבן און אויף דער ייִדישער אמונה אין אונגאַרן.

די רעגירונג אין אונגאַרן דערלאָזט אַלע רעליגיעס, דערלאָזט זי אויך די ייִדישע. זי זעט אָבער, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז עס זאָלן ניט פונקציאָנירן קיין שום וועלטלעכע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. ייִדן זיינען פאַר איר נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע. אַלע רעליגיעס, אויך די ייִדישע, דאַרפן זיך געפינען אונטער איר קאָנטראָל.

זי באַנוגנט זיך ניט מיט דעם וואָס זי שאַפט, אין 1950 אין בודאַפּעסט, איין רעליגיעזע ייִדישע געמיינדע. אין 1952 פאַרוואַנדלט זי די געמיינדע פּאַקטיש אין אַ דעפּאַרטמענט פון דער רעגירונג. נאָר אָנפאַרטרויטע קאָמו־ניסטן קענען פאַרנעמען אין איר אַ פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציע. זי נעמט

אויך איבער אַלע פּאָנדן און דאָס גאַנצע אייגנטום פון דער געמיינדע. דער הויפּט פון דער געמיינדע ווערט דער אָנפּאַרטרויטער קאָמוניסט לואי שטעקלער. אָט זיינען ביישפּילן, אַז ייִדן האָבן פאַרלוירן יעדע רעכט איבער זייערע אייגענע אינסטיטוציעס. אין נאָוועמבער 1952 דעפּאָרטירט די רע־גירונג די אומגעפער פיר הונדערט איינוואוינערס, אַ סך פון זיי אין עלטער פון אַכציק יאָר, פון דעם באַרימטן ייִדישן מושב־זקנים אויפן בודאַפּעסטער רינג, ערגעץ וואו אין אַ דאָרף, אין אַ האַלב חרובן בנין אָן וואַסער, און זי דערקלערט דאָס הויז פון מושב־זקנים פאַר אַ רעגירונג־אייגנטום. דאָס זעלבע געשעט מיט דעם בודאַפּעסטער הקדש, אָדער אָרעם־הויז, וואָס דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט" האָט ניט לאַנג צוריק מאָדערניזירט. דאָס הויז ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אָפיצירן־קלוב פון דער פאָלקס־אַרמיי. די קינדער פון ייִדישן יתומים־הויז ווערן עוואַקוירט אין אַן אַנדער הויז און דעם פריערדיקן בנין נעמט איבער די סאָוועטישע אַרמיי. דאָס אַלץ ווערט גע־טאָן מיט דער „צושטימונג" פון דעם הויפּט פון דער געמיינדע, לואי שטעקלער. ער איז אויך געווען דער, וואָס האָט אויסגעאַרבעט פאַר דער געמיינדע אַ נייע קאָנסטיטוציע, צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען אין לאַנד. שטעקלערס געטריישאַפט און אונטערטעניקייט צו דעם קאָמוניסטישן רע־זשים האָט אים ניט באַשיצט, ווען דאָס איז געווען אין די אינטערעסן פון דער רעגירונג־פּאָליטיק, פון אַ שפּעטערדיקן אַרעסט און באַשולדיקונג אין נאַציזם, ווי מיר האָבן שוין דאָס דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל.

פּונקט ווי די גייסטלעכע פון די אַנדערע רעליגיעס צווינגט מען די רבנים יעדע וויילע אונטערשרייבן אַ לאָיאַליטעט־דעקלאַראַציע, און אָפּליי־קענען וועלכע ניט איז פאַרפאָלגונגען. נאָך סטאַלינס טויט אין 1953, ווען עס נעמט בלאָזן אַ קליין ליבעראַל ווינטעלע אויך אין אונגאַרן, דערלויבט די רעגירונג צוריק צו עפענען איין ייִדישע מיטלשול. אין 1947 זיינען אין לאַנד געווען 42 עלעמענטאַר־שולן און זעקס מיטלשולן. זי פאָדערט אָבער, כאָטש זי האָט ביי דער געמיינדע צוגענומען איר גאַנץ אייגנטום און דער־לויבט ניט צו באַשטייערן ייִדן פאַר רעליגיעזע צוועקן, אַז ייִדן זאָלן דורך פרייוויליקע ביישטייערן באַזאָרגן זייערע רעליגיעזע נויטן און אויסהאַלטן די סינאַגאָגעס.

אין 1954־1955 איז געקומען צו דער מאַכט — אַזוי איז געווען דער וואונטש פון רוסלאַנד — דער „ליבעראַל" אימרע נאַגי. זיין רעגירונג האָט אָפּגעשאַפט די „רעליגיעזע קאָמיסאַרן" און צוגעלאָזן מער רעליגיעזע פריי־הייט ווי אונטער דעם פריערדיקן רעזשים פון ראַקאָסי. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אויך נאָך נאַגיס פאַלן. ייִדן האָבן זיך גענומען פילן אַ סך זיכערער און פרייער. די פריערדיקע דעפּאָרטירטע פון בודאַפּעסט האָט מען דערלויבט זיך אומצוקערן אַהיים. דער פּרעזידענט פון דער געמיינדע איז געווען דער אַדוואָקאַט לאַדזשאַס העוועס, אַ פּאָליטיש אומאָפּהענגיקער. ער האָט געטאָן אַלץ זיך איינצושטעלן פאַר די אינטערעסן פון דער געמיינדע. דער באַזוך

אין די שולן איז געוואָרן אַ גרעסערער ווי אין די פריערדיקע יאָרן. די צאָל ייִדן אין בודאַפּעסט איז דעמאָלט געווען הונדערט טויזנט, אָבער גאָר אַ קליינע צאָל האָט באַלאַנגט צו דער געמיינדע.

ווי פריער האָט דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן זיך געדרייט אַרום דער סי־נאַגאָגע. אַ פריי, פולסירנדיק ייִדיש לעבן, אויסער דער סינאַגאָגע, איז מיגלעך נאָר אין אַ פריי לאַנד. אין אַ לאַנד, וואו עס ווערט דערלאָזן און דערמוטיקט געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו.

## ווי זעט איצט אויס דאָס ייִדישע לעבן אין אונגאַרן

**ס'איז** געקומען דער אויפשטאַנד פון סוף אָקטאָבער 1956, און די גאַנצע לאַגע האָט זיך אין אונגאַרן ראַדיקאַל געביטן.

דער צאָרן פון די זיגערס, פון דעם קאַדאַר־רעזשים, האָט זיך אין גאַנצן אויסגעגאָסן אויף די פאַרטרעטערס פון דער קירך. מען האָט אַרעס־טירט אַ סך קריסטלעכע גלחים פון פאַרשיידענע גלייבונגען, באַזונדער די וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיטן אויפשטאַנד. מען האָט אויך אַרעסטירט רבנים. ס'איז ניט געווען מער אַ פראַגע פון דולדן, זאָל זיין, אַ קאָנטראָ־לירטע רעליגיע. דאָס איז איצט געווען ווייניק. מען האָט געפאָדערט, אַז די רעליגיע זאָל מיטאַרבעטן מיט דעם רעזשים, זי זאָל אים שווערן גע־טריישאַפט און אַז זי וועט שטיצן די רעגירונג אין אירע „אויפריכטיקע שלום־באַמיאונגען" און איר מיטהעלפן רעאַליזירן די צילן פון פאָלקס־פראָנט. זי האָט געפאָדערט אַז יעדער רעליגיעזער פירער, וואָס האָט אויסגעדריקט די מינדסטע סימפּאַטיע מיט דעם אויפשטאַנד, זאָל באַזייטיקט ווערן. זיין אָרט קען פאַרנעמען נאָר אַ געטרייער אָנהענגער פון קאָמוניסטישן רעזשים.

דער הויפּט פון דער ייִדישער געמיינדע אין בודאַפּעסט און פון דער פעדעראַציע פון אַלע ייִדישע געמיינדעס אין אונגאַרן איז זינט פּרילינג 1957, ענדרע שאָש. וואָס זיינען אַזוינס געווען זיינע גרויסע פאַרדינסטן, באַזונדער פאַר ייִדן, ער זאָל דערהייבן ווערן צו אָט דעם גרויסן אַמט? ער האָט זיין גאַנץ לעבן געהאַט פּרעטענזיעס צו זיין אַ זשורנאַליסט און געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די נייע הערשערס אַ דאַנק זיינע אַרטיקלען, וואו ער האָט דערציילט וועגן דעם פאַשיזם און אַנטי־סעמיטיזם, וואָס הערשט אין די מערב־לענדער, באַזונדער אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן.

כדי די רעליגיעס זאָלן זיין אין גאַנצן אָפּהענגיק פון דער מלוכה און כדי זי זאָל אויך זיין זיכער, אַז זי האָט דעם פולן קאָנטראָל איבער זיי, קריגן

די אָנגעשטעלטע אין די רעליגיעזע אינסטיטוציעס אויסגעצאָלט זייער געהאַלט פון דער רעגירונג. אַזוי אַרום זיינען זיי געוואָרן רעגירונג־באַאַמטע. פון דער רעגירונג ווערן אויך אויסגעהאַלטן די רבנים און מלמדים, וואָס לערנען מיט די קינדער יידישקייט.

אַ קוריאָזיטעט — און אפשר איז עס גאָרניט קיין קוריאָזיטעט? מיט דער צושטימונג פון דער רעגירונג, פאַרשטייט זיך, שליסט זיך אָן די יידישע פעדעראַציע אין 1957 אָן יידישן וועלט־קאָנגרעס. יידישע פאַרטרעטערס פון אונגאַרן באַטייליקן זיך אין גענף אין דער קאָנפערענץ פון וועלט־קאָנ־גרעס אין יולי 1958. עס איז באַלד קלאָר געוואָרן דער ציל פון זייער אָנשליסן זיך. די אונגאַרישע דעלעגאַטן זיינען געקומען פירן פראָפּאַגאַנדע פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון קאָמוניזם. זיי האָבן געבראַכט צוויי רעזאָלוציעס: איינע, אַז ישראל זאָל זיך דערקלערן פאַר אַ נייטראַל לאַנד. די צווייטע אַז אַלע יידישע געמיינדעס פון די מערב־לענדער זאָלן זיך אָנשליסן אָן סאָוועט־רוסלאַנדס שלום־קאָמפּאַניע קעגן די „אימפּעריאַ־ליסטישע און מלחמה־צינדערישע" רעגירונגען פון זייערע לענדער. דער „באַלעבאָס" האָט געהייסן די אונגאַרישע יידן פאָרן קיין גענף און דאָרט אַקטיוו מיטהעלפן אין דער „אויפריכטיקער שלום־קאָמפּאַניע פון קרעמל", איז מען געפאָרן. ווען מען האָט געזען, אַז די יידן וועלן גאָרניט אויפטאָן — און אפשר האָט מען באַשלאָסן אַז אַ יידישע וועלט־פּלאַטפאָרם איז ניט אַזוי וויכטיק — האָט מען זיי אין 1960 באַפוילן איבעררייסן מיטן יידישן וועלט־קאָנגרעס.

מיר זיינען אָנגעקומען אין אונגאַרן אין אַ צייט פון „אָפּגאַנג", אין אַ צייט, ווען עס האָט אָפּגעלאָזן דער פריערדיקער טעראָר און ווען די קאַדאַר־רעגירונג האָט גענומען דערלאָזן געוויסע פרייהייטן אין די גרענעצן פון דער דיקטאַטור. רעליגיע ווערט ניט נאָר געדולדיקט, נאָר מען ווייזט אַרויס אַ געוויסע טאָלעראַנץ צו איר. כאָטש דאָס וואַכזאַמע אויג היט ווייטער, פילן זיך מענטשן צופרידענער. פילן זיך צופרידענער אויך יידן. מען רעדט אין אונגאַרן וועגן די שוידערלעכע צייטן פון דעם אַמאָליקן ראַקאָסי־רע־זשים, פונקט ווי מען רעדט וועגן דער סטאַלין־עפּאָכע אין רוסלאַנד, ווי וועגן עפּעס אַ קאָשמאַר וואָס איז אַוועק. מען פרייט זיך וואָס דער טעראָר, באַלד נאָכן אויפשטאַנד, האָט אָפּגעלאָזן.

אויפן גרונד פון גאָר פאַרטרוילעכער אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב געקראָגן, ווען איך בין געווען אין בודאַפּעסט, זעט דאָס יידישע רע־ליגיעזע לעבן אין אונגאַרן אַזוי אויס: אָן דער רעליגיעזער געמיינדע אין בודאַפּעסט זיינען אָפיציעל אָנגעשלאָסן 500 מיטגלידער; פאַר דער מלחמה האָבן צו איר געהערט צוואַנציק טויזנט. אויסער דער גרויסער שול פונקציאָ־נירן אין בודאַפּעסט נאָך 16 שולן.

דער נערוו פון יידישן רעליגיעזן לעבן איז דער שוחט. ער ווערט געהאַלטן טייערער פון אַלעמען, ווייל אָן אים איז ניט מיגלעך קיין יידישע

שטוב, אין אַ גרויסער מאָס אויך ניט קיין אייגענער לעבנס־שטייגער. האָט מען מיר געזאָגט: דער שוחט איז ביי אונדז רייך, ער פֿאַרדינט אַזוי פֿיל וויפֿל אַ פּראָפעסאָר. אַלע ווינטשן זיך ער זאָל לעבן און געזונט זיין, און — דער עיקר — ער זאָל ניט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. אין בודאַפּעסט זיינען דאָ אַכט שוחטים. איבערן לאַנד — זיבן. אַ שוחט קומט אַמאָל אויס צו פֿאָרן אומגעפֿער 25 מייל צו קוילענען אַ הון, אָדער אַ בהמה. יום־טובים קומען דאַוונען אין די בודאַפּעסטער שולן אַכט הונדערט מענטשן. מען קען זאָגן, אַז אַרום און אַרום זיינען אין גאַנץ אונגאַרן פֿאַראַן אַ פּאָר טויזנט רעליגיעזע ייִדן. עס זיינען פֿאַראַן צוואַנציק תּלמוד־תּורהס אין בודאַפּעסט און דרייסיק איבערן לאַנד. עס לערנען אין זיי צוויי טויזנט שילערס. זיי ווערן אויסגעהאַלטן פֿון דער רעגירונג. זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז די רעגירונג ניצט אָפּט אויס איר פֿינאַנציעלע סובסידיע צו די רעליגיעזע אינסטיטוציעס ווי אַ בייטש זיי צו צווינגען צו טאָן איר ווילן. אויך האַלט די רעגירונג אויס אַ ייִדישע מיטלשול, וואו צוויי שעה אַ טאָג ווערט אָפּגעגעבן אויף ייִדישער דערציאונג. מען לערנט סידור און ייִדישע געשיכטע. עס לערנען אין איר 120 תּלמידים. אין בודאַפּעסט איז פֿאַראַן אַ ישיבה מיט אומגעפֿער 35 תּלמידים.

דער שטאָלץ פֿון די אונגאַרישע ייִדן איז דער ייִדישער טעאָלאָגישער סעמינאַר אין בודאַפּעסט, וועלכער עקסעסטירט זינט 1878 און איז געווען דער ערשטער פֿון דעם מין אין מזרח־אייראָפּע. דער סעמינאַר האָט אין די איצ־טיקע צייטן, ווען ניט צו פֿיל יונגע ייִדישע מענטשן ווילן זיך לערנען אויף רבנות, ניט מער ווי צען תּלמידים. ער לאָזט אַרויס כמעט יעדער יאָר אַ צוויי רבנים. ביים סעמינאַר איז פֿאַראַן אַ גרויסע ביבליאָטעק מיט זעכציק טויזנט ביכער און ספרים אויפֿן געביט פֿון יודאַאיסטיק און פֿינף הונדערט ביז גאָר ווערטפֿולע וויסנשאַפֿטלעכע מאַנוסקריפּטן. מיט דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר איז פֿאַרבונדן אַ וואונדערלעכער ייִדישער נאָמען. אין שפּיץ פֿון סעמינאַר שטייט ד״ר אַלכסנדר שייבער. ער שטאַמט פֿון גרויסן יחוס. דער טאַטע זיינער איז לאַנגע יאָרן געווען דער רב פֿון בודאַפּעסט. אויך דער מאַמעס פֿאָטער איז געווען אַ רב. ער אַליין האָט פֿאַרענדיקט דעם טעאָלאָ־גישן סעמינאַר אין יאָר 1938. אין 1937 איז ער אויך אַריינגעטראָטן אין בודאַפּעסטער אוניווערסיטעט, וואו ער האָט געלערנט אָריענטאַלע שפּראַכן. ער ווערט באַטראַכט פֿאַר איינעם פֿון די וויכטיקסטע ייִדישע געלערנטע איבער דער וועלט. אין 1963 איז ער געווען אין אַמעריקע, וואו דער היברו יוניאָן קאָלעדזש אין סינסינעטי האָט אים באַשאָנקען מיט דעם ערן־טיטל: ד״ר פֿון העברעאישער ליטעראַטור.

ד״ר שייבער איז זייער פּאָפּולער אין בודאַפּעסט. ווען מען איר זאָלט דאָרטן ניט אַ פֿרעג טאָן, אַ ייִד אָדער ניט־ייִד, ווען איר דערמאָנט זיין נאָמען, דערפֿילט איר גרויס רעספּעקט צו אים. ייִדן און ניט־ייִדן קוקן אויף אים ווי אויף דעם ייִדישן פֿירער אין לאַנד. די ליבע פֿון ייִדן צו אים נעמט

זיך אפשר פון דעם, וואָס ער איז צוזאַמען מיט זיי דורכגעגאַנגען אַלע גיהנומס און קיין מאָל ניט געזוכט קיין פּערזענלעכן אויסוועג פאַר זיך אַליין.

געטראָפן האָב איך אים פרייטאָג־צו־נאַכט ביים דאַווענען אין שול פון טעאָלאָגישן סעמינאַר. ייִדן האָבן ביסלעכווייז גענומען זיך קלייבן. עס זיינען אוודאי געווען פּערציק דאַוונערס. די שול איז געווען שטאַרק באַלויכטן. מען האָט געפילט דעם טעם פון שבת און זייענדיק אין שול האָט מען גאָר פאַרגעסן, אַז אָט נעכטן האָבן פון אַלע ייִדישע ווינקלעך אַרויסגעקוקט פּיין און ווייטאָג. אַלע דאַוונערס האָבן ניט אַראָפּגעלאָזן די אויגן פון דעם ווינקל ביים אָרון־קודש, וואו עס איז געזעסן ד״ר שייבער. דערצו האָט דער חזן, פאַרהעלטניסמעסיק אַ יונגער מענטש, פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע שטים. זיין דאַווענען האָט, ווי מען זאָגט עס, אָנגעפילט מיט זיסקייט אַלע גלידער און געהאָלפן שאַפן אַ שבתדיקע שטימונג, מיט וועלכער איך האָב זיך צונויפגעגאָסן. איך בין געוואָרן איינס מיט דער עדה ייִדן אַרום זיך. אין דעם מאָמענט האָב איך פאַרגעסן אָן אַלץ וואָס איך האָב געזען און געהערט אויף מיין רייזע.

מיט ד״ר שייבערס נאָמען איז אויך פאַרבונדן אַ גרויסע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט, וואָס ווערט שוין אַ היפּש ביסל יאָרן דורכגעפירט אין אונגאַרן. דאָס איז אַ דאָקומענטאַציע־געשיכטע פון די ייִדן אין אונגאַרן פון די רוימישע צייטן אָן און דאַרף דערגריין ביז אונדזער צייט. אין 1957 האָבן די ייִדישע געמיינדעס אין אונגאַרן גענומען קריגן פון דעם ייִדישן קאָמיטעט וואָס פאַרוואַלט מיט די שילומים־געלטער — מיט די דייטשישע געלטער — פינאַנציעלע שטיצע אויף אַרויסצוגעבן די היסטאָרישע ביכער און אויף צו זאַמלען דאָקומענטן וועגן דעם ייִדישן לעבן אין אונגאַרן אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ס'איז ניטאָ אַ יאָר וואָס עס זאָל ניט אַרויסגיין מינימום איין באַנד מיט דאָקומענטן אונטער דער רעדאַקציע פון אַלכסנדר שייבער און ד״ר פיליפּ גרונוואַלד. אונטער אַן אַנדער רעדאַקציע זיינען אויך אַרויס דאָקומענטן וועגן ייִדישע פאַרפאָלגונגען אין אונגאַרן אין יאָר 1944. די אונגאַרישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע האָט אַרויסגעגעבן אַ קאַטאַלאָג פון ייִדישע שאַפונגען און פאַרשונגען, וואו עס ווערן אויסגערעכנט איבער זעקס הונדערט טויזנט מאַנוסקריפּטן און טויזנטער זעלטענע און אַלטע ייִדישע ביכער און ספרים

עס איז אויך וויכטיק צו פאַרצייכענען אַז די שילומים־קאָנפערענץ שטיצט אויך די מיטלשול, די ישיבה און דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר.

ד״ר שייבער איז אויך דער פאַרוואַלטער פון דעם ייִדישן מוזיי, וועלכער געפינט זיך אויף דעם אָרט, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען דאָס הויז וואו ד״ר הערצל איז געבוירן געוואָרן. דער מוזיי האָט זיך געעפנט אין 1909 און איז רייך מיט קעגנשטאַנדן, בילדער און אָביעקטן וואָס גיבן איבער די געשיכטע פון די ייִדן אין אונגאַרן. איצט זיינען צוגעקומען מאַטעריאַלן וואָס

דערציילן וועגן יידישן לעבן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע. אין מוזיי געפינען זיך אויך דריי מצבות פון דריטן יאָרהונדערט.

הינטער דעם מוזיי געפינט זיך דער מאַסן־קבר פון צוויי טויזנט יידישע מאַרטירערס וואָס זיינען אומגעקומען אין דער בודאַפּעסטער געטאָ.

מיין פרוי און איך האָבן פאַרבראַכט אַן אָוונט ביי ד״ר שייבער אין שטוב. מיר האָבן זיך באַקענט מיט זיין פרוי, וועלכע איז אויך אַ הויך אינטעליגענטער און אינטערעסאַנטער מענטש (זי איז אַ לערערין פון שפּראַכן אין אוניווערסיטעט) און מיט זיין קליין טעכטערל אין עלטער פון ניין יאָר. דעם גאַנצן אָוונט האָט ער מיט מיר גערעדט וועגן זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און וויסנשאַפטלעכע פּלענער. איך האָב ביי אים געפונען אַ רייכע ביבליאָטעק פון יידישע ספרים, מיט וועלכע ער שטאָלצירט זייער שטאַרק. זיין אמתער שטאָלץ זיינען פאַר אים די ביכער מיט דאָקומענטן וואָס זיינען אַרויס אונטער זיין רעדאַקציע. ער האָט זיי פאַר מיר געבלעטערט און דערקלערט דעם ווערט פון יעדן בוך. די ביכער, האָט ער מיר געזאָגט, זיינען פאַר מיר אַ טייערער אוצר, אָבער דער גרעסטער אוצר איז פאַר מיר מיין טעכטערל. ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, און אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן זאָרג און אומרו.

ניט נאָר האָב איך מיטגענומען מיט זיך פון בודאַפּעסט שיינע דעריי־נערונגען וועגן ד״ר שייבער און זיין פאַמיליע, נאָר אויך דאָס געפיל, אַז ווי נאָר עס שאַפט זיך פאַר יידן די קלענסטע מיגלעכקייט ניט נאָר אויפצוהאַלטן זיך, נאָר אויך צו אַנטוויקלען אַ שעפערישע טעטיקייט, טוען זיי דאָס. איך האָב דאָרטן געזען עקשנות צו לעבן ווי יידן און אויפצוהאַלטן אַלץ וואָס מען קען נאָר, אויך יידישע האָפענונג, אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן.

# רומעניע

## „דבורה וואָס האָט מורא"

**אומהיימלעך** איז אונדז געוואָרן, ווען מיר זיינען געקומען אין בוקאַרעסט, רומעניע, און גענומען זיך טרעפן מיט ייִדן. זייט איר מיט זיי, פילט איר נערוועזיטעט, געבוירן פון שרעק. מען האָט אונדז געזאָגט אַז אין רומעניע זיינען איצט דאָ ניט מער ווי 120 טויזנט וואָס אָנערקענען זיך ווי ייִדן. פון זיי האָבן אַ העלפט זיך פאַרשריבן צו עמיגרירן קיין ישראל און די מערהייט פון דער צווייטער העלפט חלומט אויך צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

מיר זיינען געווען אין עטלעכע ייִדישע היימען. וועגן צוויי וועל איך דערציילן.

מיר זיינען געגאַנגען אָפּגעבן אַ גרוס פון אַ שוועסטערקינד אין אַמע־ריקע. דאָס הויז איז געשטאַנען אין אַ הויף. אויף יעדער שטאָק האָבן טירן געפירט צו עטלעכע וואוינונגען. די פאַמיליע, צו וועלכער מיר זיינען גע־קומען, איז באַשטאַנען פון אַ פאָטער און מוטער, צוויי זין און אַ שנור. ס'איז געווען אָוונט, און די דירה איז געווען קוים באַלויכטן מיט קליינע עלעקטרישע לעמפלעך. איך האָב דערזען פאַר זיך אָרעמקייט. אין פאָדערשטן צימער איז געשטאַנען אַ רונדער הילצערנער טיש, מיט בענקלעך אָן לענען, אַ האַלב צעבראָכענער בופעט, אַ בעט און אַן אַלטער, קליינער פרידזשידער. די ווענט זיינען געווען שמוציק און אָפּגעלאָזן. עס זיינען אויף זיי געהאַנגען אַ פּאָר בילדער פון אַמאָליקע בעסערע צייטן. לעבן דעם צימער איז געווען אַ קליינע קיך. אַ טיר האָט געפירט אין אַ קליין צימער.

מיר דערציילן אַז מיר האָבן געבראַכט אַ גרוס פון אַ שוועסטערקינד אין ניו־יאָרק און ווייזן אַ בריוו וואָס דער פאָטער האָט אַמאָל געשריבן צום שוועסטערקינד. מען קוקט אונדז אָן מיט פאַרוואונדערונג. מען געדענקט גאָר־ניט, אַז מען האָט אַזאַ שוועסטערקינד און אַז מען זאָל האָבן געשריבן דעם בריוו.

מיר באַמיען זיך פאַרבינדן אַ געשפּרעך. לאָזן זיי זיך ניט. אויף דער פראַגע:

— ווי לעבט זיך אייך דאָ?

ענטפערט מען: גאַנץ גוט.

ענדלעך, ווען זיי קומען ביסלעכווייז צו זיך פון אונדזער פלוצעמדיקן באַזוך, הייבט מען זיך אָן דערמאָנען, אַז עס איז טאַקע דאָ אַזאַ שוועסטער־קינד אין אַמעריקע. מיר געפינען אויס, אַז דער טאַטע, ווי אַ פריערדיקער בורזשוי (ער האָט געהאַט אַ גאַלאַנטעריי־געשעפט) קריגט ניט קיין עלטער־פענסיע. די זין מיט דער שנור זיינען אינזשינערן און האַלטן אויס טאַטע־מאַמע. די גאַנצע משפּחה האָט אַריינגעגעבן אַ בקשה צו פאָרן קיין ישראל. אַ דערלויבניש האָבן דערווייל געקראָגן נאָר די עלטערן.

אין לויף פון געשפּרעך געפינען מיר אויך אויס אַז דאָס קליינע צימער איז אַמאָל געווען טאַטע־מאַמעס שלאָף־צימער. ווען דער עלטערער זון האָט חתונה געהאַט, האָבן זיי דאָס צימער אָפּגעגעבן דער יונגער פּאָר. דער צווייטער זון שלאָפט מיטן טאַטן אין דער פאָדערשטער שטוב, און אין דער קליינער קיך הינטער אַ פאָרהאַנג שלאָפט די מוטער אויף אַן אויפשטעל־בעטל.

דער פאָטער קלאָגט זיך פאַר אונדז וואָס דער צווייטער זון איז נאָך אַ בחור, כאָטש ער איז שוין 32 יאָר אַלט.

ענטפערט דער זון:

— ווי קען איך חתונה האָבן? וואו וועל איך דאָ וואוינען מיט אַ פרוי? אַ דירה פאַר זיך, ווי איינער וואָס האָט זיך פאַרשריבן אויסצואוואַנדערן, קען איך דאָך ניט קריגן. און ווי וועט מען לעבן? דריי אַרבעטן אין שטוב און עס סטייעט בלויז אויף צו עסן.

ווייטער גייט ניט דער געשפּרעך. ווייז איך זיי אַן אַדרעס פון אַ צווייטער פאַמיליע, וואָס האָט אייגענע אין אַמעריקע. מען זאָגט מיר אַז דאָס איז אין גאַנצן עטלעכע גאַסן פון זיי, און דער יינגערער זון שלאָגט פאָר אונדז צו באַגלייטן. ער פאַרשפּרעכט אויך אַז שפּעטער וועט ער אונדז קריגן אַ טעקסי וואָס זאָל אונדז פירן אין האָטעל. (קריגן אַ טעקסי אין בוקאַרעסט איז איינע פון די שווערסטע זאַכן).

אין דער צווייטער שטוב געפינען מיר אַ מוטער, אַ פאַרהייראַטע טאָכטער מיט אַ מאַן, אַ פאַרהייראַטן זון מיט אַ פרוי און צוויי אייניקלעך. די שטוב, זעט אויס, איז אַמאָל געווען אַ פאַרמעגלעכע. מען זעט, כאָטש אַלטע, אָבער פיינע מעבל. די דירה באַשטייט פון דריי צימערן און אַ קיך. מען נעמט אונדז אויף פריינדלעך, מען פרעגט זיך נאָך וועגן די קרובים אין אַמעריקע. אָבער ווי נאָר מיר ווילן פאַרפירן אַ געשפּרעך וועגן זייער אייגענעם לעבן, וועגן דעם לעבן אין רומעניע, באַזונדער וועגן דעם יידישן לעבן — ווערט מען שטיל, אָדער מען בעט אונדז דערציילן וועגן אַמעריקע, וועגן מדינת־ישראל. דאָס איינציקע וואָס מיר געפינען אויס איז אַז דער זון און איידעם אַרבעטן אין אַ גרויסער אינדוסטריעלער פירמע. מען זאָגט אונדז ניט וועלכע.

קומט אַ מאָמענט ווען אין צימער ווערט אַ געדריקטע שטילקייט — ווענד איך מיר צו דעם בחור, וואָס האָט אונדז געבראַכט, ער זאָל גיין קריגן אַ טעקסי. ווען דער בחור פאַרלאָזט דאָס הויז זאָגט דער זון צו אונדז:

— איז ער ניט אַן אַגענט פון דער פּאָליציי? מיט טוריסטן, באַזונדער אַמעריקאַנער, גייט דאָך מיט אַ פּאָליציי־אַגענט.

מיר קלערן זיי אויף, אַז זיי מאַכן אַ טעות. אָבער עס גלייבט זיך זיי עפּעס ניט.

מיר זאָגן זיי אַז די קרובים האָבן אונדז געבעטן זיי איבערלאָזן פינף דאָלאַר. אויף זייער געלט איז דאָס אַ גרויסע סומע. זיי זאָגן זיך אָפּ צו נעמען. מען טאָר ניט האַלטן ביי זיך אַמעריקאַנער געלט, אַ רומענער בירגער טאָר עס אַפילו ניט אויסבייטן אין באַנק. ניט לאַנג צוריק, דערציילט די מוטער, האָט מען געפונען ביי אַ ייִדן איין פאַפּירענעם אַמעריקאַנער דאָלאַר, און מען האָט אים באַשטראָפט מיט צען יאָר טורמע.

דערווייל איז געקומען דער בחור מיט דער טעקסי.

אַזוי האָבן מיר אין בוקאַרעסט גאָר אָפּט זיך אָנגעשטויסן אָן אַ וואַנט פון שטילקייט. אויג אויף אויג פלעגט מען נאָך מיט אייך ריידן. אָבער ווי נאָר עס פלעגט זיך באַווייזן אַ דריטע פּערזאָן, פלעגט מען פלוצעם שטיל ווערן.

איך קום אין דער באַגלייטונג פון אַ באַקאַנטן (די באַקאַנטשאַפט האָב איך געשלאָסן אין בוקאַרעסט) צו אַ וויכטיקער ייִדישער פּערזענלעכקייט. וויפל איך באַמי מיר ניט צו ריידן מיט אים, מיידט ער אויס צו ענטפערן. פאַלט מיר איין צו זאָגן מיין באַקאַנטן אויפן אויער, אַז איך וועל שוין אַליין געפינען דעם וועג צוריק אין האָטעל. ווי נאָר דער באַקאַנטער פאַרלאָזט, פאַרפירט זיך אַ געשפּרעך. אמת, מיין מיטשמועסער איז איינגעהאַלטן מיט זיינע ענטפערס.

איך קום אין אַן אינסטיטוציע. מען פירט מיך אַריין צו דעם פאַרוואַלטער. איך שטעל מיך פאָר און וויל פאַרפירן מיט אים אַ געשפּרעך. זאָגט ער מיר: איך מוז קריגן אַ דערלויבעניש מיט אייך צו רעדן, קומט מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער. עס האָט ניט געהאָלפן מיין טענה אַז איך פאַרלאָז מאָרגן פרי רו־מעניע. דער געשפּרעך איז ניט פאָרגעקומען.

נאָך עפּעס, יעדער מאָל, ווען איך פלעג שוין פאַרפירן אַ געשפּרעך מיט עמעצן, פלעגט מיין מיטשמועסער באַלד אויפהערן ריידן, ווי נאָר איך פלעג אַרויסנעמען מיין נאָטיץ־ביכל. דאָס ביכל פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק.

מיר זיצן אַכט מענטשן, פיר מענער און פיר פרויען אין אַ פּריוואַטער שטוב אין בוקאַרעסט. די מענער זיינען אַ געוויסע צייט געווען אין איין קאָנצענטראַציע־לאַגער און דאָרטן געוואָרן גאָר נאָענטע פריינד. עס פירט זיך אַ געמיטלעכער שמועס. מיין פרוי און איך דערציילן וועגן אַמעריקע, וועגן מדינת־ישראל און פאַרשיידענע אינצידענטן אויף אונדזערע רייזעס. עס ווייזט זיך אַרויס אַז ייִדן אין בוקאַרעסט הערן זיך אָפּט צו צו דער שטים פון ישראל, דער שטים פון אייראָפּע און ווייסן גאַנץ גאַנץ גוט וואָס עס טוט זיך אין דער פרייער וועלט און ווי מענטשן לעבן דאָרטן.

איך הייב אָן אַריבערפירן דעם שמועס אויף רומעניע, און נעם דערביי אַרויס מיין נאָטיץ־ביכל. ווי נאָר מען דערזעט דאָס ביכל, גיט מיר עמעצער אָ פרעג:

— זאָגט מיר, וואו האַלט איר אייער נאָטיץ־ביכל?

איך ענטפער אים, אַז איך האַלט עס ביי זיך אין קעשענע. ווען איך פאַרשרייב עפּעס, פאַרשרייב איך פאַרשטעלט. אַחוץ דעם האָט נאָך קיין מאָל אויף אַלע מיינע רייזעס ניט געטראָפן, אויף וועלכער גרענעץ עס זאָל ניט זיין, מען זאָל זוכן ביי מיר אין קעשענע. דער פרעגער פאַרבלייבט סקעפּטיש. זאָג איך אים:

— איר ווייסט, אייער נאָמען איז דאָך שוין דאָ אין מיין ביכעלע, געדענקט, ווען איר האָט מיך געטראָפן דאָס ערשטע מאָל, האָט איר מיך געבעטן געפינען אייער אָנקל אין ניו־יאָרק און איך האָב אייער נאָמען און אַדרעס פאַרשריבן אין ביכל.

דאָך לייג איך אַריין דאָס ביכל צוריק אין קעשענע. אָבער וואָס איך זאָל ניט פרעגן, וויל מען ניט ענטפערן. אַפילו אויף אַזאַ פּשוטער פראַגע וויפל עס איז דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַן אַרבעטער אין רומעניע.

זאָג איך מיט גרויס אויפרעגונג:

— איך הייב אייך ניט אָן צו פאַרשטיין. מיר זיצן דאָך צווישן יידן. איז וואָס שרעקט איר זיך? אַחוץ דעם זייט איר דאָך נאָענטע פריינד. איר האָט דאָך מיר פריער געזאָגט אַז איר זייט ווי אין פאַמיליע.

ענטפערט מיר איינער:

— דאָ אין רומעניע טרויט מען ניט איינער דעם צווייטן. מען ווייסט קיין מאָל ניט מיט וועמען מען האָט צו טאָן.

דער אָוונט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי אָנגענעם, איז קאַליע געוואָרן.

***

איין מאָל האָב איך פאַרבראַכט מיט צוויי אָנגעזעענע יידישע קולטור־טוערס פון פאַר די מלחמה־יאָרן.ביידע העכסט אינטעליגענטע מענטשן. מיר האָבן גערעדט וועגן יידישע שרייבערס, וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע. איינער פון זיי האָט גערעדט וועגן איסט־בראָדוויי און דער אַמעריקאַנער איסט־סייד פּונקט ווי ער וואָלט אַמאָל געוועזן געלעבט דאָרטן. אָבער ווי נאָר איך האָב גענומען פאַרקירעווען דעם געשפּרעך אויף רומעניע, האָב איך דערפילט, אַז עס ווערט זיי זייער ניט אָנגענעם. עפּעס בלייבט שטעקן ביי זיי אין האַלדז.

זאָג איך צו זיי: — וואָס שרעקט איר זיך אַזוי שטאַרק? רופט מיין פּערזאָן ביי אייך אַרויס אַזוי ווייניק צוטרוי? זייט רואיק, איך וועל אין אַמע־ריקע ניט נאָר ניט שרייבן, נאָר אַפילו ניט דערציילן זאַכן וואָס קענען אייך ברענגען די מינדסטע צרה.

דערלאַנגט איינער פון זיי אַ זאָג: מיר ייִדן אין רומעניע זיינען „דבורה וואָס האָט מורא״.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? — פרעג איך אים (אַזוי ווי דאָס לידל וואָלט מיר געווען אומבאַקאַנט).

צעלאַכט ער זיך און זינגט מיר פּאָר מיט דער מעלאָדיע פון דעם באַקאַנטן רוסישן וואָלגאַ־ליד „עי אוכניעם״ אַזאַ מין לידעלע:

איך קען אַ מיידל,
הייסט זי דבורה.
וויל זי חתונה האָבן,
האָט זי מורא.
לייגט זי אָפּ
אויף שמחת־תורה,
קומט שמחת־תורה
האָט זי ווידער אַמאָל מורא.
בלייבט אַן אַלטע מויד,
אָט די דבורה.

דאָס דאָזיקע לידל, זאָגט ער, איז דאָס פּאָפּולערסטע ליד ביי ייִדן אין רומעניע.

ער דערלויבט מיר דאָס לידל צו פאַרשרייבן אין מיין נאָטיץ־ביכל.

## די זעלבע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט

איך האָב דערציילט אַז אין דער ייִדישער לופט פון רומעניע שוועבט די שרעק. פון וואַנען נעמט זי זיך? אויף דער פראַגע קען מען ענטפערן מיט אַ צווייטער: ווען האָט דער ייִד אין רומעניע ניט געלעבט אין שרעק? האָט מען דאָך דאָס דאָזיקע לאַנד שטענדיק באַטראַכט ווי דאָס קלאַסישע לאַנד פון אַנטיסעמיטיזם. אַזאַ ענטפער דערקלערט אָבער ווייניק.

אין בוקאַרעסט איז מיר געלונגען צו שליסן אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ זייער גוט אינפאָרמירטער פּערזאָן, וואָס האָט באַאָבאַכט די געשעענישן אין רומעניע נאָך דער מלחמה (ער שטאַמט פון בעסאַראַביע. אונדז האָט פאַרבונדן דאָס, וואָס מיר האָבן ביידע גערעדט רוסיש). ווען מיר זיינען געווען אַליין האָט ער מיר דערציילט גאָר אינטערעסאַנטע זאַכן, וואָס האָבן אַ סך אויפגעקלערט.

ניט אַלץ, וואָס מיין פריינד האָט מיר דערציילט, איז געווען פאַר מיר ניי. אָפט האָט ער איבערגעגעבן פאַקטן, וואָס זיינען מיר, פונקט ווי יעדן שטענדיקן לייענער פון דער פרעסע, באַזונדער דער יידישער, געווען באַ־קאַנט. אָבער זיי זיינען שוין געווען באַהאַלטן ערגעץ אין מיין מוח און פאַר־געסן. ער האָט זיי פאַר מיר אָפּגעפרישט. אַ דאַנק דעם איז מיר געוואָרן קלאָרער וואָס איך האָב געזען אַרום זיך אין רומעניע און איך האָב גענומען בעסער פאַרשטיין דעם שרעק־געפיל ביי יידן.

ווען איך האָב אים דערציילט די דערפאַרונגען וואָס איך האָב געהאַט מיט יידן אין בוקאַרעסט, האָט ער מיר געזאָגט:

— עס איז ניטאָ וואָס זיך צו וואונדערן. רומעניע ווערט ווייטער רעגירט פון אַ דיקטאַטור ווי דאָס איז געווען פאַר דער איבערקערעניש. עס האָבן זיך געביטן די פּערזאָנען — אויך דאָס ניט אַלע מאָל — און דער סאָציאַלער קלאַס, וואָס כלומרשט אין זיין נאָמען הערשט די דיקטאַטור. די לעצטע צוואַנציק יאָר פאַר דער מלחמה האָבן די דיקטאַטורן געהאַלטן אין איין בייטן זיך. די קאָמוניסטישע דיקטאַטור האָט פאַרביטן די פריערדיקע. אין גרונט איז אָבער די רעגירונג־פאָרעם פאַרבליבן די זעלביקע. עס איז אויך פאַר־בליבן דער אַנטיסעמיטיזם. מיט אים איז דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע פאָלק, פון אויבן ביז אַראָפּ.

— ווי איז דאָס מיגלעך? — פרעג איך. יידן זיינען דאָך אין רומעניע אָנערקענט ווי גלייכע. די רעגירונג האַלט דאָך אויס אַ יידיש טעאַטער און אָנערקענט די רעליגיעזע קהילות?

— אמת, ענטפערט ער. אָבער איר וועט בעסער פאַרשטיין וואָס איך מיין, ווען איך וועל אייך דערמאָנען ווי אַזוי די קאָמוניסטישע רעגירונג איז אויפגעקומען אין רומעניע.

און ער דערציילט אַ מעשה ווי מען וואָלט זי אַרויסגענומען פון אַן אָפּע־רעטע, און וואָס קלינגט ווי אַ פאַרס.

— איר ווייסט דאָך מסתמא, דערציילט ער, אַז אין רומעניע איז קיין מאָל ניט געווען קיין קאָמוניסטישע באַוועגונג וואָס זאָל ווערט זיין דעם נאָמען. ניט נאָר דאָס. קאָמוניזם איז געווען פאַרהאַסט. אַלע באַמיאונגען, אַלע געלטער פון מאָסקווע האָבן גאָרניט דערגרייכט.

אַ לייכט שמייכל באַווייזט זיך אויף זיין פנים:

— מען גיט איבער, דערציילט ער, אַז ווען מען האָט אַנאַ פּאַוקער, די רבנישע טאָכטער און איינע פון די געציילטע קאָמוניסטישע פירערס אין רומעניע, געפרעגט, צי עס שטימט, אַז די קאָמוניסטישע פאַרטיי אין גאַנץ רומעניע ציילט ניט מער ווי פיר הונדערט מיטגלידער, האָט זי געענטפערט אַז דאָס איז אומגעפער די צאָל און צוגעגעבן: צאָלן פאַר זיך אַליין האָבן אַ קנאַפּן ווערט. וויכטיק איז ווי מען מאַנופּילירט מיט זיי.

— דעריבער, רעדט מיין פריינד, ווען די רויטע אַרמיי איז אַריין אין רומעניע — רומעניע איז געווען דאָס ערשטע לאַנד וואָס זי האָט „באַפרייט"

— האָבן די קאָמוניסטן אַפֿילו ניט געהאַט מיט וועמען צו שאַפֿן אַ קאָאַלי־ציע־רעגירונג, ווי עס פֿלעגט זיך פֿירן די ערשטע צייט אין יעדן „באַ־פֿרייטן" לאַנד, כּדי ניט צו פֿיל צו רייצן די אַליִרטע.

— און הערט דעם שפּאַס, שמייכלט מיין פֿריינד, די אויפֿגאַבע האָט אויף זיך גענומען פּעטראָ גראָזאַ, אַ רייכער לאַנד־אייגנטימער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום פֿאַרבינדונג מיטן קאָמוניזם, וואָס האָט אַפֿילו ניט געוווּסט קלאָר וואָס דאָס איז אַזוינס. דאָס גאַנצע לעבן איז ביי אים געווען אַן אַמביציע צו ווערן אַ גרויסער מענטש. האָט ער איצט געקראָגן די גע־לעגנהייט. וועגן אים פֿלעגט מען דערציילן, אַז יעדער מאָל ווען ער האָט פֿאַר זיך געהאַט אַ קיצלדיקע פֿראַגע, פֿלעגט ער אַרויסגיין אין אַ צווייט צימער, זיך פֿאַרבינדן מיט דער רוסישער אַמבאַסאַדע און קומען צוריק אַ צעשטראַלטער: ער האָט דעם באַשייד!

— און הערט און שטוינט, רעדט מיין מיטשמועסער. ווי נאָר עס איז אָנגעקומען די רויטע אַרמיי, זיינען די „אייזערנע גוואַרדיסטן", די וואָס האָבן געהאַלטן אין שרעק די באַפֿעלקערונג פֿאַר דעם פֿריערדיקן פֿאַשיסטישן דיק־טאַטאָר אַנטאָנעסקו, איבער נאַכט געוואָרן קאָמוניסטן. ווען מען האָט אַמאָל געפֿרעגט דעם קאָמוניסטישן אינערן־מיניסטער געאָרגעסקו, ווי קומט עס וואָס אין זיין פּאָליציי דינען אַמאָליקע אָפֿיצירן פֿון דער גוואַרדיע, האָט ער געפֿרעגט:

— וואָס טויג דאָ ניט? מען קען ניט אַ גוט אָוועקגעשטעלטע אָרגאַני־זאַציע אויפֿלייזן איבער נאַכט. איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין, אַז זי האָט געבראַכט אַ סך נוצן.

מיין פֿריינד באַמערקט, אַז אויף מיין פּנים באַווייזט זיך אַ צווייפֿל, זאָגט ער מיר:

— וואָס וואונדערט איר זיך? איר געדענקט דאָך מסתּמא, אַז דער אויס־לאַנד־מיניסטער פֿון דער קאָמוניסטישער רעגירונג איז געוואָרן דער רומע־נישער פּרעמיער אין צייט פֿון דער מלחמה, דער באַקאַנטער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט געאָרג טאַטאַרעסקו. די סאָוועטן האָבן געשיקט קיין בו־קאַרעסט אַנדרעי ווישינסקי, דער אַמאָליקער רוסישער הויפּט־פּראָקוראָר, דער וואָס האָט אַוועקגעשיקט צום טויט הונדערטער מענטשן, ער זאָל העלפֿן צונויפֿשטעלן די „קאָאַליציע"־רעגירונג. אויף זיין אָנווייז האָט מען דאָס אַריינ־גענומען אין דער רעגירונג טאַטאַרעסקו, אַ גרויסער פֿריינד פֿון היטלערן און דער וואָס האָט געשוואָרן, אַז „רומעניע וועט קיין מאָל זיך ניט אַ וואַקל־טאָן אין דער הייליקער מלחמה קעגן קאָמוניזם". איז דאָס ניט געווען אַן אמתער פּאַרס? — פֿרעגט מיין פֿריינד.

— ריכטיק, ריכטיק, גיב איך צו. און דער פּאַרס, זאָג איך, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ גראָטעסק, ווען איינגעשוואָרן די קאָמוניסטישע רעגירונג האָט דער יונגער רומענישער קיניג, חבֿר מיכאַאיל. צום ערשטן מאָל איז אויפֿגעקומען אַ קאָמוניסטישע רעגירונג פֿון „זיין מאַיעסטעט". ווי איך זע,

האָט זיך געשאַפן אַ רעגירונג, אין וועלכער עס זיינען געזעסן זייט ביי זייט קאָמוניסטן און נעכטיקע פאַשיסטן. זיי האָבן דאָס געדאַרפט ברענגען דעם „סאָציאַליזם" אין רומעניע.

— דאָס פאָלק אין לאַנד, זעצט פאָר מיין פריינד, האָט ניט געפילט קיין שום איבערבייט. איין דיקטאַטור האָט פאַרביטן אַ צווייטע. מען איז צו דעם געוואוינט. ווער קען זיך דאָ פונאַנדערקלייבן אין די אונטער־שיידן? באַזונדער ווען די אויספירערס פון דער נייער דיקטאַטור זיינען איבערן לאַנד פאַקטיש געווען די זעלביקע מענטשן, די זעלביקע „אייזערנע גוואַר־דיסטן". פונקט ווי די פריערדיקע אַדמיניסטראַציעס זיינען געווען אָנגעפּי־קעוועט מיט אַנטיסעמיטן, אַזוי איז אויך געווען די נייע, די קאָמוניסטישע. כאָטש זי האָט פאַרשפּראָכן ייִדן פולע גלייכהייט און אַלע רעכט וואָס עס קריגט די גאַנצע באַפעלקערונג, אויף וויפל דאָס פאָלק האָט רעכט אונטער דיקטאַטור.

ייִדן האָבן ווייטער געפילט אַרום זיך פיינדשאַפט, וואָס איז געקומען אי פון פאָלק און אי פון די רעגירערס.

אַזוי האָט צו מיר גערעדט מיין בוקאַרעסטער פריינד און ווען איך האָב אים געזאָגט: צווישן די רעגירערס איז דאָך אויך געווען אַנאַ פּאוקער, האָט ער סאַרקאַסטיש באַמערקט:

— אין דער פאַשיסטיש־קיניגלעכער אַדמיניסטראַציע האָט ביז אַ גע־וויסער צייט געהאַט אַ ווירקונג די ייִדישע טאָכטער מאַגדאַ לופּעסקו. אַזוי האָט אויך אין דער קאָמוניסטיש־פאַשיסטישער רעגירונג ביז אַ געוויסער צייט געווירקט די ייִדישע טאָכטער אַנאַ פּאוקער.

און דאָ קומט אַ טרויעריקע געשיכטע פון ייִדישן לעבן אונטערן קאָמו־ניזם ביז היינט צו טאָג. אַ געשיכטע וואָס דערקלערט פאַרוואָס ייִדישע הער־צער זיינען אָנגעפילט מיט שרעק.

אַ דאַנק דעם קאָמוניסטישן רעזשים, האָבן ייִדן פאַרלאָרן אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט. גאָר אַ סך ייִדן זיינען געבליבן ווי אויפן וואַסער, אָן יעדער מיגלעכקייט עפּעס צו פאַרדינען, ווייל כמעט אַ העלפט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין רומעניע זיינען געווען הענדלערס. איצט זיינען זיי געוואָרן קלאַסן־שונאים, נוצלאָזע מענטשן. לויט דער סטאַטיסטיק פון קאָמוניסטישן ייִדישן דעמאָקראַטישן קאָמיטעט אין רומעניע, זיינען אין יאָר 1948 דאָרטן געווען 350 טויזנט ייִדן (פאַר היטלערן האָבן דאָרטן געלעבט 800 טויזנט ייִדן); אַ העלפט פון זיי זיינען געווען עלטערע מענטשן, הויז־פרויען און קינדער. 175 טויזנט האָבן געדאַרפט זיין די ברויט־געבערס. אָבער אונטער דעם נייעם רעזשים האָבן גאַנצע הונדערט טויזנט פון זיי ניט געהאַט קיין מיגלעכקייט צו פאַרדינען. ס'איז גרינג צו פאַרשטיין דעם צווייפל, אין וועלכן זיי זיינען אַריינגעפאַלן.

רומעניע איז ניט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך עקאָנאָמיש געוואָרן צוגע־בונדן צו רוסלאַנד. עקאָנאָמיש איז זי אין יענער צייט פאַקטיש געווען רוס־

לאַנדס הינטערלאַנד. אַמאָל האָט די רעגירונג געדריקט און געזויגן דאָס פאָלק אין די אינטערעסן פון די פּריצים און לאַנד־אייגנטימערס, איצט האָט די דיקטאַטור שווער געמאַכט דאָס לעבן פון פאָלק אין די אינטערעסן פון דער קאָמוניסטישער מעקאַ — מאָסקווע.

דער לעבנס־סטאַנדאַרד האָט געהאַלטן אין איין פאַלן. עס איז געשטיגן די אינפלאַציע. עס איז געווען אומצופרידן די שטאָטישע באַפעלקערונג. עס זיינען געוואָרן אומרואיק די פּויערים, וואָס האָבן זיך שטאַרק געשטעלט קעגן דער קאָלעקטיוויזאַציע פון דער ערד. זיי זיינען דאָך געווען דריי פערטל פון דער גאַנצער רומענישער באַפעלקערונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַסיווער ווידערשטאַנד אויף די פאַבריקן.

די דיקטאַטור האָט, ווי יעדע דיקטאַטור, געהאַט נאָר איין רפואה, פאַר־שטאַרקן דעם טעראָר. מען האָט גענומען אַרעסטירן מענטשן אין די הונדער־טער, שאַפן שקלאַפן־לאַגערן. ייִדן, ווי ניט־פּראָדוקטיווע, „איבעריקע" עלע־מענטן, האָבן פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט צווישן די אַרעסטירטע. מען האָט דעם ייִדן אויך צוגעקלעפּט דעם עטיקעט פון „ספּעקולאַנט". ייִדן, וואָס האָבן דורך ניסים זיך געראַטעוועט פון פאַשיסטישן גיהנום, זיינען איצט אַריינגעפאַלן אין קאָמוניסטישן.

ווי אין אַלע קאָמוניסטישע לענדער האָבן אויף מאָסקוועס אינסטרוקציעס, זיך שפּעטער אָנגעהויבן רייניקונגען. געפאַלן זיינען אין דער ערשטער ריי אַ סך פון די עלטערע קאָמוניסטן, די וואָס האָבן איינשטעלנדיק זייער לעבן, געאַרבעט פאַר דעם קאָמוניזם אונטער פאַשיסטישע דיקטאַטאָרן. צווישן זיי אויך אַנאַ פּאַוקער. צוזאַמען מיט איר האָט מען גענומען באַזייטיקן ייִדן פון דער רעגירונג און אַדמיניסטראַטיווע קערפּערשאַפטן. עס האָבן זיך אָנגע־הויבן העצעס קעגן ייִדן. מיט דער צושטימונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַר־טיי זיינען, אין פאַרבינדונג מיט אַנאַ פּאַוקערס פאַלן פון דער מאַכט, פאָרגע־קומען עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס, אין וועלכע „דאָס פאָלק האָט אויסגע־דריקט זיין צופרידנהייט וואָס מען איז פּטור געוואָרן פון דער פאַרהאַסטער אַנאַ פּאַוקער". די דעמאָנסטראַציעס האָבן געטראָגן אַ ריין אַנטי־ייִדישן כאַראַקטער.

אין פעברואַר, 1952, האָט מען גענומען אַרויסשיקן פון די שטעט די בורזשואַז־אומפּראָדוקטיווע און פּאָליטיש ניט־פאַרלעסלעכע עלעמענטן. דאָס האָט אָנגערירט די ייִדן אין דער ערשטער ריי. זיי זיינען געווען שטאָטישע איינוואוינערס. לויט זייער אָפּשטאַם האָבן זיי געהערט צום מיטלקלאַס און צווישן זיי זיינען געווען אויך אַ סך, ביי וועמען די רעגירונג האָט עקספּראָ־פּריאירט זייער פאַרמעגן. ס'איז זיי ניט געווען מיגלעך צו געפינען אין דער נייער עקאָנאָמיע אַ שטענדיקע פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונג. צווישן די דע־פּאָרטירטע האָבן זיך אויך געפונען אַ סך, וועמען מען האָט אין צייט פון די רייניקונגען אַוועקגעשיקט פון רעגירונג־שטעלעס. די רעגולאַציעס וועגן די

אַרויסשיקונגען זיינען געווען אַזעלכע ברייטע, אַז די אַדמיניסטראַציע האָט געקענט אַרויסשיקן יעדן איינעם וועמען זי האָט נאָר געוואָלט.

עס זיינען געווען זייער ווייניק ייִדן וואָס זיינען ניט אַרונטערגעפאַלן אונטער דער „קאַטעגאָריע" פון „געוועזענע געשעפטלייט" אָדער „זייערע קרובים". עס איז געווען גענוג עמעצן צו דערקלערן אַן וועלכן ניט איז באַוויזן פאַר אַ „שעדיקער" פאַר אַ „סאַבאָטאַזשניק", אָדער גאָר אים באַשולדיקן אין ציוניזם, אין „ייִדישן בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם", אַז ער איז „פּאָליטיש ניט פאַרלעסלעך" כדי אים אַרויסצושיקן.

מען האָט גענומען אָפּרייסן קינדער פון עלטערן. מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין דערציאונג־אינסטיטוציעס, אָדער אין פאַבריקן זיך צו לערנען אַ פאַך. מען האָט געטאָן אַלץ ניט צו דערלאָזן אַז די עלטערן זאָלן קומען אין קאָנטאַקט מיט די קינדער.

— איר ווייסט, זאָגט מיר מיט אַ זיפץ אַן אַלטער ייִד אין בוקאַרעסט, די עלטערן האָבן פאַרלאָרן יעדע האָפענונג אַמאָל ווידער צו זען זייערע קינדער. האָבן זיי די קינדער טאַטואירט אויפן קערפּער, כדי זיי צו געפינען, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן.

ער זאָגט דאָס און טרערן נעמען אים שטיקן. ער קען מער ניט ריידן. איך זע אויף זיין פּנים שרעק, וואָס ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און מיר דאָס דערציילט.

אַזאַ דערפאַרונג האָב איך געהאַט עטלעכע מאָל אין בוקאַרעסט. ייִדן ווילן רעדן, ווילן אייך דערציילן וועגן זייערע טרויעריקע איבערלעבונגען. זיי בלייבן אָבער שטיין אין מיטן און פאַרענדיקן ניט.

גלייך פון דעם ערשטן טאָג האָט דער קאָמוניסטישער רעזשים אָנגעהויבן אַ געיעג אויף ציוניסטן. מען האָט געהאַלטן אין איין אַרעסטירן ייִדן און נאָך היינט זיצן ייִדן אין טורמעס פאַר ציוניסטישע „זינד". די באַשולדיקונגען זיינען געווען, אַז ציוניסטן זיינען ענגלישע און אַמעריקאַנער שפּיאָנען, אַז זיי זיינען פאַררעטערס פון זייער רומענישן פאָטערלאַנד, אַז מדינת־ישראל איז אַ פריינד פון די פאַשיסטן און אַפילו נאַציס, אַז זי זוכט קריג קעגן די קאָמוניסטישע לענדער.

די אַרעסטן פון „ציוניסטן" האָבן זיך באַזונדער פאַרשטאַרקט אין די פופציקער יאָרן. מען האָט געוויינטלעך אַרעסטירט ייִדישע אינטעלעקטואַלן, געמיינדע פירערס און די וואָס זיינען אַמאָליקע יאָרן געווען באַקאַנט ווי ציוניסטן.

עס זיינען געווען צייטן, ווען מען האָט אַרעסטירט ייִדן, ווייל זיי האָבן געפלאַנעוועט פאָרן קיין ישראל און געהאָלפן אַנדערע דאָס צו טאָן — כאָטש דאָס אַלץ איז געווען לעגאַל. עס זיינען געווען פאַלן, ווען מען האָט אַרעסטירט מענטשן ביים אַרויפגיין אויף דער שיף צו פאָרן קיין ישראל, כאָטש זיי האָבן געהאַט די דערלויבעניש.

אינטערעסאַנט איז וואָס מאַסן־אַרעסטן פלעגן אייגנטלעך פאָרקומען נאָך יעדער גרויסער עמיגראַציע קיין ישראל. די ערשטע גרויסע עמיגראַציע איז פאָרגעקומען אין די יאָרן 1949־1950. די צווייטע אין 1958־1959.

וואָס שייך ייִדישער עמיגראַציע קיין ישראל איז די פּאָליטיק פון דער רעגירונג קיין מאָל ניט געווען קיין אויסגעהאַלטענע, זי האָט זיך תמיד גע־וואַקלט. עס איז געווען אַ מין קאַץ און מויז שפּיל צווישן דער רעגירונג און די ייִדן. אָט האָט מען די עמיגראַציע דערלויבט און אָט האָט מען זי אָפּגע־שטעלט. עס זיינען געווען פאַלן, ווען די רומענישע שיף „טראַנסילוואַניע", דאָס איז די איינציקע שיף מיט וועלכער ייִדן קענען פאָרן קיין ישראל, פלעגט אַוועקגיין כמעט אַ ליידיקע, ווייל אין לעצטן מאָמענט פלעגט די רע־גירונג צוריקציען די דערלויבעניש, וואָס זי האָט ייִדן געגעבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

מען לאָזט ניט אַרויספאָרן דאָקטוירים, אינזשינערן און טעכניקער.

זינט אומגעפער 1962 האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע. און, ווי איך האָב שוין דערציילט, האָט אַ העלפט פון די איבערגעבליבענע אין רומעניע 120 טויזנט ייִדן זיך פאַרשריבן אַוועקצופאָרן. ווען אַ ייִד פאַרשרייבט זיך צו עמיגרירן, קען ער מער ניט קריגן אַ נייע שטעל אין פאַל ער פאַרלירט די אַלטע, ער קען אויך ניט בייטן די דירה. אין אַלגעמיין ווערט ער אָפיציעל אַ צווייט־קלאַסיקער בירגער. מען הייבט אים אָן באַטראַכטן ווי אַן אויסלענדער.

פאַרוואָס טוט ער דאָס, פאַרוואָס וויל ער אַוועקפאָרן?

איך האָב אין בוקאַרעסט באַגעגנט אַ ייִדן וואָס האָט פאַרנומען אַ הויכע פּאָזיציע און געהאַט אַזאַ שטעל, אַז ער האָט זיך געקענט דערלויבן צו לעבן אין לוקסוס אַפילו לויט דעם אַמעריקאַנער סטאַנדאַרד. ווי נאָר ער האָט דערלאַנגט אַ בקשה צו פאָרן קיין ישראל האָט מען אים באַלד אַראָפּגעזעצט פון זיין שטעל. ער איז געוואָרן אַן איינפאַכער פאַבריק־אַרבעטער און לעבט אין נויט. זיין פרוי וויל אַרויסהעלפן אין דער פרנסה, אָבער מען גיט איר קיין שטעל ניט. זי און איר מאַן זיינען אויפן שוואַרצן צעטל.

האָב איך אָט דעם ייִדן געפרעגט:

— ווי באַגייט איר אַזאַ נאַרישקייט?

ענטפערט ער:

— די לופט איז דאָ אָנגעזאַפּט מיט ייִדן־פיינדשאַפט; אַ ייִדן איז שווער צו קריגן אַן אָנשטענדיקע שטעל. איר פילט דעם אַנטיסעמיטיזם אין אַלע רעגירונג־ביוראָען. עס איז ניטאָ פאַר וועמען זיך צו קלאָגן, ווייל דער צו וועמען איר קומט מיט אייער קלאָגע, איז אויך אַן אַנטיסעמיט.

אמת, רומעניע האָט די לעצטע פאָר יאָר אויפגעהערט זיין אַ רוסישער סאַטעליט, אָבער וואָס מער רומעניע רייסט זיך אָפּ עקאָנאָמיש און פּאָליטיש פון רוסלאַנד, אַלץ שטאַרקער וואַקסן די נאַציאָנאַליסטישע געפילן אין לאַנד און צוזאַמען מיט דעם אויך דער אַנטיסעמיטיזם.

איך האָב אויסגעפונען אַז אויך אין רומעניע פירן זיך עקאָנאָמישע פּראָצעסן קעגן ייִדן. זיי ווערן דורכגעפירט אויף אַ שטילן אופן. מען שרייבט ניט וועגן זיי אין די צייטונגען ווי דאָס איז דער פאַל אין רוסלאַנד. ביי די פּראָצעסן זיינען אַנוועזנד נאָר די קרובים און די שכנים. די רעגירונג איז זיכער אַז זייער אַנוועזנהייט איז גענוג כדי אַנצואוואַרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג, באַזונדער אויף ייִדן, און אויך צו באַרואיקן אַנטיסעמיטישע געמיטער.

אויף מיין באַזוך אין רומעניע האָט די אימה, וואָס איך האָב באַגעגנט צווישן ייִדן, מיך ממש דערדריקט. איז ביי מיר אויפגעקומען אַ פאַרלאַנג צו דערציילן וועגן דעם יאָמערטאָל, אין וועלכן עס איז אויסגעקומען און קומט אויס צו לעבן דעם ייִדן, צו דערציילן פאַרוואָס אין דעם ייִדנס האַרץ לעבט אַ שטענדיקע שרעק, פאַרוואָס ער זוכט צו פאַרלאָזן דאָס פאַרשאָלטענע לאַנד און שטעלט צוליב דעם אַלץ אין קאָן. ער זוכט פאַר זיך רו, גייסטיקע רו.

ניט אומזיסט איז מיין געזעגענען זיך מיט די ייִדן, מיט וועמען איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך עטלעכע מאָל צו טרעפן אין בוקאַרעסט, געווען זייער אַ רירנדיקע. מיר זיינען זיך געפאַלן אויפן האַלדז און טרערן זיינען אונדז געשטאַנען אין די אויגן.

## דאָס ייִדישע לעבן אין רומעניע

די רעגירונגען פון די קאָמוניסטישע לענדער זיינען איינגעשטעלט קעגן רעליגיע. פּונקט ווי דער קאָמוניזם קען פּאָליטיש ניט פאַרטראָגן, אַז אין לאַנד זאָלן ווירקן פאַרשיידענע פּאַרטייען, קען ער ניט פאַרטראָגן אַז זייט ביי זייט מיט אים זאָל לעבן אַ צווייטע אידעאָלאָגיע, באַזונדער אַ רעליגיעזע, ווייל רעליגיע איז שיער ניט אַזוי אַלט ווי אַלט עס איז דער מענטש וואָס גייט אַרום איבער דער וועלט, זי איז צו פיל פאַרוואָרצלט אין דעם מענטשן, אין זיין נשמה.

אַ געוויסע טאָלעראַנץ צו רעליגיע געפינען מיר אָבער אין די אַזוי־גערופענע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס". (די סיבות האָבן מיר דערקלערט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל). מען האָט רעליגיע ניט ליב, אָבער מען טאָלערירט זי ווי אַן אַנשיקעניש, פון וועלכער מען קען ניט און מען האָט מורא פּטור צו ווערן. מען טאָלערירט רעליגיע, אָבער אַלע רעליגיעס — אויך די ייִדישע — און זייערע אינסטיטוציעס זיינען „נאַציאָנאַליזירט", ווערן שטרענג קאָנטראָלירט. אומעטום זיצן קאָמוניסטן וואָס היטן.

ווען אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט די רעגירונג אַ ספּעציעל נעגאַטיווע באַציאונג צו דער ייִדישער רעליגיע, איז אָט די באַציאונג ניט פאַראַן אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער. די ייִדישע קהילה און די סינאַגאָגע

מוזן אָבער דינען דער רעגירונג־פּאָליטיק. מיר האָבן שוין דערציילט ווי אַזוי אַ ייִדישער צוזאַמענפאָר אין טשעכאָסלאָוואַקיע איז דער עיקר געווען פאַרנומען מיט אָנפאַלן אויף די „מלחמה־צינדערס" — אַמעריקע און ענג־לאַנד — און ווי אַזוי דער צוזאַמענפאָר האָט געלויבט ביזן הימל די „גליקן", מיט וועלכע די רעגירונג באַשענקט די ייִדן.

אויך אין רומעניע, אַזוי ווי אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, מוזן די רבנים זיך באַטייליקן אין דער שטענדיקער „שלום־קאַמפּאַניע" און רעדן קעגן די אימפּעריאַליסטישע לענדער. דאָרטן מוזן זיי זיך אויך באַטיי־ליקן אין דער שטענדיקער אַנטי־ציוניסטישער קאַמפּאַניע און, ווען נייטיק, מאַכן, אין איינקלאַנג מיט דער רעגירונג־פּאָליטיק, אָנפאַלן אויף מדינת־ישראל. די בימה אין שול ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָפּאַגאַנדע־פּלאַטפאָרם פאַר דעם קאָמוניזם. אַמאָל האָט מען פון איר געהערט לויב־געזאַנגען פאַר סטאַלינען און שפּעטער פאַר כרושטשאָוון (ס'איז אינטערעסאַנט צו וויסן, צי די איצטיקע רוסישע הערשערס ווערן אויך געלויבט נאָך דעם ווי רומעניע ווייזט אַרויס אַזוי פיל אומאָפּהענגיקייט קעגנאיבער רוסלאַנד).

דער הויפּט־רב פון רומעניע, הרב משה ראָזען, ווערט אָפּט אַוועקגע־שטעלט אין דער לאַגע פון אַ פּראָפּאַגאַנדיסט. אַזוי, למשל, אין זיין ראָש־השנה רוף צו די ייִדן, אין דעם יאָר 1959 — אין דעם יאָר ווען אַרעסטן פון ייִדן און פּראָצעסן קעגן ייִדן האָבן דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט — זאָגט הרב ראָזען: „פון דעם ייִדנס אויגן איז פאַרשוואונדן יעדע שרעק".

לעצטנס איז הרב ראָזען געוואָרן אַ רייזנדיקער פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר רומעניע. ער איז שוין געווען אין שוועדן, אין ענגלאַנד, אַמעריקע און אויך אין ישראל. אויף יעדער רייזע האָט ער דערציילט ווי עס בליט דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן אין רומעניע, באַזונדער ווי ברייטהאַרציק עס איז לגבי דער ייִדישער אמונה די דאָרטיקע קאָמוניסטישע רעגירונג.

ייִדישע פּירערס, ייִדישע רבנים זיינען אין אונדזער לאַנגער געשיכטע, אונטער די פאַרשיידנסטע רעזשימען, ניט איין מאָל אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער לאַגע פון מאָלן ייִדישע „גליקן". אַ ייִדישער רב אין אַלע קאָמו־ניסטישע לענדער איז אַ טראַגישע פּערזענלעכקייט און זיין האַרץ מוז מסתמא זיין אַ צעבלוטיקט, אַ צעווייטיקט האַרץ. ער ליידט פאַר כלל ישראל.

די שולן אין רומעניע, אַזוי ווי אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, זיינען די פאַרכטיקע טעג פון חודש אלול — ראָש־השנה, באַזונדער יום־כיפור — איבערגעפּאַקט. עס זעט אויס, אָז זיך צונויפצורייידן, אָן אַ וועלכער ניט איז אָרגאַניזאַציע, ווי ייִדן וואָלטן דורכגעפירט אין דעם טאָג פון יום־כיפור אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַר זייער ייִדישקייט, ווי זיי וואָלטן שטאָלץ אויסגערופן אַלע זאָלן הערן: מיר זיינען ייִדן! באַזונדער גרויס איז דער עולם אין שול, ווען דער טאָג פאַלט אויס אין אַ זונטיק, ווייל דער ייִד ווערט ניט באַפרייט פון דער אַרבעט צוליב אַ ייִדישן יום־טוב. ער מוז אָנגעבן

אַלערליי תירוצים, אָפּט אויך צושטעלן באַווייזן צו פאַרענטפערן זיין אָפּ־וועזנהייט.

ווען מיר זיינען געווען אין בוקאַרעסט, האָט מען אונדז געזאָגט, אַז עס וואוינען דאָרטן פופציק טויזנט ייִדן. אָפיציעל ווערט אָנגעגעבן, אַז אין בוקאַרעסט זיינען דאָ 44 שולן (סינאַגאָגעס) גרעסערע און קלענערע, אין דער צאָל זיינען אויך אַריינגערעכנט די מנינים. פּריוואַט האָבן מיר אויסגע־פונען אַז אין דער אמתן זיינען אָפן און פונקציאָנירן ניט מער ווי זיבן שולן. אויך זיינען אין בוקאַרעסט פאַראַן ניין תלמוד־תורהס, וואו עס לערנען ניט מער ווי הונדערט און פופציק קינדער.

אויף אונדזער פראַגע: — פאַרוואָס אַזוי ווייניק? — איז געקומען דער ענטפער, אַ באַקאַנטער ענטפער, וואָס מען הערט אין אַלע לענדער, אויך ביי אונדז אין אַמעריקע: — ייִדישע עלטערן זיינען ניט פאַראינטערעסירט אין ייִדישער דערציאונג.

לויט דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער פעדעראַציע פון די ייִדישע קהילות אין רומעניע, זיינען רבנים, מלמדים און די אַנדערע כלי־קודש רעגירונג־אָנגעשטעלטע און זיי קריגן שכירות, פענסיעס און פאַרשיידענע אַנדערע פּריווילעגיעס פון דער מלוכה. די רעגירונג האָט אַפילו פאַר זיי אַ ספּעציעלע אָפּרוהיים, מיט אַ כשרער קיך און אַ מקווה.

אַ זייער אָנגעזעענע ייִדישע פערזענלעכקייט אין בוקאַרעסט האָט מיר אָבער געזאָגט: — ס'איז אמת אַז די כלי־קודש זיינען רעגירונג־אָנגעשטעל־טע, אָבער זייערע שכירות, פונקט ווי די אַנדערע רעליגיעזע נויטן, ווערן געדעקט אין רומעניע און אויך אין אַנדערע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס" פון, אין ייִדישן לעבן, דער טרויעריק באַרימטער קאָראָבקע, פון דער טאַקסע. פאַר די רבנים און פאַר אַנדערע כלי־קודש צאָלט דער ייִד וואָס עסט כשרע פליייש. דער ייִד צאָלט פאַר יעדער רעליגיעזער הצטרכות.

איך מערקט ניט אין די לענדער קיין בייזוויליקייט קעגן דער ייִדישער אמונה. עס ווערן קעגן איר ניט געמאַכט קיין שום שיקאַנעס ווי דאָס איז דער פאַל אין סאָוועט־רוסלאַנד.

אין דער צייט, ווען אַלע אַנדערע רעליגיעס אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן אַ רעכט צו שאַפן צענטראַלע קערפּערשאַפטן, האָט עס ניט די ייִדישע. עס קומען ניט פאַר קיין באַגעגענישן פון רבנים פון פאַרשיידענע שטעט, ווי דאָס טוען די גייסטלעכע פון אַנדערע רעליגיעס. ווען פאַר אַנדערע רעליגיעס ווערן פּראָדוצירט אין רוסלאַנד גופא זייערע הייליקע אָביעקטן, ווערן אַרויס־געגעבן זייערע הייליקע ביכער, ווערט דאָס ניט געטאָן פאַר דער ייִדישער רעליגיע. פאַר דער קריסטלעכער קירך ווערן פּראָדוצירט געגוג איקאָנעס, געגוג ליכט. עס ווערט אַרויסגעגעבן זייער עוואַנגעליע און זייערע געבעט־ביכער. זינט דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע האָט מען אין רוסלאַנד ניט פּראָדוצירט קיין טלית און תפילין, ניט געדרוקט דעם תנך, אָדער אַ ייִדישן לוח. עס גייט פון האַנט צו האַנט אַ געשריבענער לוח. דאָס ערגסטע,

מען קען ניט די אַלע חפצים און יידישע ספרים אַריינברענגען פון אויסלאַנד. דאָס ווערט באַטראַכט ווי אַ פאַרברעכן. באַזונדער ווייזט די רוסישע רעגירונג אַרויס איר בייזוויליקייט צו יידן וואָס ניט נאָר לאָזט זי ניט באַקן קיין מצה אויף פסח, נאָר זי לאָזט עס אויך ניט אַריינפירן.

אין רומעניע און אויך אין די אַנדערע לענדער איז פאַראַן אַ מצה־בעקעריי. יידן קענען קריגן טליתים, תפילין. אויב זיי ווערן ניט אויסגעאַרבעט אין לאַנד גופא, קען מען זיי אימפּאָרטירן. מען שטערט אויך ניט אַריינברענגען סידורים, מחזורים און אַנדערע יידישע ספרים. אין יעדער לאַנד גייט אַרויס אַ לוח. אין דעם רומענישן לוח ווערן אין יידיש אויסגערעכנט וויכטיקע געשעענישן אין דער רומענישער געשיכטע און אין דער געשיכטע פון קאָמוניזם. איר געפינט דאָרטן אויך אַ באַשרייבונג פון די יידישע יום־טובים.

אין די אַלע לענדער עקסעסטירן אָפיציעלע יידישע קהילות, וואָס זיינען פאַרבונדן אין אַ פעדעראַציע. די פעדעראַציע פאַרזאָרגט די יידישע רעליגיעזע נויטן. עס פלעגן פאָרקומען צוזאַמענפאָרן פון די קהילות.

אַ יידיש רעליגיעז לעבן קען אין אַ לאַנד האָבן אַ צוקונפט ווען עס פונקציאָנירן ישיבות, וואָס גרייטן צו רבנים און אַנדערע כלי־קודש. אויב עס קומען ניט צו רבנים, שוחטים, מוז דאָס רעליגיעזע לעבן פאַרדאַרט און פאַרקוואַרט ווערן און מיט דער צייט אין גאַנצן אונטערגיין. זאָל אַ שוחט שטאַרבן, אָדער פאַרלאָזן זיין וואוינאָרט, וועלן יידן מער ניט האָבן קיין כשרע פלייש. האַלטן זיך טאַקע שוחטים אָפּ פון עמיגרירן. אין בוקאַרעסט איז אַמאָל געווען אַ ישיבה. זי איז פאַרמאַכט. מען זאָגט אַז עס עקסעסטירט נאָך אַ קליינע ישיבה אין אַראַד, אַ שטאָט אין טראַנסילוואַניע. אין די אַלע לענדער איז דאָ נאָר איין ישיבה, די ישיבה אין בודאַפּעסט, אונגאַרן.

עס איז באמת טראַגיש וואָס די רעגירערס אין די אַלע לענדער זעען אויס ווי אמתע מלאכים, אין פאַרגלייך מיט די רוסישע הערשערס, מיט דעם וואָס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט באַרויבן זיי ניט די יידן פון דער עלטמענטאַרסטער מענטשלעכער רעכט זיך צו האַלטן ביי דעם אייגענעם גלויבן און וואָס מען דאַרף זאָגן: „גם זו לטובה" און יעדער טאָג דאַנקבאַר זיין אָט די רעגירונגען. מיר וויסן דאָך אַז עס קען זיין ערגער.

די רומענישע רעגירונג ווייזט אָבער ניט אַרויס קיין באַזונדערע פריינדשאַפט צו דער יידיש־וועלטלעכער קולטור. אין דער הינזיכט גייט זי אין די פוסטריט פון רוסלאַנד. מען האָט אין איין ליקווידירן די יידיש־וועלטלעכע אינסטיטוציעס. ווי עס האָט מיר דערציילט אַן אַמאָליקער טוער אין די אינסטיטוציעס, האָט די ליקווידאַציע זיך אָנגעהויבן אין 1952 אויפן וואונק פון סאָוועט־רוסלאַנד. יעמאָלט האָט מען אויפגעלייזט דעם קאָמוניסטישן יידישן דעמאָקראַטישן קאָמיטעט אַזוי ווי מען האָט אין רוסלאַנד גופא פאַרמאַכט דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. אין דעם זעלביקן יאָר האָט מען אָפּגעשטעלט די „איקוף־בלעטער" און דעם „איקוף" (יידישער קולטור־פאַרבאַנד). דער „איקוף" האָט געהאַט אָפּטיילונגען כמעט אין יעדער

שטאַט פון רומעניע, מיט דראַמאַטישע קרייזן, כאָרן און ביבליאָטעקן. דער ייִדישער כאָר אין בוקאַרעסט איז געווען איינער פון די בעסטע אין רומעניע. ווי באַקאַנט איז דער „איקוף“ אין אַלע לענדער געגרינדעט געוואָרן פון די לינקע קרייזן. אין רומעניע איז ער געווען אַ שטרענג קאָמוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע.

אין רומעניע איז אַמאָל אויך געווען אַ ייִדיש־וועלטלעכער שולנעץ מיט ייִדיש ווי די שפּראַך פון אַלע לימודים. נאָך אין 1948 זיינען דאָרטן געווען 69 עלעמענטאַר־שולן און 23 מיטלשולן מיט 13 טויזנט שילערס. הייַנט איז פון זיי קיין סימן ניט פאַרבליבן.

אין 1952 האָט מען אויך אָפּגעשטעלט דעם בולעטען, וואָס האָט פאַר־בונדן די קהילות, מיט דעם פאַלשן תירוץ אַז עס איז „אַ קאַפּיטאַליסטישע פּובליקאַציע“. ערשט אין 1957 האָט געגומען אַרויסגיין אונטער דער רע־דאַקציע פון הרב משה ראָזען די „צייטשריפט“ פונעם רעליגיעזן ייִדנטום פון דער רומענישער רעפּובליק. פריער פלעגט זי דערשיינען איין מאָל אין צוויי וואָכן, איצט איין מאָל אַ מאָנאַט. דער מאַטעריאַל ווערט דאָרט געדרוקט אין דריי שפּראַכן: רומעניש, העברעיִש און ייִדיש. ייִדיש און העברעיִש ווערט אָפּגעגעבן צו אַ זייטל און אַ האַלב; פינף זייטלעך זיינען אין רומעניש. איר געפינט דאָרטן פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען וועגן דער גוטסקייט פון דער רומענישער רעגירונג צום רעליגיעזן ייִדנטום, געשריבן אין אַ טאָן פון אונ־טערטעניקייט. דער גרעסטער טייל איז פאַרנומען מיט רעליגיעזע אָפּהאַנד־לונגען. לויט דער צייטשריפט איז ניטאָ מער אין רומעניע קיין ייִדיש־וועלט־לעך לעבן. ס'איז פאַרבליבן בלויז דאָס ייִדישע טעאַטער. וועגן טעאַטער האָט מען מיר געזאָגט:

— עס קאָסט אַ וועלט מיט געלט עס אויסצוהאַלטן, איז ווי לאַנג מיינט איר נאָך וועט די רעגירונג זיין גרייט אויף דעם?

די פּאָליטיק פון דער רעגירונג לגבי די ייִדן האָט נאָך אין 1956 אין אַן אינטערוויו מיט אַ העברעיִשער צייטונג אין ישראל פאָרמולירט דער ייִדישער קאָמוניסטישער פירער בערקאָ פעלדמאַן.

די פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן — האָט ער געזאָגט — איז פאַרענטפערט געוואָרן אין גייסט פון מאַרקסיזם־לעניניזם. דעריבער איז ניטאָ קיין נויטווענדיקייט אין ייִדישע צייטונגען אין דער ייִדישער שפּראַך. אַלע ייִדן פאַרשטייען רומעניש.

באַקאַנטע ווערטער וואָס קומען אָפּט פון סאָוועט־רוסלאַנד. דער מאַרק־סיזם־לעניניזם אָנערקענט ניט אַזאַ זאַך ווי אַ ייִדיש פאָלק. ער דולדט נאָך די ייִדישע רעליגיע אין געוויסע לענדער, ווייל, ווי עס זעט אויס, זעט ער אין רעליגיע אַ קלענערע געפאַר פאַר דער אַסימילאַציע פון ייִדן ווי דאָס איז ייִדיש־לשון און די ייִדיש־וועלטלעכע קולטור.

די אַמאָליקע ייִדיש־וועלטלעכע קולטור־טוערס אין רומעניע בלאָנקען אַרום פאַרלאָרענע און אַנטוישטע. זיי האָבן דאָך געלעבט מיט גרויסע האָ־

פענונגען און מיט דעם גלויבן, אַז קאָמוניזם וועט זיין די ישועה פאַר יידיש־לשון און פאַר דער יידיש־וועלטלעכער קולטור. אין מיינע באַגעגענישן מיט זיי האָב איך געזען פאַר זיך טראַגישע און צעבראָכענע מענטשן, פול מיט שרעק. איך וואָלט זיי געקענט באַשרייבן, און דערציילן וועגן זייערע טראַגישע איבערלעבונגען. זיי האָבן אָבער מיך געבעטן איך זאָל דאָס ניט טאָן, און איך האָב זיי פאַרשפּראָכן.

מיין קומען איז פאַר זיי געווען אַ מין דערפרישונג, און דעריבער איז זיי געווען שווער דאָס געזעגענען זיך מיט מיר. אויך מיר איז געווען שווער זיך צו שיידן מיט זיי. איך האָב געטראַכט, איך וועל גאָר אין גיכן זיין אין דער פרייער וועלט. זיי וועלן אָבער דאָ פאַרבלייבן מיט זייערע ליידן און וויטאָגן, מיט זייערע שווערע דערינערונגען. מיט וואָס בין איך מער ווערט ווי זיי צו לעבן אין אַ פרייער וועלט? ווען מען זאָל מעסטן נאָך די פּיין, האָבן זיי עס דאָך מער פאַרדינט. איז דער מענטש ניט מער ווי אַ שפּענדל, מיט וועלכן עס שפּילן זיך די כוואַליעס פון ים און ער ווערט געוואָרפן וואוהין דעם שיקזאַל פאַרווילט זיך?

# יוגאָסלאַוויע

## מאַרשאַל טיטאָ און די ייִדן

**אין** אַ פֿריערדיקן קאַפּיטל האָב איך שוין דערציילט, אַז פֿרייטיק־צו־נאַכט האָב איך געטראָפֿן אין דער איינציקער שול וואָס איז פֿאַראַן אין בעלגראַד, יוגאָסלאַוויע, פֿינף מענער און אַכט פֿרויען, און מען האָט געדאַוונט אָן אַ מנין. איך האָב אויך דערציילט, אַז געמישטע חתונות איז אַ געוויינטלעכע דערשיינונג ביי די ייִדן פֿון יוגאָסלאַוויע.

ווי עס האָבן מיר איבערגעגעבן אין דובראַווניק, יוגאָסלאַוויע, די ברידער טאָלעדאַנאָ, — די וואָס האַלטן אויף און גיבן אַכטונג אויף דער פֿאַרבלי־בענער שול אין דובראַווניק (וועגן דער שול וועלן מיר דערציילן באַזונדער) — זיינען היינט־צו־טאָג פֿאַראַן אין יוגאָסלאַוויע ניט מער ווי זעקס טויזנט ייִדן. אָבער, אַזוי צו זאָגן, „ריינע" ייִדן, זיינען פֿאַראַן ניט מער ווי 3,200. די אַנדערע — 2,800 זיינען ייִדן פֿון געמישטע חתונות. די זעלביקע ברידער האָבן מיר אויך דערציילט, אַז ווען אין 1948 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די ייִדישע מדינה, האָט טיטאָ געלאָזט וויסן די ייִדן אַז ווער עס וויל, קען עמיגרירן קיין ישראל און יעדער איינער קען מיטנעמען מיט זיך זיין פּערזענלעכן פֿאַרמעגן. זיינען דעמאָלט אַוועק קיין ישראל 8,500 ייִדן.

ס'איז מיר שווער צו זאָגן, צי טיטאָ איז באַליבט ביי זיין פֿאָלק. אויף אַזוי פֿיל בין איך ניט באַקאַנט מיט דעם אַלגעמיינעם לעבן אין יוגאָסלאַוויע. אמת, וואו מען זאָל זיך ניט אַ דריי טאָן, זעט מען טיטאָס בילד, אַפֿילו אין דער קלענסטער קראָם. פֿון די הויפּטקעפּ אין די צייטונגען שיינט אַרויס טיטאָס נאָמען. איין זאַך איז זיכער: טיטאָ איז ביז גאָר באַליבט ביי ייִדן. פֿאַר דער מלחמה, רעכנט מען, זיינען געווען אין יוגאָסלאַוויע אומגעפֿער 75 טויזנט ייִדן. עס האָבן די מלחמה איבערגעלעבט ניט מער ווי 15 טויזנט. גאָר אַ סך פֿון זיי, אַ דאַנק דעם וואָס זיי זיינען אַוועק צו טיטאָס פּאַרטיזאַנען. די דערוואַקסענע און געזונטע האָבן זיך געשטעלט אין קאַמף קעגן די נאַציס. די אַנדערע האָט טיטאָ באַשיצט.

אַ סך ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן העלדישקייט אין דעם פּאַרטיזאַנען־קאַמף. נאָך דער מלחמה האָט די איצטיקע רעגירונג זיי באַערט מיט אויסצייכענונגען. אין דעם אַמאָליקן אַלטן ייִדישן קוואַרטאַל פֿון בעלגראַד, לעבן דעם

טייך דונאַי, געפינט זיך אַ גאַס אויף דעם נאָמען פון די ברידער ברוך — שעיה, באַראַ און יאָשע, און זייערע שוועסטער שעלאַ און בעלאַ. זייער פאָטער איז געווען אַן אָרעמער שניידער. אין צייט פון דער מלחמה האָבן זיי זיך באַרימט געמאַכט מיט זייער אונטערערדישן קאַמף קעגן די נאַציס. שעיה איז געווען דער, וואָס האָט אָרגאַניזירט די אונטערערדישע קאַמף־גרופּע, און נאָך זיין טויט איז ער דערקלערט געוואָרן פאַר אַ נאַציאָנאַלן העלד. לויט דער פּראָפעסיע איז שעיה געווען אַן אינזשיניר, באַראַ אַן אַדוואָקאַט און יאָשע אַ לערער און אַנגעזעענער מאָלער. אויך אַ קולטור־הויז אין בעלגראַד טראָגט דעם נאָמען פון דער פאַמיליע ברוך.

אונדז איז אויסגעקומען צו זען אין בעלגראַד נאָך אַ גאַס וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אַ יידישן העלד. דאָס איז די פּאַוולע פּאַפּ גאַס. פּאַוולע פּאַפּ איז געווען איינער פון די פירערס פון דער יוגאָסלאַווישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די איטאַליענישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אים אומגעבראַכט אין 1941. צוליב זיין אַקטיוון אָנטייל אין אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד קעגן די נאַציס און די איטאַליענער, איז פּאַפּ אין 1951 דערקלערט געוואָרן פאַר אַ נאַציאָנאַלן העלד.

ווען מיר רעדן שוין וועגן גאַסן וואָס טראָגן יידישע נעמען, זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן די גאַס פון די אַמאַר ברידער, אין בעלגראַד, אַ גאַס וואָס מען האָט אָנגערופן נאָך משה א. אַמאַר און זיינע שוועסטער־קינדער: שלמה, דוד, יוסף און יצחק אַמאַר. זיי האָבן זיך אַלע אויסגעצייכנט אין די מלחמות פון 1912 און 1918, וואָס יוגאָסלאַוויע האָט געפירט פאַר איר אומאָפּהענגיקייט; אויך איז דאָ אין בעלגראַד אַ גאַס אויף דעם נאָמען פון חיים דאַוויטשאָ. ער איז געווען אַ יוגאָסלאַווישער דיפּלאָמאַט, האָט איבערזעצט שפּאַנישע נאָוועלעס אין סערביש און אויך געשריבן נאָוועלעס וועגן יידישן לעבן.

די יוגאָסלאַווישע רעגירונג איז נאָך דער מלחמה געווען די ערשטע צווישן די ניי־אויפגעקומענע קאָמוניסטישע רעזשימען אַרויסצוגעבן אַ געזעץ קעגן אַנטיסעמיטיזם. דאָס דאָזיקע געזעץ ווערט שטרענג דורכגעפירט. אין אַלגעמיין איז אין יוגאָסלאַוויע כמעט קיין מאָל ניט געווען קיין אַנטיסעמיטיזם. איצט געפינט איר דאָרט אַוודאי ניט קיין סימן פון אַנטיסעמיטיזם. דער ייד פילט זיך דאָרטן פולשטענדיק גלייך מיט אַלעמען.

די יידן אין יוגאָסלאַוויע האָבן אויך ניט געליטן, ווי אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, צוליב דעם וואָס זיי האָבן פריער באַלאַנגט צום מיטלקלאַס. אמת, אויך אין יוגאָסלאַוויע האָט מען אַלץ נאַציאָנאַליזירט. אָבער מען האָט דעם פריערדיקן פאַבריק־אייגנטימער, דעם פריערדיקן הויכן אָנגעשטעלטן ניט דערקלערט פאַר אַ שונא פון לאַנד, וואָס פאַרדינט צוליב זיין בורזשואַזן אָפּשטאַם אַז מען זאָל אים ווינציקסטנס ערגעץ פאַרשיקן, אָדער אַריינזעצן אין טורמע. פאַרקערט, זיי זיינען געוואָרן די פאַרוואַלטערס פון דעם נאַציאָנאַליזירטן אייגנטום. האָט פּאַסירט, אַז אַ פריערדיקער הויז־

אייגענטימער זאָל ווייטער פֿאַרבלייבן אַ רעגירונג־אָנגעשטעלטער. האָבן צוליב דעם נייעם רעזשים ייִדן אין יוגאָסלאַוויע ניט געליטן אַזוי פֿיל ווי די ייִדן אין די אַנדערע „פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס".

אין יוגאָסלאַוויע זיינען קיין מאָל ניט פֿאָרגעקומען קיין „רייניקונגען", ווען מען האָט ייִדן אַוועקגעשיקט פֿון רעגירונג־שטעלעס, און קיין „ייִדישע פּראָצעסן" כדי צו שאַפֿן אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין לאַנד, ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל אין אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער. ייִדן פֿאַרנעמען שטעלעס אין דער רעגירונג, הויכע פּאָזיציעס אין דער אַרמיי. ייִדן אַרבעטן ווי פּראָפֿעסאָרן אין אוניווערסיטעטן און מען געפֿינט זיי אין דיפּלאָמאַטישן דינסט. די רעכטע האַנט פֿון טיטאָ איז געווען, ווי לאַנג ער האָט געלעבט, משה פּיאַדע. ער איז געווען דער ערשטער וויצע־פּרעזידענט פֿון יוגאָסלאַוויע אונטער דעם נייעם רעזשים, אויך פֿאָרזיצער פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג. אָפּגעשטאַמט האָט ער פֿון אַ רייכער סוחרישער ייִדישער ספֿרדישער פֿאַמיליע. אין זיינע סטודענטישע יאָרן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. צוליב זיינע קאָמוניסטישע אַקטיוויטעטן איז ער אונטער דעם אַלטן רעזשים פֿערצן יאָר געזעסן אין טורמע. לויט זיין פּראָפֿעסיע איז ער געווען אַ מאָלער און זשורנאַליסט. אין צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען איינער פֿון די געוואָגטסטע פּאַרטיזאַנען און וויכטיקסטע קעמפֿערס צוזאַמען מיט טיטאָ צו באַפֿרייען דאָס לאַנד פֿון די דייטשישע און איטאַליענישע אָקופּאַנטן. ער איז געווען דער ערשטער אין יוגאָסלאַוויע צו קריגן די אויסצייכענונג: „העלד פֿון דער סאָציאַליסטישער בויאונג". געשטאָרבן איז ער אין 1957, אין עלטער פֿון 58 יאָר. ער איז געווען דורך און דורך אַסימילירט און געלעבט מיט דער סערבישער קולטור. ער האָט אַמאָל געזאָגט וועגן זיך, אַז פֿריער פֿון אַלץ איז ער אַ קאָמוניסט און אַ סערב. ער האָט אָבער קיין מאָל זיך ניט באַמיט צו פֿאַרלייקענען, ווי דאָס האָבן געטאָן אַנדערע ייִדן־קאָמוניסטן, זיין ייִדישן אָפּשטאַם. ער זאָל האָבן אַמאָל זיך אויסגעדריקט, אַז ווען ער זעט אַז עמעצער וויל אים באַליידיקן צוליב זיין אָפּשטאַם, זאָגט ער גלייך אַז ער איז אַ ייִד און איז שטאָלץ מיט דעם, און אַז ער וועט קיין מאָל ניט פֿאַרלייקענען זיין אָפּשטאַם, די קינדהייט און יוגנט פֿון זיין ייִדישער היים.

משה פּיאַדע איז געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו אין דער קאַלעמעגדאַנער פֿעסטונג, דאָרטן וואו עס גיסן זיך צונויף די טייכן סאַוואַ און דונאַי. זיין אָרון שטייט אין אַן אונטערערדישער קאַמער. ער איז איינער פֿון די פֿינף, וואָס ליגן אין דער קאַמער פֿון די נאַציאָנאַלע העלדן. זיין בילד זעט מען גאָר אָפֿט זייט ביי זייט מיט טיטאָס. איינע פֿון די הויפּט־גאַסן אין בעלגראַד טראָגט זיין נאָמען.

יוגאָסלאַוויע, נאָך דעם ווי זי האָט איבערגעריסן מיט רוסלאַנד, האָט זיך געניייטיקט אין דער הילף פֿון די מערבֿ־לענדער. איינשטעלן מיט זיי אַ קאָנטאַקט איז פֿאַר איר געוואָרן אַ פֿראַגע פֿון לעבן און טויט. ביים אָנהייב

פון די פּופּציקער יאָרן איז דער עקאָנאָמישער צושטאַנד אין יוגאָסלאַוויע געווען אַזוי טרויעריק, אַז נאָר אַמעריקעס הילף האָט זי געראַטעוועט פון אַ הונגער און אַז די פּלענער פון דער אינדוסטריאַליזאַציע זאָלן זיך ניט אין גאַנצן צעפּאַלן.

איז יוגאָסלאַוויע ניט איזאָלירט פון דער וועלט ווי די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער (אמת אויך די לענדער מיט יעדער באַוועגונג וואָס זיי מאַכן זיך אָפּצובינדן פון רוסלאַנד, זוכן גלייכצייטיק ביסלעכווייז זיך צו פאַרבינדן מיט די אַזוי־גערופענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער). זיינען אויך די ייִדן אין יוגאָסלאַוויע מיט דער צושטימונג פון דער רעגירונג פאַרבונדן מיטן וועלט־ייִדענטום. דער פאַרבאַנד פון די ייִדישע געמיינדעס אין יוגאָסלאַוויע האַלט אָן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, מיט דער שילומים־קאָנפערענץ, די קערפּערשאַפּט וואָס פאַרוואַלט מיט די דייטשישע פאַרגיטיגונג־געלטער, מיט דעם „דזשאָינט", מיט דעם פאַרבאַנד פון יוגאָסלאַווישע ייִדן אין אַמעריקע און מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין ישראל און אַנדערע לענדער. איר זעט גאַנץ אָפּט פאַרטרעטערס פון יוגאָסלאַווישע ייִדן אויף ייִדישע וועלט־קאָנפערענצן. די יוגאָסלאַווישע ייִדישע יוגנט באַטייליקט זיך אין ייִדישע סעמינאַרן, וואָס קומען פאָר סיי אין ישראל, סיי אין מערב־אייראָפּע. אַזוי האָבן יוגאָסלאַווישע ייִדישע סטודענטן זיך באַטייליקט ווי באַאָבאַכטערס אין דער וועלט־קאָנפערענץ פון ייִדישע סטודענטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים אין יאָר 1963.

יוגאָסלאַוויע האָט איבערגעריסן מיט סאָוועט־רוסלאַנד אין זומער 1948, איידער אין רוסלאַנד און אין אירע סאַטעליטן האָט זיך אָנגעהויבן די העצע קעגן ייִדישן נאַציאָנאַליזם און קעגן ציוניזם. איז שוין יוגאָסלאַוויע ניט „באַשערט" געווען מיטצומאַכן אָט די העצע. פאַרקערט, מדינת ישראל און ציוניזם איז דאָרטן גאַנץ חשוב. ווען עס איז אויפגעקומען די ייִדישע מדינה, האָבן די ייִדן פון יוגאָסלאַוויע געשאַפן פאַר דעם אויפבוי פון דער מדינה פיר מיט אַ האַלבן מיליאָן דינאַר. זיי האָבן אויך געזאַמלט עטלעכע מיליאָן דינאַר צו פלאַנצן אין ישראל, אין דעם וואַלד פון די הייליקע (יער הקדושים), זעכציק טויזנטביימער אין אָנדענק פון די זעכציק טויזנט אומגעקומענע יוגאָסלאַווישע ייִדן. ייִדן פון יוגאָסלאַוויע האָבן אויך ניט קיין מורא צו זיין אין קאָנטאַקט מיט די פאָרשטייערס פון ישראל. זיי ווייסן אַז מען וועט זיי ניט באַשולדיקן אין אַ פאַרשווערונג קעגן זייער אייגן לאַנד. עס איז שוין געוואָרן כמעט אַ שטענדיקער איינפיר, אַז פאַרטרעטערס פון דער ייִדישער געמיינדע אין בעלגראַד זיינען פסח געסט ביים סדר, וואָס עס פראַוועט דער פאָרשטייער פון ישראל. אין הויז פון דער ייִדישער געמיינדע אין בעלגראַד הענגט אויף איין וואַנט טיטאָס בילד און אויף אַ וואַנט קעגנאיבער הענגט דאָס בילד פון ד"ר הערצל.

אַ דעלעגאַציע פון הסתדרות אין ישראל האָט אין אָקטאָבער, 1950, זיך באַטייליקט אין דעם טרעיד־יוניאָן קאָנגרעס פון יוגאָסלאַוויע. זי האָט זיך

באַגעגנט מיט פאָרשטייערס פון דער דאָרטיקער ייִדישער געמיינדע. עס האָט זיי אויך אויפגענומען מאַרשאַל טיטאָ. ער האָט דערביי אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס אין דער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל.

אין דעם זעלביקן יאָר האָט דער פּרעזידענט פון דעם פאַרבאַנד פון די ייִדישע געמיינדעס אין יוגאָסלאַוויע, פּראָפעסאָר אַלבערט ווייס, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק פּריצייטיק אַוועק אין דער אייביקייט, דערקלערט מיט דער צושטימונג פון זיין רעגירונג צו אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַן אַמעריקאַנער ענגליש־ייִדישן זשורנאַל, אַז די ייִדן אין יוגאָסלאַוויע „זיינען אַן עטניש־רע־ליגיעזע גרופּע מיט ספּעציפישע נויטן, מיט אַן אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער און אייגנאַרטיקע טראַדיציעס", און אַז צו דער ייִדישער געמיינדע „גע־הערן קאָמוניסטן און ציוניסטן, אָרטאָדאָקסן און קאָנסערוואַטיווע ייִדן". אמת, ער איז דערביי געווען פּאַרזיכטיק און באַלד צוגעגעבן: „אַלע פּאַראייניקט אונטער דער אַלגעמיינער פּאָליטישער אידעאָלאָגיע פון דעם נאַציאָנאַלן פראָנט". זאָל אַפילו זיין מיט אָט דער באַוואָרעניש, איז אין וועלכן קאָמו־ניסטישן לאַנד וואָלט אַ ייִדישער פאַרטרעטער, נאָך מיט דער צושטימונג פון דער רעגירונג, געקענט מאַכן אַזאַ דערקלערונג, וואָס איז דאָך ממש אַ „פאַרראַט" צום מאַרקסיזם־לעניניזם?

די באַוואָרעניש ווייזט צו דער זעלבער צייט, אַז ווען עס קומט צו אי־נערלעכער פּאָליטיק, דערוואַרט די רעגירונג אַז דער פאַרבאַנד פון די ייִדישע געמיינדעס זאָל איר שטיצן אַן שום רעזערוואַציעס און אָן שום פראַ־געס. דער פאַרבאַנד טוט עס אויך אין עפנטלעכע דערקלערונגען ביי פאַר־שיידענע געלעגנהייטן.

די ייִדן אין יוגאָסלאַוויע פילן זיך זיכער. דעריבער האָט זיך כמעט אָפּגעשטעלט די אויסוואַנדערונג קיין ישראל. מען פאָרט אַהין אויף אַ באַזוך, אָבער ניט זיך צו באַזעצן. אַ גרויסע אויסוואַנדערונג איז געווען אַן אייג־מאָליקע, אין יאָר 1948, ווען עס איז נאָך געווען פריש די שרעק פון יענע צייטן, ווען יוגאָסלאַוויע איז געווען פאַרבונדן מיט מאָסקווע און עס איז געווען די מורא אַז אָט די צייט זאָל זיך ווידער ניט אומקערן.

# די ברידערלעכע האַנט
# פון אַמעריקאַנער ייִדנטום

## פריער אין פוילן, און שפּעטער

אין יוגאָסלאַוויע, האָב איך מיר איבערצייגט, וואָס פאַר אַ ברכה עס איז דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט" פאַר די ייִדן אין די לענדער, וואו מען לאָזט אים פונקציאָנירן. צום באַדויערן קען דער „דזשאָינט" נאָך אַלץ ניט ברענ־גען הילף צו די ייִדן אין רומעניע, אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס

נייטיקן זיך באַזונדער אין זיין הילף. אָט די לענדער, וואָס האָבן שטענדיק געטאַנצט לויט דער רוסישער דודקע, האָבן אָפּגעשטעלט די הילף־אַרבעט פון „דזשאָינט" אין דעם מאָמענט, ווען סטאַלין האָט דערקלערט דעם „דזשאָינט" פאַר אַן אַמעריקאַנער „שפּיאָנאַזש"־אָרגאַניזאַציע. דאָרט, וואו איך האָב מיך צוגעקוקט און באַקענט מיט די טעטיקייטן פון „דזשאָינט" און געזען ביי יידן די בענקשאַפט נאָך אים אין די לענדער, וואו ער קען מיט זיין הילף ניט קומען, האָט מיין האַרץ זיך אָנגעפילט מיט פרייד און אויך מיט שטאָלץ וואָס איך בין אַן אַמעריקאַנער ייד.

די פאַקטן וועגן דער הילף־אַרבעט פון „דזשאָינט" אין יוגאָסלאַוויע נאָך דער מלחמה דערציילן גאָר אַ סך.

גלייך נאָך דער מלחמה, ווען די פאַרבליבענע יידן האָבן זיך באַמיט, אויף וויפל דאָס האָט זיך נאָר געלאָזט, צוריק אויפשטעלן זייערע געמיינדעס און אויפבויען אַ יידיש לעבן מיט יידישע אינסטיטוציעס, ווי קינדער־היימען, היימען פאַר עלטערע לייט, אד"גל, איז דאָס געווען דער „דזשאָינט" וואָס איז זיי געקומען צו הילף. עס איז דעמאָלט אין לאַנד געווען אַ גרויסע נויט, האָט ער געשיקט צו די יידן עסנוואַרג, קליידער און מעדיקאַמענטן. אין דער ערשטער ריי האָט ער זיך באַמיט צו העלפן די יידן זיך צו רע־האַביליטירן עקאָנאָמיש, זיך אַריינצופּאַסן אין דער נייער קאָמוניסטישער אָרדענונג. ער האָט געהאָלפן מיט לייען יידן געלט, מיט אויסלערנען זיי אַ פאַך. ער איז געקומען צו הילף אויך די יידן וואָס האָבן באַשלאָסן אויס־צוואַנדערן קיין ישראל. פון נאָך דער מלחמה ביז 1964, האָט דער „דזשאָינט" אינוועסטירט אין יוגאָסלאַוויע ניט ווייניקער ווי דריי מיליאָן דאָלאַר. די קליינע דאָרטיקע יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס, האָט אַליין ניט די מיגלעכקייט זיך צו זאָרגן פאַר אירע נויטבאַ־דערפטיקע. העגנגען די דאָרטיקע געמיינדעס גאָר שטאַרק אָפּ פון דער הילף פון „דזשאָינט". עס זעט זיך ניט פאָרויס אַז די לאַגע זאָל אין דער נאָענטער צוקונפט זיך פאַרבעסערן. הײַנט־צו־טאָג קריגן אין יוגאָסלאַוויע אומגעפער פיר הונדערט פּערזאָן דירעקטע מאָנאַטלעכע געלט־שטיצע פון „דזשאָינט". ס'רוב זיינען זיי אלמנות, עלטערע לייט, קראַנקע, אָדער גאַנצע אינוואַלידן. פופציק סטודענטן ווערן געהאָלפן, כדי זיי זאָלן קענען פאָרזעצן זייער לערנען. אין זאַגרעב האָט דער „דזשאָינט" אויפגעשטעלט פאַר עלטערע לייט אַ היים וואָס באַדינט אַלע יידן אין יוגאָסלאַוויע. אין דער היים געפינען זיך 115 איינוואוינערס. אַחוץ דעם קריגן דאָרטן זייערע מאַלצייטן 40 פּערזאָן. די היים ווערט אויך פינאַנסירט פון דער יוגאָסלאַווישער רעגירונג און פון דער שטאָט־רעגירונג אין זאַגרעב.

דער „דזשאָינט" האַלט אויך אויף אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד, זיבן קינדער־גערטנער מיט אַ באַזוך פון 155 קינדער. ער האָט אויך געשאַפן זומער־קעמפּס, וואו עס פאַרברענגען אַ פיר הונדערט קינדער און יוגנט־לעכע פון אַלע טיילן פון לאַנד. דער „דזשאָינט" האָט אויך געגעבן ספּעציע־

לע הילף די וואָס האָבן געליטן פון דער ערדציטערניש אין 1963 אין דער שטאָט סקאָפּליע. אויך די שילומים־קאָנפערענץ העלפט די ייִדן אין יוגאָסלאַוויע מיט גרויסע סומעס אויפצוהאַלטן זייערע אינסטיטוציעס און אויך די קולטור־אַרבעט.

אַזוי ווי אומעטום האָט די קליינע צאָל לעבן־געבליבענע ייִדן פון יוגאָ־סלאַוויע זיך אומגעקערט אין די אַלטע וואוינערטער צו אַ חרוב לעבן, גאָר אַ סך זיינען געווען פיזיש צעבראָכן, גאָר אַ סך אויך גייסטיק צע־בראָכן. אָבער עס זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס ביי זיי איז ניט אויסגע־לאָשן געוואָרן דער ייִדישער ווילן, די ייִדישע עקשנות און, דער עיקר, דער ייִדישער גלויבן אַז די וועלט גייט ניט אונטער און וועט ניט אונטער־גיין פאַר ייִדן. אַזאַ איינער איז געווען פּראָפעסאָר אַלבערט וויס. זיין פּערזענלעכקייט האָט באַלויכטן דאָס ייִדישע לעבן פון יוגאָסלאַוויע זינט נאָך דער מלחמה און ביז ער האָט דעם פאַרגאַנגענעם פרילינג (1964) אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם אין עלטער פון 58 יאָר.

אַלבערט וויס איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון געזעץ אין בעלגראַדער אוניווערסיטעט. פון זיינע יונגע יאָרן אָן איז ער געווען אַ ציוניסט. אין די מלחמה־יאָרן האָט ער איבערגעלעבט אַלע ייִדישע פּיין. אין צייט פון דער מלחמה איז ער געווען אַן אָפיציר אין דער יוגאָסלאַווישער אַרמיי. ער איז אַריינגעפאַלן אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט, וואו מען האָט אים גאָר אָפט געפּייניקט מערדערלעך, און עפּעס ווי דורך אַ נס איז ער געבליבן לעבן. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער אויסגעפונען אַז די נאַציס האָבן אומ־געבראַכט זיין פאָטער און מוטער, זיין פרוי מיט אַ צוויי־ און אַ־האַלב־יאָריק קינד, זיין ברודער, זיינע שוועסטער און אַלע אַנדערע נאָענטע זיינע.

ער האָט זיין פּערזענלעכן פּיין און וויטאָג באַגראָבן טיף אין זיך. ער האָט אָבער ניט פאַרגעסן זיינע נאָענטע. זייער טויט האָט אים פאַרשאַפט ניט וויניק אומרואיקע מאָמענטן אין די שטילע שעהן פון דער נאַכט, ווען ער איז געווען מיט זיך אַליין. ניט איין מאָל זיינען גערונען טרערן פון זיינע אויגן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָדער גערעדט וועגן זיי. און ווי עס זעט אויס, האָט ער געהאַלטן אַז ער וועט טייער האַלטן דעם אָנדענק פון זיינע נאָענטע און ליבע מיט דעם, וואָס ער וועט זיך שטעלן ביי דער זייט פון דעם רעשטל ייִדן, אים העלפן קומען צו זיך און זען, ווי קליין זיי זאָלן ניט זיין אין צאָל, זיי זאָלן ניט פאַרבלייבן אַ צעשטויבטע מאַסע, נאָר זיך אָרגאַ־ניזירן אין געמיינדעס, כדי צו קענען העלפן איינער דעם צווייטן, כדי עס זאָל אויך זיין אַן אַדרעס, צו וועמען עס זאָל קומען די הילף פון אַמעריקע, און כדי אויך דאָס לעבן זייערס זאָל אָנגעפילט ווערן מיט אַן אינהאַלט. זיי זאָלן זיין פאַרבונדן מיט ייִדן איבער דער וועלט און זיך ניט פילן איינ־זאַם, פאַרלאָזן. זיי זאָלן קענען דערציען קינדער און אָנהאַלטן, אויף וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן, אַן אייגענעם לעבנס־שטייגער, אייגענע טראַדיציעס. אין זייער טרויעריק לעבן זאָלן אויך זיין מאָמענטן פון פרייד און יום־טוב.

זיי זאָלן ניט לעבן נאָר מיט ליידן און פּיין פון נעכטן און בענקעניש נאָך דעם אַמאָל. זיי זאָלן אויך טראַכטן וועגן אַ לעבן היינט און מאָרגן.

פּראָפעסאָר אַלבערט ווייס איז ניט געווען בלינד ניט צו זען, וואָס עס קומט פאָר אין דעם ייִדישן לעבן פון יוגאָסלאַוויע. ער האָט געזען פאַר זיך די פּלאָג פון געמישטע חתונות, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט ווי אַ וואָרעם אין ייִדישן לעבן און צעפרעסט עס. ער האָט אויך געזען ווי מער ווי אַ העלפט פון די איבערגעבליבענע האָט עמיגרירט קיין ישראל, אָבער ער איז געווען אַ גלייביקער. ער פלעגט אָפט זאָגן צו ייִדישע פאַרטרעטערס פון אויס־לאַנד: דער ייִדישער ישוב אין יוגאָסלאַוויע גייט ניט אונטער. ער וועט ווייטער לעבן, זאָל נאָר דאָס וועלט־ייִדנטום, באַזונדער דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום, אָן אים ניט פאַרגעסן, אים ניט פאַרלאָזן.

די אידיי פון פּראָפעסאָר ווייס און די אַנדערע, וואָס האָבן זיך גענומען אויפשטעלן אַ ייִדיש לעבן, איז געווען צו שאַפן אין ייִדישן ישוב פון יוגאָ־סלאַוויע אַ געמיינדע, וואָס זאָל באַזאָרגן די הילף־נויטן, די רעליגיעזע און וועלטלעכע אינטערעסן פון דעם ייִדן. די רעגירונג איז ניט געשטאַנען אין וועג. זי האָט די ייִדישע געמיינדעס אָנערקענט. אָבער זי קאָנטראָלירט זיי. דאָס ווערט ניט געטאָן אויף אַזאַ גראָבן און אָפענעם אופן ווי אין די אַנדערע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״, באַזונדער אין אונגאַרן. דאָך געפינען זיך אומעטום אייגענע פאַרטיי־מענטשן און, ווי געזאָגט, דער פאַרבאַנד פון די געמיינדעס און די איינצלנע געמיינדעס דאַרפן זיין געטריי דעם „נאַציאָנאַלן פראָנט״ פון דער רעגירונג.

# דאָס איצטיקע ייִדישע לעבן אין יוגאָסלאַוויע

**דער** פאַרבאַנד פון די ייִדישע געמיינדעס אין יוגאָסלאַוויע באַזאָרגט דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן, ער באַמיט זיך אָבער אויך צו באַפרידיקן אַלגעמיינע ייִדישע קולטור־נויטן. אין דער היג־זיכט העלפט אַ סך אַרויס די פינאַנציעלע שטיצע פון דער שילומים־קאָנ־פערענץ. דער פאַרבאַנד פירט אָן מיט יוגנט־און קינדער־קלובן אין פאַרשיי־דענע שטעט. ער זאָרגט אַז ייִדישע קינדער זאָלן, כאָטש איין מאָל אַ וואָך, קריגן אַ ייִדישע דערציאונג. ער פירט דורך לעקציעס און אַנדערע פּראָגראַמען פאַר דערוואַקסענע דורך זיינע ספּעציעלע קולטור־קלובן און פּרויען־אָרגאַ־ניזאַציעס. אין אַ ריי שטעט, צווישן זיי אין בעלגראַד, סאַראַיעוואָ און זאַגרעב, האַלט ער אויף ביבליאָטעקן. זומער פירט ער אויך דורך יוגנט אויסטויש־פּראָגראַמען מיט ישראל, איטאַליע, שווייץ און אַנדערע לענדער. עס עק־סעסטירן צוויי כאָרן, איינער אין בעלגראַד און דער צווייטער אין זאַגרעב.

ביידע כאָרן זײַנען שוין עטלעכע מאָל אויפגעטראָטן אין ישראל, בעלגיע, איטאַליע און לוקסעמבורג. זיי זינגען ישראל און יוגאָסלאַווישע לידער.

דער פאַרבאַנד פאַרנעמט זיך אויך מיט פאַרלעגערישע טעטיקייטן. ער גיט אַרויס, געוויינטלעך איין מאָל אין צוויי יאָר, דעם „יידישן אַלמאַנאַך", וואו עס קומען אַריין עסייען, דערציילונגען און לידער געשריבן פון יידן, אָדער אויף יידישע טעמעס, אַ פּעריאָדישע שריפט: „דער יידישער איבערבליק", וואו ס'ווערן געדרוקט באַריכטן וועגן די טעטיקייטן פון פאַרבאַנד און פון די יידישע געמיינדעס איבערן לאַנד און אַ יוגנט-זשורנאַל „קדימה". יעדע אויסגאַבע דרוקט זיך אין 3,500 עקזעמפּליאַרן. אויך גיט דער פאַרבאַנד אַרויס אַ יידישן לוח, אַלע אויסגאַבעס זיינען אין סערביש-קראָאַטיש. אין דער שפּראַך איז אויך אַרויס דובנאָווס איינבאַנדיקע געשיכטע פון די יידן. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס אין יוגאָסלאַוויע איז אַרויס אַ מאָדערנע יידישע געשיכטע. אויך האָט דער פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן אַ געשיכטע פון די יידן אין יוגאָסלאַוויע, אונטער דעם נאָמען: „יידן אין מאַקעדאָניע פון די רוימישע צייטן ביז נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה", געשריבן פון אַלכסנדר מאַרקאָווסקי. דער פאַרבאַנד טיילט אויך אויס פּריזן פאַר די בעסטע אַרבעטן אויף יידיש-ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס. עס ווערן שפּעטער דורכגעפירט, אַזוי ווי ביי אונדז אין אַמעריקע, ספּעציעלע אָוונטן אין כבוד פון די געווינערס, און זייערע ווערק ווערן אָפּגעדרוקט אין אַלמאַנאַך. פון 1954 אָן גיט די שילומים-קאָנפערענץ ספּעציעלע סטיפּענדיעס צו יוגאָסלאַווישע יידן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט יידישע פאָרשונגען און שטודיעס. די געווינערס פון די סטיפּענדיעס זיינען געוועזן היסטאָריקערס, אַרכעאָלאָגן און קאָמפּאָזיטאָרן. אַ טייל פון זיי האָבן זייערע שטודיעס דורכגעפירט אין ישראל, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער.

אין אַ ריי שטעט פירן די יידישע געמיינדעס פון יוגאָסלאַוויע דורך געזעלשאַפטלעכע סדרים און אויך פייערונגען לכבוד פורים, חנוכה און חמשה-עשר-בשבט.

ווי שוין אָנגעוויזן קען דער פאַרבאַנד דורכפירן זיינע טעטיקייטן אַ דאַנק דער ברייטער מיטהילף פון „דזשאָינט" און דער שילומים-קאָנפערענץ. עס העלפן אויך דעקן די אויסגאַבעס פּרייוויליקע ביישטייערן פון יוגאָסלאַווישע יידן, די איינגאַמע פון די פּובליקאַציעס און די הכנסה, וואָס דער פאַרבאַנד האָט פון פאַרקויפן, אָדער פאַרדינגען דאָס פאַרמלחמהדיקע אומבאַוועגלעכע אייגנטום פון די יידישע געמיינדעס.

אַ שווערע פּראָבלעם פאַר דעם פאַרבאַנד איז אויפצוהאַלטן די איבער הונדערט בית-עולמס איבערן לאַנד. עס איז אַ גרויסע פינאַנציעלע לאַסט פאַר אַזאַ קליינער יידישער באַפעלקערונג. אַחוץ דעם איז שווער אויפצוהאַלטן אַ בית-עולם דאָרטן, וואו עס זיינען שוין מער ניטאָ קיין יידן. איז פאַראַן אַ פּלאַן צו ליקווידירן אַ טייל בית-עולמס און טראַנספּערירן די קערפּערס אויף די בית-עולמס אין די שטעט, וואו עס פונקציאָנירן נאָך יידישע געמיינדעס

די רעגירונג האָט געהאָלפֿן צוריק אויפֿצושטעלן די היסטאָרישע שולן אין דובראָווניק און ספּליט און רעמאָנטירן די שולן אין בעלגראַד, סובאָ־טיטשאַ און נאָוויסאַד. אין סאַראַיעוואָ זיינען געווען דריי שולן. די אַלטע אַשכּנזישע שול, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער אַמאָליקער געטאָ, האָט די רעגירונג דערקלערט פֿאַר אַ נאַציאָנאַלן מאָנומענט. זי ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ היסטאָרישן און קולטור־מוזיי. די רעגירונג האָט געהאָלפֿן פֿינאַנציעל רעסטאַווורירן די שול. אַ צווייטע שול, גאָר אַ גרויסע, איז צוליב דער איצ־טיקער קליינער ייִדישער באַפֿעלקערונג, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַל־געמיינעם קולטור־צענטער. איז פֿאַר די ייִדן פֿאַרבליבן צו דאַוונען די דריטע שול, וואָס איז אויך די נייסטע.

אין די הערצער פֿון די וואָס האָבן זיך באמת צוריק אויפֿשטעלן אַ ייִדיש לעבן אין יוגאָסלאַוויע, כאָטש זיי זיינען געווען פֿול מיט גלויבן, פֿלעגט פֿון צייט צו צייט זיך אויך אַריינכאַפּן אַ צווייפֿל. אַזוי האָט פּראָפֿעסאָר אַל־בערט וויס, אין אַ געשפּרעך מיט אַ פֿאַרטרעטער פֿון אַ ציוניסטישער פּע־ריאָדישער שריפֿט אין לאָנדאָן צוגעגעבן, אַז עס קען אין יוגאָסלאַוויע ניט זיין קיין אמת ייִדיש לעבן ביי אַזאַ קליינער צאָל ייִדן. נאָר, האָט ער געזאָגט, די עקסעסטענץ פֿון אַ ייִדישער מדינה דערמאָנט אונדז, אַז מיר זיינען ייִדן? געפֿילן און אילוזיעס זיינען אַ קנאַפּער אָנהאַלט. זיי קענען ניט פֿאַרבייטן דאָס פּאַקטישע לעבן. זיי זיינען ניט קיין רעאַליטעט. איז געווען נאַטירלעך, אַז דער געדאַנק פֿון די ייִדישע פּירערס אין יוגאָסלאַוויע זאָל אויך גיין אין דער ריכטונג פֿון אויפֿשטעלן אַ מוזיי, וואָס זאָל דערציילן וועגן דעם רייכערן ייִדישן אַמאָל אין לאַנד, און אויך מאָנומענטן נאָך די פֿאַרפּייניקטע און אין קאַלך־אויוונס פֿאַרברענטע ברידער זייערע. זאָל כאָטש פֿאַרבלייבן אַ זכרון וועגן זיי אין אויסגעהאַקטן שטיין און זאָלן די מאָנומענטן וועקן דעם מענטש־לעכן געוויסן, אים ניט לאָזן איינשלאָפֿן. מען זאָגט, אַז זיבעצן מאָנומענטן אַזעלכע געפֿינען זיך איבערן גאַנצן לאַנד. די מערהייט זיינען אויף די ייִדישע בית־עלמינס. דאָרטן געפֿינען זיך אויך סימבאָלישע מאַסן־קברים פֿון די אומ־געקומענע. די אויפֿשריפֿטן אויף די מאָנומענטן זיינען געווייִנטלעך אין סערביש און העברעיִש.

דעם מוזיי האָט דער פֿאַרבאַנד אויפֿגעשטעלט אין בעלגראַד. ער באַ־שטייט פֿון דריי זאַלן און דערציילט דורך בילדער, חפצים, טאַבעלעס, די געשיכטע פֿון די ייִדן אין יוגאָסלאַוויע אין לויף פֿון צוויי טויזנט יאָר. איין צימער איז געווידמעט דער צייט פֿון דער דייטשישער אָקופּאַציע. אין מוזיי געפֿינען זיך זעלטענע ספרי־תורהס, פּרוכתן, תורה־קרוינען און גאָר אַלטע מגילות, צווישן זיי די באַרימטע מגילה פֿון סאַראַיעוואָ, וואָס איז געשריבן און אילוסטרירט געוואָרן אין 13טן יאָרהונדערט. אַ קליינער מוזיי איז אויך פֿאַראַן אין סאַראַיעוואָ. די יוגאָסלאַווישע רעגירונג האָט געהאָלפֿן דעם פֿאַר־באַנד מיט פֿינאַנציעלער אונטערשטיצונג אויפֿצושטעלן די מאָנומענטן און מוזייען.

יוגאָסלאַוויע איז געוועזן מיין לעצטע סטאַנציע אויף דער רייזע איבער די קאָמוניסטישע לענדער. ווען איך האָב געזען וואָס עס איז געשען מיט דעם אַמאָליקן בליענדיקן יידישן לעבן אין דעם לאַנד, איז ניט ווילנדיק ביי מיר אויפגעקומען די פראַגע: דערוואַרט ניט דער זעלביקער שיקזאַל די יידן אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער? דאָס ביסעלע יידן וואוינט ניט אויף איין אָרט. זיי זיינען צעשפרייט איבער אומגעפער 35 געמיינדעס. די מערהייט וואוינט אין דריי שטעט: 1,550 יידן וואוינען אין בעלגראַד; 1,400 — אין זאַגרעב, און 1,100 — אין סאַראַיעוואָ. די מגפה פון געמישטע חתונות האָט זיך אַריינגעכאַפּט פּאַקטיש אין יעדער פאַמיליע. מיט דעם טויט פון פּראָפעסאָר ווייס איז דער ישוב פאַריתומט געוואָרן. דער רעליגיעזער טייל פון דער באַפעלקערונג איז אָן אַ גייסטיקער פירערשאַפט. ס'איז געווען אַ רב אין גאָר טיפן עלטער אין בעלגראַד, איז ער געשטאָרבן. קיין אַנדער רב קען מען ניט קריגן. וועלכער רב וועט עס וועלן ווערן דער פאַסטעך פון אַזאַ קליינער, צעשפּרייטער טשערעדע? עס זיינען כמעט ניטאָ קיין כלי־קודש. זייער פונקציע פירן דורך, אויף וויפל זיי קענען נאָר, געוויינטלעכע יידן, אויב זיי פאַרמאָגן נאָר אַ ביסל לומדות.

זאָגט מיר אַ פרומער ייד אין בעלגראַד, וואָס אַלע זיינע קינדער האָבן חתונה געהאַט מיט גויים:

— וואָס דאַרף דער „דזשאָינט" אויסהאַלטן קינדער־גערטנער, שטיצן די כאָרן? אין די קינדער־גערטנער לערנען דאָך גויאישע קינדער. אַ העלפט פון די כאָרן באַשטייען דאָך פון גויים. זיי זינגען העברעישע לידער. איז וואָס איז דאָ דער גרויסער גליק? זאָל דער „דזשאָינט" אונדז באַזאָרגן מיט אַ רב. זאָגט עס זיי, ווען איר וועט צוריקקומען קיין אַמעריקע. אַ רב, שוחטים, רופט ער אויס אין פאַרצייפלונג, דאָס דאַרפן מיר! מיר וועלן אונטערגיין! — צעשרייט ער זיך.

עס איז וויכטיק צום שלוס צו פאַרצייכענען, אַז אַלע יידישע טעטיקייטן קענען אין יוגאָסלאַוויע געפירט ווערן אין די ראַמען נאָר פון דער געמיינדע, איבער וועלכער די רעגירונג האָט די אויפזיכט. קיין שום פּריוואַטע אָדער געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו, ווי אין די פרייע לענדער, ווערט ניט דער־לויבט. עס איז אויך וויכטיק צו געדענקען, אַז אין יוגאָסלאַוויע הערשט אַ דיקטאַטאָר מיט דער הילף פון אַ גוט־אָרגאַניזירטער פּאָליציי. יעדע מיי־נונג, וואָס שטימט ניט מיט דער אָפיציעלער, ווערט באַלד דערשטיקט. אָט האָבן מיר נאָר־וואָס, שבת, דעם 13טן מערץ, 1965, געלייענט אין ניו־יאָרקער ציַיטונגען, אַז מען האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן דעם שרייבער מיכאַילאָ מיכאַילאָוו, ווייל ער האָט נאָך אַ רייזע איבער רוסלאַנד דערציילט אין אַן אַרטיקל אין אַ זשורנאַל צו פיל סודות וועגן סטאַלינס צייטן. דעם נומער פון דעם זשורנאַל, וואו דער אַרטיקל האָט זיך געדרוקט, האָט די רעגירונג קאָנפיסקירט.

אַמאָליקע צייטן, ווען קיניגין האָבן געהערשט איבער דער וועלט, זיינען צווישן זיי געווען דעספּאָטישע אַליין־הערשערס און אויך גוטהאַרציקע. טיטאָ באַלאַנגט צו אָט דער לעצטער קאַטעגאָריע. אין אַ גרויסער מאָס איז עס צוליב דעם, ווייל ער הענגט אָפּ פון דער הילף פון די מערב־לענדער, מיר ייִדן דאַרפן אויך געדענקען, אַז אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט חברט זיך טיטאָ מיט נאַסערן.

# די משפּחה טאָלענטינאָ
# און די ייִדישע שול אין דובראָווניק

**וועגן** דער שיינער שטאָט דובראָווניק אין יוגאָסלאַוויע איז מיר שוין אויסגעקומען צו דערציילן.

די שטאָט האָט אויך אַ ייִדישע פאַרגאַנגענהייט און זי איז באַרימט מיט איר שול. אַ ייִדישע געמיינדע איז אין דובראָווניק אויפגעקומען אין יאָר 1352. דעמאָלט איז דובראָווניק געווען אַ זעלבשטענדיקע רעפּובליק. די דאָרטיקע ייִדישע געמיינדע, צוזאַמען מיט דער געמיינדע אין דער שטאָט ספּליט, זיינען די עלטסטע אין דער היינטיקער יוגאָסלאַוויע.

ייִדן האָבן אין דובראָווניק געוואוינט אין אַ קליינער געטאָ, גלייך אָן אַ זייט פון דער הויפּט־גאַס. אַמאָל האָט די גאַס זיך גערופן „די געטאָ־גאַס”. היינט רופט זי זיך ייִדישע גאַס.

פולע בירגער־רעכט האָבן די ייִדן געקראָגן אין יאָר 1806, ווען פראַנק־רייך האָט פאַרנומען די שטאָט. פון דעמאָלט אָן האָבן זיי געלעבט רואיק אין דובראָווניק ביז עס איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה, ווען דייטשן האָבן אויף זיי, ווי אויף אַלע ייִדן אין אייראָפּע, געבראַכט דאָס גרויסע אומגליק.

צווישן די ייִדן אין דובראָווניק האָבן געלעבט ניט נאָר גרויסע רבנים, עטלעכע אַפילו מיט אַ וועלט־נאָמען, נאָר אויך גרויסע פּערזענלעכקייטן אויפן געביט פון וועלטלעכן וויסן. אַזוי האָט דאָרטן געלעבט אין די יאָרן 1557־1561, אַ זייער אָנגעזעענער ייִד אין יענער צייט, יאַקאָבוס פלאַוויוס. ער איז געווען אַ לערער פון קלאַסישע שפּראַכן און ליטעראַטור און איז געווען גוט באַקאַנט ווי אַ לאַטייניישער פּאָעט אונטערן נאָמען דידאַקוס פּירהוס. ער איז געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו אויף דעם בית־עולם פון דו־בראָווניק.

אַ צווייטע ביז גאָר אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין דובראָווניק, צווישן די יאָרן 1555־1558, איז געווען דזשואַן ראָדריגאָ דע קאַסטעלבראַנקאָ. דער וועלט איז ער געווען באַקאַנט אונטער דעם פּסעוודאָנים אַמאַטוס לוסיטאַנוס. ער איז געווען אַ באַרימטער כירורג

און באַטאַניקער. זיינע מעדיציניסשע אַרבעטן האָבן זיך געדרוקט אין איטאַ־ליע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און שפּאַניע. זיינע אַרבעטן וועגן די בלוט־אַרטעריעס האָבן פּאַקטיש צוגעגרייט די דערפינדונגען פון דעם באַרימטן בריטישן דאָקטער, ווילִיאַם האַרווי, וועגן די פונקציעס פונעם האַרץ און דער בלוט־צירקולאַציע, וואָס זיינען היינט אַלגעמיין באַקאַנט. ווי אַ דאָק־טער, איז ער געווען אַזוי באַרימט איבער דער וועלט, אַז מען האָט אים עטלעכע מאָל גערופן צום קראַנקן־בעט פון פּויפּסט יוליוס דעם דריטן. דאָס האָט ניט געשטערט אַ צווייטן פּויפּסט מיט יאָרן שפּעטער צו קאָנפיסקירן דעם ייִדישן דאָקטערס גאַנץ פאַרמעגן, ווייל ווי אַ מאַראַן — אַ באַהאַלטענער ייִד — האָט ער אָפּגעוויכט פון „אמתן גלויבן”. אין יאָר 1546 האָט מען אים פאַרגעלייגט צו ווערן דער פּערזענלעכער דאָקטער פון דעם פּוילישן קיניג זיגמונט דער צווייטער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם.

אַמאַטוס לוסיטאַנוס איז געבוירן געוואָרן אין פּאָרטוגאַל ביי אַ משפּחה פון מאַראַנען. ער האָט אָבער מיט דער צייט פאַרלאָזן פּאָרטוגאַל. ווי ביי אַנדערע גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשטאַמט פון מאַראַנען, האָט אין אים געלעבט אַן אומרואיקער גייסט. ער האָט אין ערגעץ ניט געקענט געפינען קיין רו. ער איז געווען אין דער קריסטלעכער וועלט, אָבער זי איז אים געווען פרעמד. אין 1555 האָבן אין דער שטאָט אַנקאַנאַ, אַ פּאָרט אין מזרח־טייל פון איטאַליע, זיך אָנגעהויבן פאַרפאָלגונגען אויף מאַראַנען. איז ער דעמאָלט אַוועק קיין דובראָווניק, וואו ער איז אָפן אַריבער צום ייִדישן גלויבן. ער איז אַלט געווען 46 יאָר. אין 1559 איז ער אַוועק קיין סאַלאָניקי, וואו ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 57 יאָר.

אַזוי זעען מיר אַז ייִדן, וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען, האָבן ניט אויפ־געהערט לערנען, ווייטער ציען דעם פאָדעם פון תורה. אומעטום זיינען אין דער ייִדישער סביבה אויפגעקומען שעפערישע פּערזענלעכקייטן. ייִדן האָבן זיך אויך קיין מאָל ניט אָפּגעריסן פון דער אַרומיקער וועלט און פון דער אַרומיקער קולטור. זיי האָבן זי תמיד באַרייכערט מיט אַ ברייטער האַנט. עס איז אויך צו באַוואונדערן די איינגעשפּאַרטקייט פון די מאַראַנען, זייער געטריישאַפט צו דער ייִדישער אמונה, כאָטש גייסטיק זיינען זיי שוין אין אַ סך פּרטים געווען פאַרבונדן מיט דער ניט־ייִדישער וועלט. דער דאָזיקער שטריך איז ביי ספרדישע ייִדן, וואָס גאָר אַ סך פון זיי שטאַמען אָפּ פון מאַראַנען, פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג. יעדנפאַלס ביי די וואָס האָבן זיך ניט פולשטענדיק אַסימילירט אין דער אַרומיקער וועלט.

אין 1962 איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין ליסאַבאָן. האָט מען מיר געזאָגט, אַז אויב איך וויל זיך באַקענען מיט דעם פירער פון דער דאָרטיקער ייִדישער געמיינדע, זאָל איך זיין גאָר פרי ביים דאַווענען אין דער ספרדישער שול. בין איך אין אַ וואָכן־טאָג אַוועק אין שול צום „ערשטן מנין”. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער הויפּט פון דער געמיינדע איז אַן אָנגעזעענער פּראָפעסאָר פון

עקאָנאָמיק און רעקטאָר פון אַן אוניווערסיטעט אין ליסאַבאָן. זיין נאָמען איז משה בן שבת אַמדאַלאַק. יעדן פרימאָרגן, איידער ער גייט אין אוניווער־סיטעט, קומט ער אין שול דאַווענען.

ער האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אַהיים. אַ זייער אינטערעסאַנטע שטוב; באַזונדער איר ביבליאָטעק. איך האָב דאָרטן געפונען ביכער אין שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש און ענגליש. העברעיִשע ביכער און ספרים, אַ גאַנג משניות און אַ ש״ס (שאַס). אויך די ענגלישע אוניווערסאַלע ייִדישע ענציקלאָפּעדיע און ביכער וועגן יודאַאיסטיק אין ענגליש. אָפּגערעדט פון ביכער אין עטלעכע שפּראַכן אין עקאָנאָמיק, סאָציאָלאָגיע און ליטעראַטור.

קוקנדיק אויף דער ביבליאָטעק, בין איך געבליבן געפּלעפט. עס איז מיר קיין מאָל ניט איינגעפאַלן אַז ביי אַ רעקטאָר פון אַן אוניווערסיטעט, דערצו נאָך אין ליסאַבאָן — מעג ער אַפילו זיין אַ ייִד — וועל איך געפינען ייִדישע ספרים און אַ ש״ס. מיין גאַסט־געבער האָט באַמערקט מיין נייגיר (ווי האָט ער עס ניט געקענט באַמערקן? מיינע אויגן האָבן זיך ממש ניט געקענט אָפּרייסן פון דער ביבליאָטעק). האָט ער מיר דערציילט, אַז ער שטאַמט פון אַן אַלטער און אויך רייכער ייִדישער משפחה אין פּאָרטוגאַל. זיין פאָטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַן אַלט־איינגעזעסענער ייִדישער משפחה אין ענגלאַנד.

דער פּראָפעסאָר האָט זיין בילדונג געקראָגן פריער אין פּאָרטוגאַל, דער־נאָך אין אַן אוניווערסיטעט אין ענגלאַנד. ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל, האָט דער פאָטער געבראַכט פון פּוילן אַ מלמד אויף צו לערנען מיט אים ייִדישקייט. דער רבי האָט זיך שוין דאָרט באַזעצט אויף שטענדיק און גע־לערנט מיט ייִדישע קינדער.

— און דעריבער — זאָגט ער צו מיר — וואונדערט זיך ניט וואָס איר געפינט ביי מיר ייִדישע ספרים. נאָך מער, איך לערן יעדן טאָג אַ בלאַט גמרא.

לכבוד מיר האָט דער פּראָפעסאָר פאַרבעטן נאָך געסט, פאַרטרעטערס פון דער ייִדישער געמיינדע, געסט פון פראַנקרייך, אַמעריקע און ישראל. אַלע אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייטן. פון זיי אַלעמען האָט אַרויסגעשיינט מיט ייִדיש וויסן און ייִדישער חכמה דער פּראָפעסאָר אַליין. די באַגעגעניש מיט דעם פּראָפעסאָר איז איינע פון יענע וואָס לאָזט איבער אַן איינדרוק אויף לאַנגע יאָרן.

אויף מיינע רייזעס האָב איך זיך ניט איין מאָל אָנגעשטויסן אויף ספרדי־שע ייִדן וואָס זיינען רייך מיט אַלגעמיינעם און ייִדישן וויסן. אינטערעסאַנט איז געווען מיין באַגעגעניש מיט די ברידער עמילאָ און אַבראַם טאָלעב־טינאָ, די וואָס היטן אָפּ די שול אין דובראָווניק. די שול איז איינע פון די עלטסטע ניט נאָר אויף די באַלקאַנען, נאָר אויך אין אייראָפּע. די גאָר עלטסטע שול איז געווען אין וואָרמס, דייטשלאַנד, וואָס די דייטשן האָבן פאַרברענט. די צווייטע עלטסטע שול איז די אַלט־נייַע אין פּראַג, און די דריטע אין דובראָווניק. זי איז אויפגעקומען אין אָנהייב פון פערצנטן יאָר־

הונדערט. איר איצטיקן אויסזען האָט זי געקראָגן אין 1652. פון דרויסן זעט די שול ניט אויס אַנדערש ווי יעדע געבײַדע אין דובראָווניק. זי איז איינע פון די געווייִנטלעכע געבײַדעס אויף דער „ייִדישער גאַס". די פענצ־טער פון דער שול זײַנען אין גאָטישן סטיל; דער סטיל וואָס איז געווען פּאָפּולער אין אייראָפּע צווישן 12טן און 16טן יאָרהונדערט. דער אינעווייניק פון דער שול איז, דער עיקר אין באַראָקישן סטיל, דער סטיל וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין איטאַליע אין 16טן יאָרהונדערט.

די שול איז אַ לענגלעכער זאַל, צעטיילט אין דריי טיילן דורך געוועלבטע באַלקנס. די ווענט זײַנען באַדעקט מיט שוואַרצן האָלץ. דער סופיט איז געמאָלן העל־בלוי, מיט גאָלדענע שטערן. פון אים הענגען אַראָפּ אַנטיקע מעשענע פלאָרענטינע קאַנדעליאַברעס. ביי דער הינטערשטער וואַנט פון דער שול איז אָוועקגעשטעלט אַ מין פּלאַטפאָרם פאַר די פרויען. מען קען אויך זען אויף בײַדע זײַטן ווענט הילצערנע שטאַכעטן, דורך וועלכע פרויען פלעגן אַמאָליקע צײַטן אַרײַנקוקן אין שול. דער אַרײַנגאַנג צו דער שטאַ־כעטן־אָפּטיילונג האָט געפירט פון דער דירה, וואו עס וואוינט שוין יאָר־הונדערטער ביז היינט־צו־טאָג די טאַלענטינאַ פאַמיליע.

איינער פון די וויכטיקסטע אוצרות, וואָס די שול פאַרמאָגט איז אַ גאָר פּרעכטיקער מורישער טעפּעך פון 13טן יאָרהונדערט. אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען ימים־נוראים אים אויפהענגען פאַרן אָרון־קודש. דער טעפּעך איז אַן אויסטערליש שיין קונסטווערק. די בלומען־צייכענונגען אויף זײַן טונקעלן הינטערגרונט שימערן מיט ברילִיאַנטענע פאַרבן. די לעגענדע וויל האָבן, אַז דער טעפּעך איז געווען אַ מתנה פון דער קיניגין איזאַבעל — די וואָס האָט באַזונדער געשטויסן מען זאָל פאַרטרייבן די ייִדן פון שפּאַניע — צו איר פערזענלעכן ייִדישן דאָקטער, ווען ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אין דער שול געפינען זיך אויך נאָך אַנדערע קינסטלעריש אויסגעהעפטע טעקסטיל־געוואַנטן. באַזונדער פּרעכטיק און אויך אַלט זײַנען די מעשענע און זילבערנע חפצים וואָס געפינען זיך אין שול.

אין צענטער פון שול שטייט די בימה — אַ דעליקאַט אויסגעשניצט קונסט־ווערק. אין דעם אָרון מיט זײַנע הילצערנע קינסטלעריש־אויסגעשניצ־טע זײַלן געפינט זיך די ספר־תורה וואָס די פאַמיליע טאַלענטינאַ האָט גע־בראַכט פון שפּאַניע, ווען זי האָט צוליב די רדיפות אויף ייִדן פאַרלאָזן אין 14טן יאָרהונדערט די שטאָט טאָלעדאָ. זי איז געשריבן אויף לעדער און אויף איר איז אַרויפגעטאָן אַ רייך אויסגעהעפּט תורה־מענטעלע. מיט שטאָלץ ווייזן די ברידער טאַלענטינאַ זייער משפחה־עמבלעם און נאָמען, וואָס איז אויס־געקריצט אויף די הענטלעך פון דער ספר־תורה.

אָט די משפחה לעבט שוין זעקס הונדערט יאָר אין דער דירה גלײַך לעבן דער שול. אין די אַלע יאָרן איז אין דער פאַמיליע איבערגעגאַנגען פון דור צו דור דער אָנזאָג אָפּצוהיטן די שול. דער אָנזאָג איז ביי אַלעמען גע־ווען הייליק. ווען מען האָט געוואוסט אַז די דײַטשן וועלן אין גיכן פאַרנעמען

דובראָווניק, האָט די טאָלענטינאָ־פאַמיליע מיט דער הילף פון ניט־ייִדן באַהאַלטן אַלע אוצרות פון דער שול צוזאַמען מיט דער בימה און אָרון־קודש.

פאַר דער מלחמה האָבן אין דובראָווניק געוואוינט 200 ייִדישע פאַמיליעס. איצט געפינען זיך דאָרטן 17 ייִדן — 10 פרויען און 7 מענער. די טאָלענטינאָ־פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 10 ברידער און 4 שוועסטערס. געבליבן לעבן זיינען נאָר די צוויי ברידער — עמילאָ און אַבראַם — און צוויי שוועסטערס. איין שוועסטער איז אַוועק קיין ישראל. זי האָט ניט געוואָלט מער לעבן אין אייראָפּע. די פאַרבליבענע מיטגלידער פון דער פאַמיליע האָבן די ערשטע זאַך, מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט״ און אויך פון דער רעגירונג, צוריק אויפגעשטעלט די שול.

ווען איך האָב ביי די ברידער געפרעגט, פאַרוואָס פאַרבלייבן זיי אין אַ שטאָט, וואָס איז אויסגעליידיקט פון ייִדן; פאַרוואָס עמיגרירן זיי ניט קיין ישראל? — איז געקומען דער ענטפער:

ווער וועט אַכטונג געבן אויף דער שול? ווער וועט זי אָפּהיטן?

און די ברידער היטן טאַקע אָפּ די שול ווי מען היט אָפּ אַן אייגן קינד.

פינאַנציעל האַלטן אָבער אויס די שול, דער עיקר, אַמעריקאַנער און ענגלישע ייִדישע טוריסטן. דער שם פון דער שול איז פאַרשפּרייט ווייט און ברייט. יעדער אַמעריקאַנער טוריסט ווייסט וועגן איר און, ווען ער קומט אין דובראָווניק, גייט ער באַלד זי זען. ער איז אויך ברייטהאַרציק אין שטיצן די שול. די געשיכטע וואָס די ברידער טאָלענטינאָ דערציילן, רירט און פאַרכאַפּט יעדער איינעם. עס דערגייט צו ייִדישע הערצער. אין דעם בוך פאַר די באַזוכערס געפינט איר נעמען פון באַרימטע אַמעריקאַנער ייִדישע פערזענלעכקייטן.

די געטריישאַפט פון דער פאַמיליע טאָלענטינאָ צו דער שול און ייִדישע הייליקייטן אין לויף פון הונדערטער יאָרן ביז היינט איז באמת פּאַטעטיש. מען איז געלאָפן פון די פייערן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און געראַטעוועט ניט נאָר דעם אייגענעם נפש, נאָר אויך ייִדישע הייליקייטן. ווי נאָר מען קומט אין אַ רואיק אָרט, בויט מען אַ שול, כדי אָנצוהאַלטן וויטער אַ ייִדיש לעבן. עס דערנענטערן זיך די דייטשישע האָרדעס, און דער ערשטער געדאַנק איז: ווי אַזוי ראַטעוועט מען די ספרי־תורות, ייִדישע הייליקייטן. קען דען זיין אַ מער רירנדיקע מעשה, וואָס זאָל אַריינדרינגען אין אייער נשמה?

## באַגעגענישן און שמועסן

**ביי** אַמעריקאַנער ייִדישע טוריסטן,
ווען זיי זיינען ווייט פון דער היים, וועקן זיך אויף ייִדישע געפילן. מען זוכט אין דער פרעמדער וועלט זיך צו באַקענען מיט ייִדן, און מען דער־

פרייט זיך יעדער מאָל, ווען מען דערזעט אַ ייִדן. גאַנץ אָפט טרעפן איך בליקן וואָס פרעגן: זייט איר אַ ייִד? אָדער איר הערט ווי מען דערלאַנגט איך אַ זאָג: וואָס מאַכט אַ ייִד?

ווען מען קומט אין אַן אייראָפּעאישער שטאָט, נעמט מען זיך באַלד נאָכפרעגן, צי עס איז אין דער שטאָט פאַראַן אַ ייִדישער קוואַרטאַל, אָדער ווי מען דריקט זיך אָפּט אויס, אַ „ייִדישע געטאָ". ייִדן, וואָס אין אַמעריקע האָבן זיי קיין מאָל ניט אַריינגעשמעקט אין אַ שול, ווען זיי קומען אין דער פרעמד, ווילן באַלד וויסן, וואו עס געפינט זיך די סינאַגאָגע. מען ווערט מיט אַמאָל וואַרעמע ייִדן. אָדער, אפשר איז עס צוליב דעם, וואָס אין די קינדער־יאָרן האָבן זיי ביי זיך אין שטוב געהערט פון טאַטע־מאַמע אַזוי פיל רעדן וועגן דער „אַלטער היים", דערצו נאָך מיט אַ סך וואַרעמקייט און בענקשאַפט, אַז זיי ווילן די „אַלטע היים" זען מיט די אייגענע אויגן.

אין רעסטאָראַן פון האָטעל אין דובראָווניק, יוגאָסלאַוויע, זיצט ביי אַ טישל לעבן אונדז אַ מיטליאָריקע פּאָר. ביידע מיט אָנגענעמע סימפּאַטישע געזיכטער. זיי קוקן אויף אונדז, מיר אויף זיי. מיר האָבן קעגנזייטיק דער־פילט, אַז מיר זיינען ייִדן (מסתמא האָבן דאָס אויך עדות געזאָגט די פּנימער). צום סוף ווענדט זיך דער מאַן צו אונדז מיט דער פראַגע:

— מיר האָבן געהערט, אַז אין דובראָווניק איז פאַראַן אַ זייער אַלטע און אינטערעסאַנטע ייִדישע שול. קענט איר אונדז זאָגן, וואו זי געפינט זיך?

אַזוי ווערט געשלאָסן באַקאַנטשאַפט. מען פאַרברענגט שפּעטער צוזאַמען און יעדערער דערציילט וועגן זיינע דערפאַרונגען און איבערלעבונגען.

מיר געפינען אויס, אַז דער מאַן (מיר וועלן אים באַצייכענען מיטן נאָמען הורוויץ) איז אַ פּראָפעסאָר אין אַ גאָר גרויסן אוניווערסיטעט אין איינעם פון די מזרח־שטאַטן. ער איז דער הויפּט פון דעפּאַרטמענט פאַר סאָ־ציאַלער פּסיכאָלאָגיע. זיין פרוי — זי זעט אויס פיל ייִנגער פון איר מאַן — אַ סאָציאַלער אַרבעטער.

מיר דערציילן זיי, אַז אויך אונדזער זון האָט שטודירט סאָציאַלע פּסי־כאָלאָגיע און ער לערנט אין אוניווערסיטעט פון מישיגען.

— יאָ, זאָגט דער פּראָפעסאָר, איצט זיינען גאָר אַנדערע צייטן. אַמע־ריקע באַציט זיך אַנדערש צו דעם ייִדן און דער ייִד איז אויך אַן אַנדערער. אין מיינע צייטן, ווען איך האָב פאַרענדיקט קאָלעדזש — דאָס איז געווען אין יאָר 1931 — אין אַ שטאָט פון דער וועסט (מערב), האָט אַ ייִד ניט אַרויסגעשטעלט צו פיל זיין ייִדישקייט. ער האָט געזוכט עס צו באַהאַלטן. אַ ייִדן איז אויך שווער געווען צו קריגן אַ שטעל אין אַן אוניווערסיטעט. איצט האָט זיך אַלץ געביטן.

און ער דערציילט אַז אים איז ניט לאַנג צוריק אויסגעקומען צו געבן די סטודענטן אַ שריפטלעכע אַרבעט, אין וועלכער זיי האָבן געדאַרפט עפּעס

שרייבן וועגן זייער אייגן לעבן. איז יעדער ייִדישער סטודענט האָט ניט נאָר ניט באַהאַלטן זיין ייִדישקייט, נאָר פאַרקערט עס אַרויסגעשטעלט.

ער דערציילט אונדז אויך, אַז ער אַליין איז אַ מיטגליד אין אַ סינאַגאָגע, און ניט צוליב דעם, ווייל ער איז אַ רעליגיעזער ייִד, נאָר ער זעט ניט קיין אַנדער אופן ווי זיך צו אידענטיפיצירן אַלס ייִד.

זיין פרוי שאָקלט צו מיטן קאָפּ און גיט צו:

— אונדז איז באַקאַנט דער אַרבעטער־רינג. מיר ווייסן אַז עס זיינען פאַראַן אַרבעטער־רינג קינדער־שולן. אָבער ביי אונדז איז ניטאָ אַזאַ שול. מיר שיקן די קינדער אונדזערע אין דער קאָנגרעגאַציע־שול. אַ ייִדיש קינד דאַרף קריגן אַ ייִדישע דערציאונג, וועלכע עס זאָל ניט זיין.

מיגלעך אַז דאָס דערמאָנען די אַרבעטער־רינג־שול איז געווען ניט מער ווי אַ העפלעכקייט. האָב איך דאָך זיי אויך דערציילט וועגן זיך. דאָך האָט מיך געשמייכלט צו הערן אַז צוויי אינטעליגענטע אַמעריקאַנער ייִדן, וואָס זייערע עלטערן זיינען קיין מיטגלידער אין אַרבעטער־רינג ניט געווען, זיינען באַקאַנט מיט דעם אַרבעטער־רינג און די שולן זיינע.

אין לויף פון די געשפרעכן, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו פירן מיט דעם פּראָפעסאָר, האָט ער אונדז דערציילט אַ מעשה, וואָס האָט אַן אַלגע־מיינעם אינטערעס, באַזונדער פאַר אַ ייִדן.

אין דעם אוניווערסיטעט, וואו ער אַרבעט, איז געווען באַשעפטיקט אַ פּראָפעסאָר, אַ ייִד, וואָס האָט זיך דערוואָרבן גאָר אַ גרויסן נאָמען ווי אַ פיזיקער. געשטאַמט האָט ער פון אַן אַלט־איינגעזעסענער ייִדיש־דייטשישער משפּחה. ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, איז ער נאָך וואַנדערונגען איבער פאַרשיידענע לענדער ענדלעך אָנגעקומען אין אַמעריקע. דאָ האָט מען שטאַרק אָפּגעשאַצט זיין גרויס וויסן. צווישן פּראָפעסאָר הורוויץ און דעם געלערנטן האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָענטע פריינדשאַפט.

איז ביי דעם געלערנטן געווען אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך זיין אַלטער היים: דייטשלאַנד. זיין חלום איז געווען, אַז ווען עס וועט קומען די צייט, ווען ער וועט אויף דער עלטער פּענסיאָנירט ווערן, וועט ער זיך צוריק באַזעצן אין דייטשלאַנד.

טרעפט אַז אונדזער רעגירונג דאַרף צוליב אַ געוויסן פּראָיעקט שיקן אויף אַ פּאָר יאָר קיין דייטשלאַנד אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלייט. איז ווער זשע קען זיין אַ בעסערער קאַנדידאַט ווי אונדזער געלערנטער? ער באַהערשט דאָך פריי די דייטשישע שפּראַך. ווען דער געלערנטער האָט געהערט, אַז מען שיקט אים קיין דייטשלאַנד, איז זיין פרייד געווען גאָר גרויס. אין אָנהייב האָט פּראָפעסאָר הורוויץ געקראָגן פון דעם געלערנטן באַגייסטערטע בריוו. אָבער שפּעטער האָט ער געקומען שרייבן, אַז ער וואָלט געוואָלט דער פּראָיעקט זאָל זיך שוין פאַרענדיקן, און ער זאָל שוין זיין צוריק אין אַמעריקע.

— אויף מיין איצטיקער רייזע, דערציילט פּראָפעסאָר הורוויץ, האָב איך מיך געטראָפן מיט מיין פריינד אין לאָנדאָן, און מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג. איך האָב, זאָגט ער, פון מיין פריינד געהערט אַ טרויעריקע געשיכטע.

אַזוי ווי אויסערלעך האָט ער אויסגעזען ווי אַ דייטש, זיין נאָמען איז אויך געווען אַ דייטשישער און גערעדט האָט ער אַ פּערפעקטן דייטש ווי אַלע „אַרישע" דייטשן — האָבן זיי ניט געוואוסט, אַז ער איז אַ ייִד. האָט מען צו אים גערעדט אָפן, ווי מען רעדט צו אַן אייגענעם. און אַלע רייד פון די דייטשן זיינען געווען פול מיט פיינדשאַפט צו ייִדן. אפשר איז היטלער געווען צו ברוטאַל — האָט מען גערעדט — אָבער גוט וואָס דייטשלאַנד האָט זיך באַפרייט פון דעם ייִדן, וואָס האָט אונדז נאָר געבראַכט אומגליקן. אין די רייד איז אויך געקומען צום אויסדרוק גרויסע אומצופרידנקייט, וואָס עס הערן ניט אויף די פּראָצעסן קעגן די נאַצי־פאַרברעכערס.

און רעדנדיק וועגן זיינע טרויעריקע דערפאַרונגען און איבערלעבונגען אין דייטשלאַנד, האָט מיין פריינד — אַזוי דערציילט פּראָפעסאָר הורוויץ — אין אַ געוויסן מאָמענט אַרויסגענומען זיין אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט, עס גענומען דריקן צו זיך און מיט טרערן אין די אויגן אויסגערופן:

— ווי גליקלעך איך בין, וואָס איך האָב דעם פּאַס און גליקלעך וועט זיין דער מאָמענט ווען מיינע פיס וועלן ווייטער טרעטן אויף אַמעריקאַנער ערד.

***

דער פּראָפעסאָר הורוויץ איז פאַרשטייט זיך געווען זען די שול אין דובראָווניק, זי האָט געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט אויך מיטגעבראַכט מיט זיך אַ סואווועניר: אַ געדרוקט בוך מיט די נעמען פון סערבישע ייִדן, וואָס היטלער האָט פאַרטיליקט. דאָס דאָזיקע בוך, האָט ער אונדז געזאָגט, וועט מיר זיין הייליק. איך וועל עס ווייזן מיינע קינדער. זאָלן זיי וויסן, וואָס היטלער האָט געטאָן צו ייִדן. איך וועל עס אָפּהיטן ווי דעם טייערסטן אוצר.

# אינהאַלט:

## דאָס לעבן אין די פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס



## מיט ייִדן אין די פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס

## פֿון דעם זעלביקן מחבר

אַ באַזוך אין סאָוועט־רוסלאַנד, 1962

פּון פּרצעס אוצר

(פּרץ־אַנטאָלאָגיע) 1952

היסטערישער נאַציאָנאַליזם

(וועגן בוך „עקזאָדוס”) 1959

